# ISRAEL—THE ETERNAL MARVEL

*(With the Fifth Histadrut Folk-Delegation)*

By

**ALEXANDER SHAPIRO**

*Published by:*

NATIONAL COMMITTEE FOR LABOR ISRAEL

NEW YORK

1953-1963

# ישראל

## דער אייביקער חידוש

מיט דער פינפטער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע

פ ו ן

**אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ**

אַרויסגעגעבן פון

געווערקשאַפטן קאַמפּיין פאַרן אַרבעטנדיקן ישראל

ניו־יאָרק 1953-1963

# אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ'ס ביכער

פון יוסף שלאָסבערג

מיט פיל פאַרגעניגן באַגריס איך דעם מחבר פון די ביכער, אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ. איך געדענק זייער גוט די פּעריאָדע פון די ערשטע הסתדרות טוריסטן. אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ, ווי איינער פון זיי, האָט פאַראייביקט אין שריפט די איבערלעבונגען פון יענער צייט.

דאָס ערשטע בוך, „אַ חודש אין ישראל", איז דערשינען אין 1950; דאָס צווייטע בוך, „אַ פאָלק ווערט באַנייט", אין 1952; און איצט קומט דאָס דריטע בוך, „ישראל — דער אייביקער חידוש".

הסתדרות טוריסטיק האָט זיך אָנגעהויבן מיט 15 יאָר צוריק. דאָס איז געווען אַ נייעס. דער אָרגאַניזאַטאָר און אַרכיטעקט דערפון איז געווען מיין ליבער פריינט יצחק פייגענבוים. עס איז געווען אַ פּיאָנערישע אונטערנעמונג פון גרויס געוואַגטקייט. ער האָט עס דורכגעפירט אויף אַ גלענצענדן אופן. ער האָט געוואונען דעם צוטרוי און די דאַנקבאַרקייט פון אַלע פּאַסאַזשירן. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון הסתדרות טוריזם נאָך ישראל.

די מדינה איז געווען ניי, יונג, ערשט צוויי יאָר אַלט. יעדער איד האָט מיט אומגעדולד געהאָפט אויף אַ באַזוך אין ישראל.

עס זיינען אָנגעקומען מאַסן אידן פון די הינטערשטעליקע, אָריענטאַלישע לענדער. זיי זיינען געווען אַנדערש אין זייער לעבנסשטייגער און אין אַנדערע הינזיכטן פון די מזרח־אייראָפּעאישע אידן, די בויער פון דער מדינה.

אָריענטאַלישע אידן זיינען געקומען פון לענדער וואָס זיינען געווען מיט הונדערטער יאָרן הינטערשטעליק לגבי אייראָפּעאישע לענדער. זיי האָבן זיך ערשט געדאַרפט באַקענען מיט דעם אידנטום פון דער מאָדערנער צייט, די גרעאַטעוועטע פון דער היטלער קאַטאַסטראָפע אין אייראָפּע. דאָס האָט אַרויפגעלייגט אויף דער יונגער מאַטעריעל־אָרימער אידישער מדינה אומגעהויערע שוועריקייטן.

פאַר די אָריענטאַלישע אידן זיינען די אייראָפּעאישע אידן געווען ווי אַ פרעמדע ראַסע. זיי האָבן גערעדט אַנדערע שפּראַכן, האָבן געהאַט אַנדערע באַשעפטיקונגען, האָבן פאָרגעשטעלט מיט זיך דעם אידישן פּאַרלאַמענט, די געזעצמאַכער, און די אידישע רעגירונג. די נייע רעגירונג האָט זיך געניוויטיקט אין דער העכסטער מדרגה פון מאָדערנע קענטשאַפטן. די אָריענטאַלישע אידן האָבן די אַרבעטן ניט געקענט טאָן. זיי זיינען ניט געווען געוואוינט אַז זייערע יונגע קינדער זאָלן מוזן גיין אין די פאָלקס־שולן. פאַר אַ סך פון זיי איז דאָס געווען אומפאַרשטענדלעך.

מיר, דאָ אין אַמעריקע, זיינען גוט באַקאַנט מיט דער טראַגיק פון ראַסן־סעגרעגאַציע, וואו ווייסע מענטשן פאַרפאָלגן די שוואַרצע. אין ישראל איז עס געווען פונקט פאַרקערט. די אָריענטאַלישע אידן האָבן, צו אונזער באַדויערן, צו בכיוון אָנגעהאַלטן זייער סעגרעגאַציע פון די אייראָפּעאישע. די אַזוי גערופענע ווייסע ראַסע, די אייראָפּעאישע אידן, האָבן געשטרעבט צו ברענגען די אָריענטאַלישע אידן נאָענט צו זיך און אינטעגרירן זיי אין דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג. עס איז ווי די אָריענטאַלישע אידן וואָלטן געזאָגט צו די אייראָפּעאישע אידן: „איר זייט אַנדערש פון אונז, אייער הויט איז ווייס, איר רעדט אַנדערע לשונות, איר מאַכט די געזעצן, איר פירט די רעגירונג, איר זייט קלוג, געבילדעט, איר

ווייסט ווי צו טאָן די אַלע וואונדערלעכע זאַכן וועלכע מיר קאָנען ניט פאַרשטיין. עס איז ניטאָ קיין נאָענטקייט צווישן אייך און אונז", און עס איז ווי די אײראָפּעאישע אידן וואָלטן געזאָגט צו די אָריענטאַלישע: „מיר ווילן אייך אויסלערנען צו טאָן דאָס וואָס מיר טוען. מיר ווילן אַז איר זאָלט אויך אַריינקומען אין אונזערע געזעצגעבנדע קערפּערשאַפטן און העלפן מאַכן די געזעצן און נעמען אַן אָנטייל אין דער רעגירונג. לאָזט אונז העלפן אייך; עס וועלן קומען בעסערע צייטן, עס וועלן זיין בעסערע דירות; מיר ווילן, אַז איר זאָלט אַרבעטן צוזאַמען מיט אונז, ניט זיין אָפּגעזונדערט. איר געהערט צום אידישן פאָלק, אַזוי ווי מיר. איר האָט געלעבט אונטער אומגליקלעכע אומשטענדן, אָבער איצט, זייט איר אין אַ פרייער אידישער מדינה, איר זייט אונזערע ברידער". עס איז ניט געווען לייכט זיך צונויפרעדן. אָבער פאָרשריט איז געמאַכט געוואָרן.

די אידישע מדינה איז אַנדערש ווי אַלע אַנדערע ניי־אויפגעקומענע מדינות. אידן האָבן געמוזט קומען פון אויסלאַנד אויפצובויען אידישע זעלבסטשטענדיקייט אין דער אַלטער אידישער היים. און אַזוי איז דער אידישער פּאַרלאַמענט אַנדערש ווי אין אַלע אַנדערע לענדער, און אויך די אַרבעטער באַוועגונג. די הסתדרות איז געווען דער הויפּט כוח אין אויפבויען דאָס לאַנד איידער די מדינה איז צושטאַנד־געקומען, דער הויפּט כוח אין באַשאַפן די מדינה, און איז איצט דער הויפּט כוח אין שטיצן די מדינה. די הסתדרות איז אַנדערש ווי די אַרבעטער באַוועגונגען אין אַלע לענדער, ווייל איר געשיכטע איז אַנדערש.

די הסתדרות האָט געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען אַריינצוברענגען די אָריענטאַלישע אידן אין אירע רייען ווי מיטגלידער מיט גלייכע רעכטן. אַזוי האָט אויך די הסתדרות דערגרייכט גרויסע צאָלן אַראַבישע אַרבעטער. זיי זיינען געוואָרן פולבאַרעכטיקטע מיטגלידער פון דער הסתדרות. מיט דער קאָאָפּעראַציע פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער באַוועגונג, האָט די הסתדרות איינגעפירט אַ סעמינאַר אין תל־אביב פאַר אַרבעטער פאָרשטייער פון אַ סך נייע לענדער אין אַפריקע און אַזיע. זיי לערנען דערפון ווי צו בויען אַ פרייע דעמאָקראַטישע געזעלשאַפט.

נאָכדעם ווי די דאָזיקע סטודענטן האָבן געמאַכט זייער שטודיום און צוריקגעפאָרן אַהיים, זיינען געקומען אַנדערע אויף זייער פּלעצער, צו לערנען די דעמאָקראַטישע אַרבעטער תורה. דער איינפלוס פון די דאָזיקע סטודענטן לאָזט זיך פילן אין דעם אַלגעמיינעם לעבן פון די אַפריקאַנישע לענדער. דאָס האָט פיל בייגעטראָגן דערצו וואָס אין דער אַפריקאַנער קאָנפערענץ אין עטיאָפּיע, דאָ ניט לאַנג, האָט נאַסער ניט געוואַגט פאָרצושלאָגן אַ רעזאָלוציע קעגן ישראל ווי ער האָט עס געטאָן אויף פריערדיקע אַפריקאַנישע צוזאַמענקונפטן. די אָנטיילנעמער אין דער קאָנפערענץ האָבן אים געוואָרנט אַז ער וועט דורכפאַלן. די אויפקלערונגס־אַרבעט פון דער הסתדרות האָט בייגעטראָגן צו דער פריינטלעכקייט אין אַפריקע צו ישראל.

די אַלע דערינערונגען גייען דורך מיינע געדאַנקען איצט, ווען איך טראַכט וועגן אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ'ס מעמואַרן אין די דריי ביכער.

איך דאַנק אים און דאַנק חבר פייגענבוימען פאַר דער זייער געוואַגטער און דערפאָלגרייכער אונטערנעמונג וואָס זיי האָבן דורכגעפירט.

# אַ ר י י נ פ י ר

## פון אייזיק העמלין

דירעקטאָר פון אַמעריקאַנער הסתדרות־צענטער אין תל־אביב

ד אָס בוך, וואָס ליגט איצט פאַרן אויג פונעם לייענער, איז דער פערטער וואָס דערשיינט פון אונזער אומדערמידלעכן און ענערגישן מיטאַרבעטער אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ. שוין פאַר דעם אַליין פאַרדינט ער אונזער אַלעמענס דאַנקבאַרקייט און טיפע אָנערקענונג.

פאַר טויזנטער הסתדרות־פריינט און סתם־אידן קען פריינט שאַפּיראָ פאַררעכנט ווערן ווי איינער וואָס האָט „אַנטדעקט" מדינת ישראל אין איר פולער פראַכט און שיינקייט. דער חשובער מחבר האָט צום ערשטן מאָל באַזוכט ארץ־ישראל אין יאָר 1937 און זינט דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה האָט ער שוין באַזוכט דאָס לאַנד פינף מאָל. מיט זיין שאַרף אויג און טיפער פאַרשטענדעניש האָט ער באַאָבאַכטעט דעם עקאָנאָמישן, סאָציאַלן און קול־טורעלן פאָרשריט וואָס די יונגע מדינה האָט דורכגעמאַכט, און אַלס רעזול־טאַט פון זיינע דערפאַרונגען איז ער אונז איצט מזכה מיטן פערטן באַנד רייזע־איינדרוקן, אין צוגאָב צו די פריערדיקע דריי בענדער, וואָס זיינען וואַרעם אויפגענומען געוואָרן פון טויזנטער פריינט און פאַרערער.

פריינט שאַפּיראָ האָט זיך אין זיינע ווערק אַרויסגעוויזן ניט נאָר ווי אַ גוטער דערציילער, וואָס פאַרכאַפּט דעם לייענערס אויפמערקזאַמקייט, נאָר אויך ווי אַ פּיאָנער וואָס האָט אינספּירירט און געעפנט דעם וועג פאַר נאָך טויזנטער אידן צו באַזוכן מדינת ישראל און הנאה האָבן פון אירע וואונדער־באַרע דערגרייכונגען.

ניט שטענדיק איז עס צוגעגאַנגען אַזוי לייכט און פשוט. ביי זיין ערשטן באַזוך אין 1937 זיינען אָנגעגאַנגען די אַראַבישע ראַיאָטן און מען האָט גע־דאַרפט זיין זייער פאָרזיכטיק בעת מען איז אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד. ביי זיין צווייטן באַזוך, אין אויגוסט, 1949, איז שוין די אידישע מדינה געווען אַ געשעענער פאַקט. אָבער וויפיל שוועריקייטן און פּראָבלעמען האָט אונזער מחבר באַגעגנט! מאַנגל אין האָטעלן, מאַנגל אין וואוינונגען, ראַציאָנירונג אויף עסנוואַרג און מאַנגל אין קאַפּיטאַל. דערצו די סאַמע שווערסטע פּראָבלעם —

מעברות אָנגעפּילט מיט צענדליקער טויזנטער עולים וואָס זיינען ערשט גע־קומען פון די נאַצי־לאַגערן קראַנק און צעבראָכן, פאָדערנדיק באַלדיקע הילף. אָט ווי דער מחבר שילדערט יענעם מצב אין זיין ערשטן בוך וואָס איז דער־שינען אין יאָר 1950 :

„די קוואַרטיר פאַר אונזער דעלעגאַציע איז געווען אין דעם „בית ספר לפעילי ההסתדרות". די דאָזיקע געביידע געפינט זיך אַ פּאָר מייל פון שטאָט (איצט איז שוין די געביידע מיט מזל אין מיטן שטאָט ! — א. ה.) ; די דאָר־מיטאָריס פון דער שולע זיינען געמאַכט געוואָרן פאַר פיר פּערזאָן אין אַ צימער... און — כאָטש עס איז אין די צימערן ניטאָ קיין האָטעל־באַ־קוועמלעכקייטן, זיינען אָבער די צימערן זויבער און דורך די קאָרידאָרן גייט מען אַריין אין די גרויסע וואַש־צימערן"...

אָט אַזוי איז די ערשטע הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע אין באַשטאַנד פון געשעפטסלייט, פּראָפעסיאָנאַלן און טרייד־יוניאָן פירער אַריינגעפאָרן אין מדינת ישראל.

ווייטער לייענען מיר אין בוך : „עסן, עסן מיר אין דעם אַלגעמיינעם עס־צימער ביי גרויסע טישן. די שפּייז ווערט אַוועקגעשטעלט אין גרויסע פּאָרציעס און יעדערער העלפט זיך אַליין... די שפּייז באַשטייט מערסטנס פון מיל־כיקס, גרינס און פיש, ווייל פלייש דאַרף מען אימפּאָרטירן, און די רעגירונג דאַרף האָבן די דאָלאַרן פאַר וויכטיקערע צוועקן"...

„אין ,פּרדס חנה' — שרייבט ווייטער דער מחבר — האָבן מיר געפונען אַ קעמפּ וואו עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן איבער 14 טויזנט ניי־געקומענע עולים, מערסטנס פון די נאַצי־לאַגערן. אַזוי שנעל ווי מיר זיינען צוגעקומען צו די ביידלעך זיינען מיר אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ מענגע מענער, פרויען און קינדער וועלכע האָבן אונז פאַרוואָרפן מיט טענות און אויסרופן : — ,פאַר־וואָס זעט איר ניט אַז מען זאָל אונז העלפן ?'

„דאָס איז געווען די טעמע איבער וועלכער די פאָרשטייער פון דער רעגירונג און פון דער הסתדרות האָבן דאַן גערעדט צו אונז בפה מלא : ,מיר זיינען איצט אין לאַנד בלויז 900 טויזנט אידן אַרומגערינגלט פון אַ סך שונאים. עס פעלן הייזער, פאַבריקן, מאַשינען און מענטשן וואָס זאָלן מדריך זיין די ניי־געקומענע. זאָל זיך קיינער ניט איינרעדן אַז דער קאַמף איז פאַר־איבער — האָבן אונז געזאָגט דער איצטיקער פּרעזידענט פון דער מדינה,

דער פּרעמיער־מיניסטער און די אַנדערע פירנדע חברים. מיר מוזן איצט האָבן ניט נאָר אייערע דאָלאַרן, נאָר אויך אייערע נפשות, אייערע קינדער, אייער טרייע שותפות!' ״

נאָך אַן עפּיזאָד פון דעם דערמאָנטן בוך איז כדאי איבערצוגעבן — דער באַזוך ביי דוד רמז, דער דעמאָלטיקער קאָמוניקאַציע־מיניסטער: „רמז האָט אונז געזוכט צו איבערצייגן ווי וויכטיק עס איז, אַז ישראל זאָל האָבן אַן איי־גענעם האַנדלס־פלאָט כדי צו פירן אונזערע טוריסטן און נייע עולים. ווי שטאַרק מיר בויטיקן זיך איצט כאָטש אין די עראָפּלאַנען וואָס דאַרפן קאָסטן אַ מיליאָן דאָלאַר יעדער. דערווייל — האָט ער געזאָגט — שאַפט אַ מיליאָן דאָלאַר פאַר איין עראָפּלאַן און די אַנדערע צוויי וועלן מיר שאַפן שפּעטער״...

פון יענער ערשטער דעלעגאַציע ביז איצט איז שוין אַוועק גאָר אַ היפּשער מהלך. יעדער איד האָט איצט גרויס נחת־רוח און ווערט פּשוט נשתומם פון דעם גרויסן פּראָגרעס וואָס די אידישע מדינה האָט געמאַכט אין אַזאַ קורצער צייט. די באַפעלקערונג פון לאַנד האָט שוין איבערגעשטיגן דעם ציפער פון צוויי מיליאָן און וואַקסט כסדר! נייע שטעט זיינען צוגעקומען, הונדערטער נייע דערפער און פאַבריקן, אידישע אייזנבאַנען, אַ האַנדלס־פלאָט פון באַלד אַ מיליאָן טאָן, אַ לופט־פלאָט מיט אַ דירעקטער ליניע ניו־יאָרק־לוד אין צען שעה! הונדערטער טויזנטער אימיגראַנטן וואָס זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּראָדוקטיווע בירגער, צענדליקער טויזנטער קינדער וואָס פאַרהילכן די ישראל־לופט מיט פרייד און געזאַנג, אַ אידישע אַרמיי וואָס איז גרייט צו באַשיצן דאָס לאַנד, און — אַ אידישע אַרבעטערשאַפט וואָס איז אין די ווער־טער פון פּרעמיער־מיניסטער „דער זייל אויף וועלכן די סטרוקטור פון דער ישראל־דעמאָקראַטיע וועט זיך דאַרפן שטיצן נאָך אַ סך יאָרן״. אָט די אַלע היסטאָרישע דערגרייכונגען ווערן אויף פאַרשידענע אופנים געשילדערט אין די אויבנדערמאָנטע פיר ביכער.

לאָמיר שוין אין איינוועגס אויך גראַטולירן די יעניקע וואָס האָבן איינ־געפירט דעם מנהג פון פאָלקס־דעלעגאַציעס אין אַ צייט ווען די באַדינגונגען פאַר אַמעריקאַנער טוריזם זיינען געווען זייער פּרימיטיוו און אומגינסטיק. איצט האָבן מיר דערלעבט צו זען ווי עס ציען זיך קיין ישראל הונדערטער גרופּן פון פאַרשידענע וועלט־טיילן וועמענס צאָל האָט דערגרייכט 150 טויזנט פּערזאָן אין יאָר 1961. איצט האָבן מיר אין תל־אביב אַ פּרעכטיק פאַרבאַנד־הויז הסתדרות־צענטער, וואָס איז גרייט אויפצונעמען טויזנטער טוריסטן און

באַקענען זיי מיט אונזערע שאַפונגען. אין 1949, בעת די ערשטע פאָלקס־דע־לעגאַציע איז געקומען קיין ישראל, איז גאָר ניט געווען אַזוי לײַכט און אײַנ־פאַך! דערפאַר קומט אַ האַרציקן יישר־כח דער ליטונג פון הסתדרות־קאַמפּיין, דעם ענערגישן אָנפירער און איניציאַטאָר פון די גרופּן, חבר יצחק פײַגענבוים, און ניט אין קיין קלענערער מאָס — דעם מחבר פון איצטיקן בוך.

מיט אַ באַזונדערן פאַרגעניגן באַגריס איך מײַן לאַנג־יאָריקן פרײַנט אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ צום דערשײַנען פון דעם פערטן בוך רײַזע־אײַנדרוקן אין ישראל. איך בין זיכער, אַז די שילדערונגען פון דער אינטערעסאַנטער נסיעה וועלן פאַרשאַפן דעם לייענער גרויס נחת און גײַסטיקע דערהויבונג.



# אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ — דער פּיאָנער

## פון ישראל סטאָלאַרסקי

עס איז ווידער מיין פאַרגעניגן צו שרייבן אַ פאָרוואָרט צו אַ בוך פון מיין טייערן פריינט אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ וועגן זיינע באַזוכן אין מדינת ישראל.

איך האָב שוין ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט אונטערגעשטראָכן, אַז זינט דאָס אידישע פאָלק האָט פאַרלוירן זיין זעלבסטשטענדיקייט און צעשפּרייט געוואָרן איבער שבעה ימים, איז ביי אים שטענדיק געווען דער דראַנג גיין קיין ציון. מיר געפינען אין דער אַלטער אידישער ליטעראַטור אַ סך מאַ־טעריאַל וואָס גיט אַן אויסדרוק אָט־די שטרעבונגען פון די עולי־רגל אין 11טן און 12טן יאָרהונדערט — באַשרייבונגען וואָס דריקן אויס די בענק־שאַפט צום היימלאַנד. דאָס אידישע פאָלק האָט פאַקטיש ניט איבערגעריסן זיין דראַנג און בענקשאַפט צו ארץ־ישראל פאַר די בערך 2,000 יאָר פון אונזער גלות־געשיכטע.

גייט טאַקע אָן אַ גרויסע טוריסטן־באַוועגונג זינט דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה, און מיט צופרידנקייט קען מען פעסטשטעלן, אַז די דאָזיקע באַוועגונג וואַקסט פון יאָר צו יאָר און האָט היי־יאָר דערגרייכט די צאָל פון 160,000 טוריסטן.

אָבער יעדע באַוועגונג דאַרף האָבן אירע פּיאָנערן — מענטשן וואָס זאָלן געבן די איניציאַטיוו — און די דאָזיקע טוריסטן־באַוועגונג האָט אויך גע־האַט אירע פּיאָנערן.

מיט שטאָלץ קענען מיר פאַרצייכענען, אַז דער הסתדרות קאַמפּיין אין אַמעריקע האָט אויף זיין רעקאָרד נישט בלויז די גרויסע פינאַנציעלע הילף וואָס ער האָט במשך פון די 38 יאָר פון זיין עקזיסטענץ איבערגעשיקט קיין ישראל צו דער הסתדרות; נישט בלויז די גראַנדיעזע, פּרעכטיקע אינסטיטו־ציעס וואָס זיינען מיט זיין הילף אויפגעבויט געוואָרן אין ישראל, נאָר האָט געהאַט אַ דעצידירנדיקן איינפלוס אויפן געבורט און געשטאַלטונג פון מדינת ישראל.

אויף אַ סך געביטן איז דער הסתדרות קאַמפּיין געווען דער פּיאָנער און

וועג־ווייזער און אויך אויפן געביט פון אָרגאַניזירטער טוריסטיק קיין מדינת ישראל איז דער הסתדרות קאַמפּיין געווען דער וויזיאָנער, איניציאַטאָר און פּיאָנער. מיט פרייד קענען מיר איצט דערמאָנען דעם יאָר 1948־49, ווען „אל־על" האָט געהאַט נאָר איין־איינציקן עראָפּלאַן און געהאַט זייער ווייניק קונדן, טוריסטן קיין ישראל. ער האָט געדאַרפט קאָנקורירן מיט די גרויסע און רייכע לופט־געזעלשאַפטן און אויך אונזערע אידן האָבן זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי צו דער נאָר־וואָס געגרינדעטער „אל־על". געדענק איך נאָך דעם ערשטן צוזאַמענטרעף מיט חבר פּינקוס, דעם דעמאָלטיקן דירעקטאָר פון „אל־על". איך זע זיין פאַרזאָרגט פּנים, ווען ער האָט זיך געווענדעט צו אונז אַז מיר זאָלן זיין די ערשטע פּאַסאַזשירן. מיר האָבן אים דערמוטיקט און אָרגאַניזירט די ערשטע פאָלקס־דעלעגאַציע קיין ישראל.

היינט, ווען איר קומט צום איידלווייד לופטפעלד און איר זעט די פּרעכ־טיקע „אל־על" דזשעט־עראָפּלאַנען, וואָס גייען אָפּ אָפּטמאָל 2 מאָל אַ טאָג מיט הונדערטער און הונדערטער טוריסטן, פרייט זיך דאָס האַרץ און איר פילט זיך ווי אַ שותף צום גרויסן דערפאָלג.

דער הסתדרות קאַמפּיין וואָלט אָבער נישט געקענט פאַרווירקלעכן זיינע פּלענער וואָס שייך טוריסטיק, ווען עס וואָלטן זיך נישט געפונען אין זיינע רייען אַזעלכע אידעאַליסטן, אַזעלכע וואַרעמע אידן ווי אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ, אַליין אַ פאַרמעגלעכער מענטש, וואָס וואָלט געקענט איינאָרדענען זיינע פּיל־מאָליקע באַזוכן אין ישראל אויף אַ מער־באַקוועמען אופן, איז געוואָרן דער פאָרזיצער פון אונזער טוריסטן־דעפּאַרטמענט נישט בלויז אין טיטל, נאָר ער האָט מיטגעמאַכט די ערשטע פּרימיטיווע פאָלקס־דעלעגאַציעס אין די אַלטע, געניצטע „אל־על" עראָפּלאַנען, אָן די נייע, מאָדערנע האָטעלן און באַקוועמ־לעכקייטן, און מיט דער הילף פון דעם ענערגישן, דינאַמישן חבר פייגענבוים, אָרגאַניזירט יאָר־איין יאָר־אויס פאָלקס־דעלעגאַציעס קיין מדינת ישראל.

חבר אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ האָט אַ טייל פון זיינע רייזע־איינדרוקן פאַר־עפנטלעכט פריער אין „פאָרווערטס", אין פאָרם פון בריוו, און שפּעטער אַרויסגעגעבן עטלעכע ביכער אין יאָר 1950, 1952 אין אידיש און אין יאָר 1959 אין ענגליש. זיינע איינדרוקן האָבן געמאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק מיט זייער פּשטות און פאָלקסטימלעכן אופן פון שרייבן, מיט אַן אויג פון אַ גוטן באַאָבאַכטער. יעדעס ניי בוך איז געווען אינטערעסאַנטער ווי דאָס פריערדיקע. איר לייענט קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און לעבט ממש

איבער, צוזאַמען מיטן מחבר, די גאַנצע נסיעה. נישט ווילנדיק ווערט איר באַקענט מיט דער געאָגראַפיע פון ישראל, מיט דעם וואוקס פון שטעט און דערפער און אינסטיטוציעס. איר באַקענט זיך מיט דער ברייט־פאַרצווייגטער אַרבעט פון דער הסתדרות, הויפּטזעכלעך אויפן געביט פון אינטעגרירן די נייע עולים; איר ווערט באַקאַנט מיט דער גאַנצער דינאַמישער ישראל־פּראָבלעמאַטיק.

חבר אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ, דער וועטעראַן, לאַנג־יאָריקער טוער פון הסתדרות קאַמפּיין, דער קולטור־טוער, ווייזט אַרויס פיינע שריפטשטעלערי־שע פעאיקייטן. זיינע ביז־איצט דערשינענע ביכער זיינען אַ גרויסער ביי־טראָג צו דער רייכער ישראל־ליטעראַטור און אַ גרויסער בייטראָג צו פּאָפּו־לאַריזירן די אידייע פון אָרגאַניזירטער טוריסטיק קיין ישראל.

ווינטשן מיר אים, חבר אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ, צו זיינע 75 יאָר אַ סך יאָרן פון שעפערישער טעטיקייט. מיר זיינען זיכער, אַז די אַרטיקלען אין דעם בוך וועלן געלייענט ווערן מיט גרויס אינטערעס און וועלן אינספּירירן וואָס מער אידן צו פאָרן קיין ישראל צו זען מיט די אייגענע אויגן די וואונדער פון לאַנד און דעם ווידערגעבורט פון מדינת ישראל.



# פאָרוואָרט

דאָס איז געווען אין זומער 1937, עלף יאָר פאַר דעם באַפרייאונגס־קריג מיט די אַראַבער, ווען איך און מיין פרוי האָבן געמאַכט אַ רייזע קיין אייראָפּע און ארץ ישראל. אונזער מאַרשרוט איז געווען: ניו־יאָרק, נעיפּאָלס, איטאַליע, רוים, מילאַן, ווענעציע, מיט אַ שיף קיין קאַירא, מצרים, און פון דאָרט דורך קאַנטאַרע קיין תל־אביב.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם אינצידענט, ווען מיר האָבן באַ־דאַרפט אַריבערגיין די גרענעץ פון מצרים אין דער דעמאָלטיקער פּאַלעסטינע, ווי שטרענג עס איז צו אונז געווען דער אַראַבישער גרענעץ־באַאַמטער, וועלכער האָט קאָנטראָלירט דעם באַגאַזש און די פּאַספּאָרטן. ער האָט געוואָלט וויסן ווי לאַנג מיר וועלן ווייל ן אין ארץ ישראל, צו וועמען מיר פאָרן און וואָס פאַר אַ געשעפטן מיר האָבן בכלל צו קומען אַהער א. אַ. וו. זיין אויפנאַמע איז אַפילו אונז ניט שטאַרק געפעלן, אָבער מיר האָבן געמוזט פאַרבייסן די ליפּן און שווייגן. וואָס האָט מען געקענט טאָן אַז ארץ ישראל איז דעמאָלט געווען אין גלות, סיי ביי די ענגלענדער און סיי ביי די אַראַבער; אין האַרצן האָבן מיר געבעטן גאָט, אַז ארץ ישראל זאָל טאַקע באמת באַפרייט ווערן און אויסגעלייזט ווערן פון די ענגליש־אַראַבישע הענט.

1937, ווי מיר דערמאָנען זיך, איז געווען דאָס יאָר פון געשעעענישן, ווען די אַראַבער האָבן געבושעוועט, געמאַכט פּאָגראָמען און געהרגעט אויף אַ גרויסן שטייגער. דעמאָלט איז באמת געווען אַ מורא אַרומצופאָרן אין די שטעט און אין די דערפער צו באַטראַכטן דעם ישוב. איך דערמאָן זיך ווי איצט זיינען טאַקע די שאָפערן געווען באַוואָפנט, ווען זיי האָבן געפירט טוריסטן, אַנדערש איז געווען אַ גרויסע סכנה אַרומצופאָרן איבער דעם לאַנד.

די אידישע באַפעלקערונג איז קוים באַשטאַנען פון 450 טויזנט און עס האָט זיך נאַטירלעך דעמאָלט קיינעם ניט געחלומט, אַז אין צען־עלף יאָר וועט דער גאַנצער ישוב באַפרייט ווערן פון ביידע, סיי פון די ענגלענדער און סיי פון די אַראַבער און עס וועט אַנטשטיין אַ זעלבסטשטענדיקע, פרייע דעמאָקראַטישע מלוכה.

סימנים פון אַ אידישער אַרמיי האָבן אָבער זיך שוין דעמאָלט באַוויזן — סימנים פון דעם אָנהויב וואָס איז דערנאָך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צבא הגנה לישראל.

עס ליגט מיר אין זכרון, ווען אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז צו אונזער האָטעל, וואו מיר זיינען איינגעשטאַנען, צוגעפאָרן דער דעמאָלטיקער סעק־רעטאַר פון דער הסתדרות, ישראל מערעמינסקי, (איצטיקער מרום), און אונז פאַרבעטן מיט אים מיטצופאָרן צו אַ געוויסן פונקט וואָס ער האָט אונז געוואָלט ווייזן. מיר האָבן זיין איינלאַדונג מיט פאַרגעניגן אָנגענומען און זיינען מיט אים מיטגעפאָרן צו אַ פּלאַץ הינטער דער שטאָט, אַרום פינף אָדער זעקס מייל פון תל־אביב, וואו עס האָט זיך פאַר אונזערע אויגן אַנטפּלעקט אַ פעלד אויף וועלכן אַ גרויסע צאָל בחורים און מיידלעך האָבן זיך טרע־נירט אין אַלערליי מיליטערישע איבונגען; מיידלעך אַזוי גוט ווי בחורים, אונטער דער אויפזיכט פון געניטע אינסטרוקטאָרן, אַ טייל פון זיי אידיש־עסטרייכישע און דייטשישע אָפיצירן, וואָס זיינען שוין דעמאָלט געהאַט אַנטלאָפן פון די נאַציס.

„אָט דאָס איז דער אָנהויב", האָט מערעמינסקי געזאָגט, „אָט פון דעם וועט אַרויסקומען די אידישע פרייהייטס־אַרמיי וועלכע וועט פאַרטיידיקן דעם ישוב קעגן די אַראַבישע אָנפאַלן און וועט סוף כל סוף באַפרייען ארץ ישראל".

זיין נבואה, אָדער וויזיע, איז מקוים געוואָרן און ווען די אידישע מלוכה איז אַנטשטאַנען, איז נאַטירלעך דער הייסטער פאַרלאַנג פון יעדן נאַציאָנאַלן אידן געווען צו פאָרן קיין ארץ ישראל און זען מיט די אייגענע אויגן דאָס גרויסע געשעעניש — דעם גרויסן נס...

אין זומער, 1949 האָט זיך אָרגאַניזירט די ערשטע הסתדרות־דעלעגאַציע, אַ גרופּע פון 50 געטרייע חברים און חברות, אַלע הסתדרות איבערגעגעבענע טוער, און אונטער דער פירערשאַפט פון אייזיק העמלין און יצחק פייגענבוים, האָבן זיי געטשאַרטעד אַן עראָפּלאַן און אָפּגעפלויגן קיין ישראל.

איך און מיין פרוי האָבן פאַרגעצויגן מיטצופאָרן מיט דער גרופּע. דאָס איז געווען אַ רייזע וואָס מיר וועלן קיינמאָל ניט פאַרגעסן. מיינע איינדרוקן און איבערלעבונגען פון דער ערשטער מינוט, ווען מיר האָבן באַטראָטן דעם באָדן פון מדינת ישראל ביז דעם צאתכם לשלום וואָס עס איז אונז געגעבן געוואָרן פון כמעט אַלע מלוכה־ און הסתדרות־פירער; די נאַכט, ווען מיר זיינען אָפּגעפלויגן צוריק קיין אַמעריקע, איז געווען איין גרויסע נשמה־איבערלעבונג וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין האַרצן און אין מוח פון יעדן איינעם פון אונזער גרופּע.

איך האָב מיינע איינדרוקן און געפילן אויסגעדריקט אין בריוו צו משפחה

און פריינט. די בריוו זיינען באַלד געדרוקט געוואָרן אין דער ניו־ענגלענדער אויסגאַבע פון „פאָרווערטס״ און דערנאָך אַרויסגעגעבן אין אַ ביכל אונטער דעם נאָמען „אַ חודש אין ישראל״.

דאָס איז געווען אין 1949.

די הסתדרות־דעלעגאַציעס אונטער דער אָנפירערשאַפט פון יצחק פייגענבוים האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ גרויסער, קאָלאָסאַלער דערפאָלג. עס איז באַלד באַוואוסט געוואָרן, אַז צו זיין אַ מיטגליד פון אַזאַ דעלעגאַציע איז צו זיין דער גאַסט פון דער הסתדרות, וואָס גיט אַזאַ איינעם די מעגלעכקייט דורך דער הסתדרות טוריסטן־ביוראָ „תיור וטיול״ ניט נאָר צו זען די שטאָט און דערפער, קיבוצים און מושבים און אַלע אַנדערע פאַרצווייגטע הסתדרות־אונטערנעמונגען, נאָר אויך צו זיין דער גאַסט פון די חברים וועלכע זיינען די אָנפירער און רעגירער פון דער מדינה.

דאָס האָב איך אויסגעפונען זייענדיק אַ מיטגליד פון דער ערשטער הסתדרות־דעלעגאַציע אין 1949. דעריבער ווען אין זומער 1951 האָט זיך געפורעמט די דריטע דעלעגאַציע, זיינען מיר מיטגעפאָרן צו זען דעם פּראָגרעס און די ענדערונגען וואָס עס זיינען געמאַכט געוואָרן אין די צוויי יאָר.

דאָס מאָל האָבן מיר זיך אויך אָפּגעשטעלט און באַזוכט לאָנדאָן און פּאַריז. איך האָב אונזער רייזע פאַרצייכנט אין אַ סעריע בריוו, געדרוקט אין דער ניו־ענגלענדער אויסגאַבע פון „פאָרווערטס״, שפּעטער אַרויסגעגעבן אין אַן אילוסטרירטן בוך אונטער דעם נאָמען „אַ פאָלק ווערט באַנייט״.

איצט דרוקן מיר די איינדרוקן פון דער רייזע פון דער פינפטער דעלעגאַציע, זומער 1953, פון וועלכער איך האָב געהאַט דעם כבוד צו זיין פאָרזיצער.

מיינע באַמיאונגען צו שרייבן און פאַרעפנטלעכן אָט די צוויי ביכער שטאַמען פון איין קוואַל און דאָס איז: זיך צו טיילן מיט די לעזער מיט די געפילן און איינדרוקן וועלכע איך האָב געהאַט באַזוכנדיק די אַלע פלעצער און דעם נחת פון דעם וואוקס און פּראָגרעס פון דער אידישער מדינה און פון דער הסתדרות.

**אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ**

# מדינת ישראל און טוריסטיק

אידן פאָרן קיין ישראל. אמת טאַקע, דערווייל ניט אין גרויסע צאָלן; מען קען נאָך לעת־עתה די אידישע טוריסטיק ניט ציילן אין די צענדלי־קער טויזנטער — הלוואי וואָלט דאָס אַזוי געווען.

ווען ישראל וואָלט געווען ביכולת אויפצונעמען אַ גרעסערע צאָל אידישע טוריסטן, אַפילו אַזאַ צאָל וואָס פילן־אָן די זומער־חדשים די שיפן וואָס שווימען אַריבער דעם אַטלאַנטיק קיין אייראָפּע, וואָלט די אידישע מדינה געקענט האָבן אַ היפּשע הכנסה. ענגלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליע און די שווייץ מאַכן גאָרניט קיין שלעכטע געשעפטן פון אַמעריקאַנער טוריסטן, און צווישן זיי געפינט זיך אַ גאַנץ גרויסע צאָל פון אחינו בני ישראל.

פאַרלויפיק אָבער איז די אידישע טוריסטיק קיין ישראל ניט אָרגאַניזירט אויף אַזאַ גרויסן שטייגער, אַז עס זאָל צוציען גרעסערע מאַסן אידן פון אַמעריקע. עס פעלן נאָך דערווייל די פּאַסיקע האָטעלן, די אָרגאַניזירטע טראַנספּאָרטאַציע־מיטלען און דאָס גאַנצע קלאָפּערגעצייג וואָס אַן אַמערי־קאַנער אידישער טוריסט וויל האָבן, ווען ער פאָרט ערגעץ פאַר וואַקאַציע.

עס איז באמת אַ גרויסער וואונדער וואָס עס האָט זיך נאָך ביז איצט ניט געפונען עפּעס אַ געזעלשאַפט, אַ פּריוואַטע אָדער קאָאָפּעראַטיווע, וואָס זאָל אַוועקשטעלן די טוריסטיק קיין ישראל אויף אַ מצב, וואָס זאָל דינען סיי די טוריסטן און סיי דער מדינה און וואָס זאָל אַריינקריגן אַ גרעסערן איינקונפט.

עס איז אמת, אַז עס געפינען זיך אייניקע טוריסטן־ביוראָס וואו מען וועט אייך פאַרקויפן אַ רייזע־טיקעט אויף אַ שיף אָדער אַן עראָפּלאַן. מען וועט אייך אויך צוזאָגן, אַז זיי וועלן אייך באַזאָרגן מיט האָטעל־אַקאָמאָדאַציעס א. אַ. וו. אָבער דאָס איז ניט אַלץ וואָס אַן אַמעריקאַנער אידישער טוריסט באַגערט מיט אַזאַ נסיעה.

ווען אַ איד קומט קיין ישראל וויל ער זען דאָס לאַנד, ער וויל זיך באַקענען מיט דעם ארץ־ישראלדיקן לעבן. אים אינטערעסירט צו באַזוכן די דערפער פּונקט ווי די גרעסערע שטעט, ער וויל קריגן אַ באַגריף פון דעם עקאָנאָמישן לעבן און האָבן אַ פאָרשטעלונג ווי אַזוי דער ישוב, די מדינה, פּרובירט לייזן אירע פילפאַכע פּראָבלעמען, עקאָנאָמישע און קול־

טורעלע. איבערהויפּט איז אין דעם שטאַרק פּאַראינטערעסירט אַ ציוניסטישער עסקן, אָדער דער וואָס איז טעטיק אין וועלכן איז „דראַיוו" פאַר ישראל, אָדער אַזעלכער וואָס גיט אַ גרעסערעביישטייערונג לטובת ישראל. אַזעלכער דערוואַרט אַז ווען ער קומט באַזוכן די אידישע מדינה זאָל ער ניט דאַרפן זיך אַרומבלאָנקען אַליין, ספּעציעל ביי די טראַנספּאָרטאַציע־באַדינגונגען אין ישראל גופא. ער וואָלט וועלן, אַז עמעצער זאָל אים שענקען אַביסל אויפמערקזאַמקייט און מאַכן פאַר אים זיין באַזוך אין ישראל מער אָנגענעם און צופרידנשטעלנד.

עס איז ווירקלעך צום באַדויערן, וואָס אַ צאָל ציוניסטישע טוער אָדער פּריינט פון דער הסתדרות קערן זיך אום צוריק פון אַ ישראל־רייזע פאַרביטערט און אַנטוישט, ווייל קיינער האָט דאָרט ניט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט צו אים, אים געוויזן דאָס וואָס ער האָט געוואָלט זען און באַקענט מיט דעם וואָס ער האָט געהאַט בדעה זיך צו באַקענען.

דאָס איז, נאָך מיין מיינונג, אַ גאַנץ ערנסטער ענין, וואָס עפּעס וואָלט געדאַרפט געטאָן ווערן ועגן דעם, ווייל אַ גרעסערע טוריסטיק וואָלט געווען אַ גרעסערע איינגאַמע פון דאָלאַרן — ערשטנס, און צווייטנס, ווי די זאַך איז איצט, איז דאָס ניט נאָר אַ פאַרלוסט פון געלט, נאָר עס ברענגט אויך גרויס שאָדן דער ציוניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע און דעם פּרעסטיזש פון דער מדינה אין ישראל גופא.

וואָרום עס איז ביז איצט עפּעס ניט געטאָן געוואָרן אין ישראל, איז שווער צו פאַרשטיין. מעגלעך אַז זיי זיינען דאָרט צו־פאַרנומען מיט אַנדערע דרינגנדע פּראָבלעמען און האָבן בכלל קיין צייט ניט פאַר אַזעלכע זאַכן, אָדער מעגלעך, אַז זיי פאַרשטייען ניט ווי אַזוי אַן אַמעריקאַנער טוריסט פילט וועגן דעם בכלל. אַלנפאַלס, ווי די זאַך זאָל ניט זיין, איז עס אַ גרויסער שאָד וואָס אַזאַ וויכטיקער קוואַל פון איינקונפט ווערט פאַרנאַכלעסיקט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז ווען עס רעדט זיך וועגן אַ קליינער צאָל יחידים, וואָס האָבן די מעגלעכקייט אויסצוגעבן גרעסערע סומען אויף זייערע רייזעס, אָדער די וואָס האָבן אָנזען ביי די רעגירונגס־פירער פון ישראל, אָדער געשעפט־דעלעגאַציעס וואָס פאָרן אַהין פון צייט צו צייט — ביי אַזעלכע איז די פּראָבלעם אַ קליינע, ווייל מיט זיי גיט מען זיך אָפּ, פאַר זיי אַראַנזשירט מען אַלץ וואָס זיי דאַרפן. אָבער ווען אידן וואָס זיינען ניט קיין גבירים

און זיי זיינען דאָך די גרויסע מאַסן וואָס ווילן אָנקוקן די אידישע מדינה — פאַר אַזעלכע איז די פּראָבלעם זייער אַ שווערע.

די הסתדרות האָט שוין פון לאַנג געמאַכט אַ פּאַרזוך, אמת, דערווייל אויף אַ קליינעם מאַסשטאַב, צו אָרגאַניזירן די טוריסטיק פאַר פאָלקס־מענטשן דורך איר אָפּטיילונג „תיור וטיול״, וואָס איז אָריגינעל, גלויב איך, געגרינדעט געוואָרן פאַר שפּאַצירן און אויספלוגן פון אירע מיטגלידער אין ישראל גופא; אויך אויפנעמען און באַדינען הסתדרות־עסקנים און פריינט פון געווערקשאַפטן קאַמפּעין, וועלכע ווילן באַזוכן מדינת ישראל.

דער ערשטער גרעסערער פּאַרזוך אַזאַ איז געמאַכט געוואָרן אין זומער 1949, מיט פיר יאָר צוריק, ווען דער „תיור וטיול״, וואָס מיינט טוריסט־אויספלוגן און שפּאַצירן אין העברעאיש, האָט געשיקט אין געטשאַרטערטן עראָפּלאַן די ערשטע פאָלקס־דעלעגאַציע קיין ישראל.

דאָס איז באמת געווען אַ זייער געוואַגטער שריט מצד די הסתדרות־פירער, ווייל דאַן איז נאָך קיין שום אָרגאַניזאַציע דערפאַר ניט געווען, עס האָט געפעלט די נויטיקע דערפאַרונג צו פירן גרעסערע גרופּען אַזאַ שטרעקע. צו פאָרן מיט אַ שיף וואָלט די רייזע געדויערט צו־לאַנג און פאַר אַן עראָפּלאַן האָט מען געדאַרפט אָנקומען צו די טראַנסאַטלאַנטיק לופט־קאָמפּאַניס, וואָס האָבן געבעטן צופיל געלט פאַר פליען קיין ישראל און צוריק. אויסער דעם איז געווען די שוועריקייט צו באַזאָרגן אַזאַ גרויסע גרופּע פון 60 מענטשן מיט קוואַרטיר און עסן וואָס איז דעמאָלט, אַ געניעם יאָר נאָכן קריג, גאָרניט געווען פון די זייער לייכטע זאַכן.

אָבער ניט קוקנדיק אויף די אַלע טעכנישע שוועריקייטן האָט דער ווילן און הייסער באַגער פון אַ סך עסקנים פון געווערקשאַפטן קאַמפּעין אין אַמעריקע צו זען און באַטרעטן דאָס לאַנד — דער חלום פון אַ לעבן־לאַנגער אַרבעט און האָפענונג — גובר געווען, און מיט דער הילף פון די ישראל־חברים איז די רייזע געמאַכט געוואָרן.

ווען דער באמת היסטאָרישער פּאַסירונג איז שוין בשעתו דערציילט געוואָרן. איצט, פיר יאָר שפּעטער, זיינען די טורס שוין געוואָרן אַן אינסטיטוציע; אַזעלכע דעלעגאַציעס באַשטייענד פון איבער 50 פּערזאָן אין אַ גרופּן זיינען דורך דער צייט געשיקט געוואָרן און האָבן אונטער דער אויפזיכט פון „תיור וטיול״ דעפּאַרטמענט פון הסתדרות באַזוכט ישראל. נאַטירלעך איז דאָס אַ טראָפּן אין ים לגבי די טויזנטער וואָס וואָלטן וועלן מאַכן אַזעלכע

רייזעס, ווייל די קאָסטן זיינען נאָמינאַלע, אָבער דאָס וויכטיקסטע איז, וואָס אַלע זאָרגן, מיט וועלכע אַזאַ רייזע איז פאַרבונדן, ווערן אַראָפּגענומען און די רייזנדע ווערן באַזאָרגט מיט אַלעם נויטיקן — עסן, טרינקען, האָטעלן און דאָס אַרומפאָרן אין די שטעט און דערפער פון ישראל.

ס'איז ווערט צו דערמאָנען, אַז דער אַרבעטער־רינג האָט אויך אויף דעם שטייגער שוין געשיקט צוויי גרופּן צו באַזוכן ישראל מיט גרויס דערפאָלג. און אויך היי־יאָר איז פון ניו־יאָרק אָפּגעפלויגן די פינפטע הסתדרות־פאָלקס־דעלעגאַציע, באַשטייענדיק פון 54 פּערזאָן, אַלע לאַנג־יאָריקע עסקנים פון געווערקשאַפטן קאָמפּעין און איבערגעגעבענע פריינט פון אַרבעטער־ציוניזם.

ווי די פריערדיקע פאָלקס־דעלעגאַציעס, אויסער דער ערשטער, איז די דעלעגאַציע געפלויגן אויף אַן „אל על“ קאָנסטעלעישאָן עראָפּלאַן פון דער ישראל לופט־ליניע, אַזוי אַז פון דער ערשטער מינוט וואָס די רייזנדע זיינען אַרויפגעגאַנגען אויף דעם עראָפּלאַן, האָבן זיי זיך באַלד געפונען אין אַ פריינטלעכער ארץ ישראל אַטמאָספערע, און הגם מען איז געפלויגן די גאַנצע צייט איבער די הימלען פון פרעמדע לענדער און ימים, איז מען אָבער געווען אין אַ ישראל־עראָפּלאַן צווישן חברים און פריינט.

די פינפטע דעלעגאַציע האָט זיך אָפּגעשטעלט אין לאָנדאָן און אין פּאַריז און פאַרבראַכט 4 טעג אין יעדער וועלט־שטאָט און באַזוכט היסטאָרישע און אינטערעסאַנטע פּלעצער וואָס נאָר מעגלעך.

שבת אָוונט איז די דעלעגאַציע און געסט געווען אין סטאַטלער האָטעל, ניו יאָרק, ביי אַ גרויסער אויפנאַמע און צאתכם לשלום פאַרזאַמלונג און זיך באַקענט איינער מיטן אַנדערן. פון באָסטאָן און אומגעגנט זיינען געפאָרן 19 טוער אין דער דעלעגאַציע, איינשליסנדיק דעם ג. ע. דירעקטאָר פון דער הסתדרות, אַב. העמלין און זיין פרוי, דר. לואיס סילווער, דער ג. ע. טשערמאַן פון קאָמפּעין, און זיין פרוי, און אַנדערע חברים און חברות.

איך און מיין פרוי האָבן געמאַכט אַלע פאַרבאַרייטונגען מיטצופאָרן מיט דער דעלעגאַציע, און אַזוי איז געמאָלדן געוואָרן, אָבער צוליב דער לאַנג־זאַמער דערהאָלונג דעמאָלט פון מיין ברודער מאָריס, עליו־השלום, נאָך אַן אָפּעראַציע, איז די מעגלעכקייט פון פאָרן געווען אומבאַשטימט, און ווען עס וועט מיר יאָ מעגלעך זיין צו פאָרן, האָב איך געהאַט אין זינען זיך טיילן מיט מיינע איינדרוקן מיט די לייענער פון מיין בוך.

# אַ מתנה פון בראָנקס „זו" פאַרן ירושלימער „זו"

אַ זעלטענע געלעגנהייט איז געגעבן געוואָרן דער פינפטער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע דורך דער ניו־יאָרקער שטאָט־פאַרוואַלטונג, איבער־צוגעבן דעם ירושלימער „זו" אַ קאָלעקציע פון שרצים (רעפּטילס) פויגלען, אַ ראַקון און אַ קליינעם הירש, וואָס הייסט אין ענגליש Reeves' Muntjac און האָט אַ פּנים פון אַ גרויסן שאַקאַל.

די פּרעזענטאַציע פון איבערגעבן די מתנה איז פאָרגעקומען שבת אינ־דערפרי, דעם 11טן יולי, אין בראָנקס זאָאָלאָגישן גאָרטן, אין דער אָנוועזנהייט פון דעפּיוטי־מעיאָר פון ניו־יאָרק, טשאַרלס הורוויץ, און צוויי דירעקטאָרן פון בראָנקסער זאָאָלאָגישן גאָרטן; ישראל סטאָלאַרסקי, נאַציאָנאַלער געהילף־סעקרעטאַר פון הסתדרות־קאַמפּעין; מ. עסקאָלסקי, פּאָבליק רילעישאָנס דירעקטאָר פון הסתדרות קאַמפּעין; אייב העמלין פון באָסטאָן, און מיין ווייניקייט, אַלס דער טשערמאַן פון דער פינפטער הסתדרות פאָלקס־דעלע־גאַציע.

איך בין ניט באַקאַנט ווען דער ביבלישער זאָאָלאָגישער גאָרטן אין ירושלים איז געגרינדעט געוואָרן און ווי גרויס ער איז. איך שטעל מיר פאָר, אַז די אַראַבער, וואָס האָבן געוואוינט אין ירושלים, האָבן אַזעלכעס ניט געדאַרפט און די ענגלענדער האָבן זיך אויך וועגן דעם ניט געזאָרגט. וואַרשיינלעך איז, אַז דער ביבלישער זאָאָלאָגישער גאָרטן אין ירושלים איז געגרינדעט געוואָרן מיט דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל. אַז תל־אָביב האָט אַ זאָאָלאָגישן גאָרטן האָב איך אַמאָל געלייענט, הגם איך האָב אים קיינמאָל ניט געזען. אָבער אַז עס איז דאָ אַזאַ גאָרטן אין ירושלים, האָב איך ניט געוואוסט. און וואַרשיינלעך וואָלטן די באַאַמטע פון דער ניו־יאָרקער שטאָט־פאַרוואַלטונג און די דירעקטאָרן פון בראָנקסער „זו" אויך וועגן דעם ניט געוואוסט, ווען עס וואָלט זיך ניט געפונען אַ יונגערמאַן וואָס הייסט משה עסקאָלסקי און איז דער פּאָבליק רילעישאָנס דירעקטאָר פון הסתדרות־קאַמפּעין. אגב, איז ער דער פּלימעניק פון ז. שזר. אַליין געבוירן און דערצויגן אין אַמעריקע, האָט ער אָבער געוואוינט 20 יאָר אין ארץ־ישראל און איז געווען קאָ־רעדאַקטאָר פון דער „ירושלימער פּאָסט".

אָט־דער יונגערמאַן איז שטאַרק פאַראינטערעסירט, אַז די אַלטע און

פאַר אונז 'שטענדיק־נייע שטאָט ירושלים זאָל זיין אַ מאָדערנע שטאָט מיט שטעט צוגלייך. ער האָט מיך אין קורצן איבערגעגעבן ווי וויכטיק עס איז, אַז דאָס אידישע ירושלים זאָל האָבן אַזאַ גאָרטן און אַז ער זאָל צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון קינדער און פון יונגוואַרג, זיי זאָלן ניט אַרומ־שפּאַצירן אין די ווינקעלעך פון די גאַסן.

דערביי האָט דער עקטינג־מעיאָר הורוויץ אונטערגעשטראָכן, אַז די באַאַמטע פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג פון ניו־יאָרק האָבן שטענדיק געפילט אַ טיפע סימפּאַטיע פאַר דעם פאָלק אין ישראל, און צוזאַמען מיט די אַכט מיליאָן בירגער פון דער גרויסער מעטראָפּאָליטען שטאָט, האָבן זיי זיך געפרייט ווען מדינת ישראל איז עטאַבלירט געוואָרן. מיט דער דאָזיקער מתנה דריקן זיי אויס די געפילן פון די איינוואוינער פון דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק צו די איינוואוינער פון ירושלים און צו די בירגער פון מדינת ישראל.

דער עקטינג־מעיאָר האָט באַזונדערס אונטערגעשטראָכן וועגן דער טיפער סימפּאַטיע און אָנערקענונג, וואָס די הויפּט־באַאַמטע פון ניו־יאָרק פילן פאַר דער אַרבעטערשאַפט פון דער הסתדרות, און אַז די באַאַמטע זיינען שטענדיק גרייט געווען צו אונטערשטיצן די אַרבעט פון דער הסתדרות אין אַמעריקע.



# מיטן עראָפּלאַן פון ניו־יאָרק קיין לאָנדאָן

די פינפטע הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע קיין ישראל איז אַרויסבאַגלייט געוואָרן פון ניו־יאָרק מיט באַגריסונגען און ברכות.

עס זיינען ניט נאָר געקומען צום צאתכם־לשלום־אָוונט די באַאַמטע און אָנגעזעענע טוער פון דער הסתדרות, נאָר אויך פריינט און קרובים צו ווינטשן די פאָרער אַ גליקלעכע און בשלומדיקע רייזע.

די פאַרזאַמלונג איז געווען אינטערעסאַנט און איינדרוקספול. די 60 מענער און פרויען, וועלכע זיינען זיך צונויפגעקומען פון 27 אַמעריקאַנער שטעט און פון קאַנאַדע, זיינען נאַטירלעך געווען די הויפּט־מחותנים. זיי זיינען געזעסן ביי לאַנג־געדעקטע טישן, לויט דער אָרדענונג פון די שטאַטן, פון וועלכע זיי קומען, און זיך צוגעהערט צו די באַגריסונגען פון די רעדנער, וועמען מען האָט דערלויבט אַ באַשטימטע פאָר מינוט, כדי דער אָוונט זאָל זיך ענדיקן אין צייט, ווייל אויף מאָרגן פרי האָבן די וואָס פאָרן, באַדאַרפט זיין אין „אל־על"־אָפיס גרייט אָפּצופאָרן צום איידעלווילד לופט־פעלד.

עס איז, נאַטירלעך, ניט נויטיק איבערצוגעבן דעם אינהאַלט פון די רעדעס פון די באַגריסער. דאָס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ. דאָ איז גענוג צו זאָגן, אַז פאָרשטייער פון כמעט אַלע ציוניסטישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן געשיקט זייערע פאַרטרעטער צו געבן זייערע ברכות צו דער פאָלקס־דעלעגאַציע און זיי געוואונטשן זיי זאָלן זיך אומקערן בשלום, אָנגעפילט מיט דערפרישטן ענטוזיאַזם לטובת מדינת ישראל.

אַ קורצע באַגריסונגס־רעדע האָט אויך געהאַלטן דער פאַרטרעטער פון דעם ישראל גענעראַל־קאָנסול פון ניו־יאָרק. ער האָט פאַרזיכערט דער גרויסער גרופּע טוריסטן, וועלכע פאָרן אונטער דער אויפזיכט פון דעם „תיור וטיול"־דעפּאַרטמענט פון הסתדרות, אַז זיי וועלן זיין זייער ווילקאָמען אין ישראל און וועלן דאָרטן אויפגענומען ווערן מיט פריינטשאַפט און הברשאַפט.

אַ קורצע, אָבער זייער וויכטיקע רעדע, לויט מיין מיינונג, האָט געהאַלטן דער פאַרטרעטער פון דער ישראל נאַציאָנאַלער לופט־ליניע „אל־על", מאַיאָר קאַפּעל. ער האָט דערציילט דעם עולם, וואָס פאַר אַ ממש לעבנס־וויכטיקע ראָלע עס שפּילט די לופט־ליניע „אל־על" פאַר דער מדינה אין טראַנס־

פּאָרטאַציע, אין דער עקאָנאָמיע און הלוואי זאָל מען דאָס ניט באַדאַרפן — אין דער פאַרטיידיקונג.

מיר טאָרן פאַר איין מינוט ניט פאַרגעסן, האָט ער געזאָגט, אַז די מדינה איז נאָך אַרומגערינגלט מיט פאַרביטערטע אַראַבישע שונאים, וואָס טראָגן זיך נאָך אַלץ אַרום מיט בייזע חלומות אָנצופאַלן אויף ישראל און נעמען נקמה פאַר דער ביטערער מפּלה, וואָס זיי האָבן געליטן אין 1948. אין אַזאַ צייט, די שעה זאָל ניט קומען, איז אַ נאַציאָנאַלע לופט־ליניע ביי הײַנטיקע מאָדערנע קריגס־צייטן ניט אָפּצושאַצן. עקאָנאָמיש ברענגט די לופט־ליניע אַריין אַ הכנסה אין דאָלערס דערמיט, וואָס זי העלפט ברענגען טוריסטן אין לאַנד און שפּאָרט איין טויזנטער דאָלערס פון די וואָס דאַרפן פון לאַנד אַרויספאָרן. מען טאָר אויך אויף איין מינוט ניט פאַרגעסן — האָט ער געזאָגט — אַז די אַראַבישע מדינות פּרובירן מיט אַלערליי מיטלען צו פאַרבלאָקאַדירן די וואַסערן אַרום ישראל; איז דעריבער סטראַטעגיש אַן אייגענע לופט־ליניע גאָרניט אָפּצושאַצן.

ער האָט דערמאָנט דעם עולם, אַז ערשט מיט דריי יאָר צוריק האָט „אל־על" פאַרמאָגט בלויז עטלעכע קליינע עראָפּלאַנען, וואָס פלעגן פליען אין בלויז גאָר נאָענטע לענדער. הײַנט פאַרמאָגט די „אל־על" אַ בלוי־זילבערנע לופט־פלאָטע, מיט ריזיקע מאָדערנע קאָנסטעלעישאָנס, וואָס האָט דעם יאָר אַליין אַריבערגעפירט איבער 20 טויזנט פּאַסאַזשירן פון אַמעריקע און אַנדערע לענדער.

מאַיאָר קאָפּעל האָט אויך דערביי באַמערקט, אַז ווען דער דעמאָלטיקער טראַנספּאָרטאַציע־מיניסטער, דוד רמז ע"ה, און זיינע קאָלעגן־מיניסטאָרן פון דער רעגירונג זאָלן בשעת־מעשה געוואָלט אויסרעכענען דעם פּראָיעקט פון עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט: צי אַזאַ אונטערנעמונג וועט זיך באַצאָלן, און צי ס'איז אין די כוחות פון דער דעמאָלטיקער גאָר קליינינקער און ערשט־געגרינדעטער מדינהלע אויסצוהאַלטן אַ לופט־ליניע, וואָלט מן־הסתם די לופט־ליניע קיינמאָל אויף דער וועלט ניט געוועזן. ער האָט דאַרום אַפּעלירט צו די אַמעריקאַנער אידן, וואָס פליען קיין אייראָפּע אָדער קיין ישראל, זיך צו באַנוצן מיט די קאָנסטעלעישאָנס פון „אל־על", צו העלפן דער נאַציאָ־נאַלער ישראל־לופט־ליניע ווערן גרעסער און שטאַרקער. און טאַקע בשעת־מעשה, ווען דער מאַיאָר האָט געענדיקט זיין רעדע, האָט דער טשערמאַן פון „תיור וטיול" אים איבערגעגעבן אַ טשעק פאַר 40 טויזנט דאָלער אַלס

איינצאָלונג פאַר דער טראַנספּאָרטאַציע פון די 60 מענער און פרויען, וועלכע שטעלן צונויף די פינפטע הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע.

עס איז שוין כמעט אַ טראַדיציע, אַז ביי אַזעלכע צאתכם־לשלום־פאַר־זאַמלונגען זאָל אויך זיין אַ מוזיקאַלישער פּראָגראַם. און דאָס מאָל איז ניט געווען קיין אויסנאַם. עס איז אויפגעטראָטן אַ זייער טאַלאַנטפולע ארץ־ישראל־זינגערין, וועלכע הייסט טובה רוני. זי האָט געזונגען אַ צאָל אידישע און העברעאישע לידער מיט אַ סך געשמאַק.

אָבער די הויפּט־אַטראַקציע פון דעם מוזיקאַלישן פּראָגראַם איז געווען אונזער גוט־באַקאַנטער אויסטייטשער פון אידישע און העברעאישע לידער, סידאָר בעלאַרסקי. ער איז געווען אין אַ גוטער שטימונג, זיינע טענער זיינען געווען ווייך, און האָבן אַרויסגעבראַכט יעדן ניואַנס פון דער מוזיק. צווישן אַ צאָל אידישע לידער האָט ער אויך געזונגען צוויי נייע לידער פון אברהם רייזען: „די וועלט און איך״ און „דער גמרא־ניגון״.

***

שוין דעם דריטן מאָל, אַז איך און מיין פרוי מאַכן דורך די פּראָצעדור פון דער רעגיסטראַציע אין די לופט־ליניע אָפּיסעס צוזאַמען מיט די גרופּען, וואָס פאָרן אין די פאָלקס־דעלעגאַציעס. איז אין אמתן דוכט זיך אויס, אַז דאָס וואָלט שוין ביי אונז באַדאַרפט זיין אַ גאַנץ רוטינע אַרבעט. עס איז אָבער דאָך ניט אַזוי. עס איז עפּעס דאָ דערביי דער געפיל, אַז ווי דאָס וואָלט געווען אונזער ערשטע „אַדווענטשור״. די איינציקע אויסנאַמע דאָס מאָל איז וואָס דער „תיור וטיול״־דעפּאַרטמענט פון דער הסתדרות, אונטער וועמענס אויפזיכט די רייזעס ווערן אונטערגענומען און אָנגעפירט פון דעם מנהיג און סעקרעטאַר יצחק פייגענבוים, האָט די אַרבעט פון רעגיסטראַציע פון אַזאַ גרויסער גרופּע איינגעשטעלט מיט אַן אָרדענונג וואָס האָט געאַרבעט גלאַט, אָן וועלכן עס איז טומל.

דאָס וועגן פון באַגאַזש, איבערקוקן די פּאַספּאָרטן און אַנדערע טעכנישע קלייניקייטן איז צוגעגאַנגען שנעל און אין גוטער אָרדענונג. אַלץ איז געווען פּאַרטיק אין צייט און עס איז געגאַנגען ווי אַ מזמור. די פאָרנדע האָבן אַפילו געקראָגן נומערירטע פּלעצער אין עראָפּלאַן, אַזוי אַז קיינער זאָל זיך ניט דאַרפן שפּאַרן און זאָל פריער וויסן וואו זיין פּלאַץ איז.

פונקט אַכט אַזייגער אינדערפרי זיינען אונזערע באָסעס אָפּגעפאָרן צום

איידלוואַילדער לופט־פעלד און 10 אַזייגער צו דער מינוט פון „סקעדזשול״ זיינען מיר שוין אַלע געזעסן אין דעם „על־על״־קאָנסטעלעישאָן פּאַרטיק אָפּצופליען.

זיינען מיר, איך און מיין פרוי, שוין אַ סך מאָל געפלויגן גרעסערע און קלענערע שטרעקעס. איך אַליין באַנוץ זיך מיט עראָפּלאַנען יעדן מאָל, ווען מיר קומט אויס ערגעץ צו פאָרן. ווייס איך ניט ווי אַנדערע פילן, איך זעץ זיך אַלע מאָל אַריין אין אַן עראָפּלאַן מיט אַ געהעכערטער נערוועזיטעט, מיט אַ ניט־זיכערן געפיל, ווי צו אַ רייזע אין אַ שיף אָדער באַן, בפרט פאַר אַ רייזע פון אַזאַ לאַנגער שטרעקע און איבער דעם אַטלאַנטיק. איז, ווי געזאָגט, דער אָנהויב, דאָס אויפהויבן זיך פון דעם עראָפּלאַן אַלע מאָל באַגלייט ביי מיר מיט נערוועזער דערוואַרטונג. איך בין אַלע מאָל אויף דער וואַך און אָנגעשטרענגט מיט אַלע חושים. איך (אפשר אַנדערע אויך אַזוי) פאָלג נאָך יעדן הויב פון דעם עראָפּלאַן, פון די מאָטאָרן און אַזוי ווייטער. עס העלפט ניט, וואָס איר ווילט, אָדער פּרובירט איינדרימלען, עס איז באמת זייער שווער צו שלאָפן אין אַן עראָפּלאַן.

און דאָך פליט מען און מען קומט בשלום אַלץ איבער. אונזער „על־על״־קאָנסטעלעישאָן האָט אַן גרויסע הכנות זיך אַ יאָג געטאָן און מיט אַ רעוועון פון די מאָטאָרן זיך אַ הויב געטאָן און באַלד אַרויפגעקראָכן איבער 13 טויזנט פוס הויך. דער הימל איבער די וואָלקנס איז געווען לויטער, די אַטמאָספערע שטיל. עס האָט זיך ניט געמערקט קיין טרייסל, אַזוי אַז מען איז געווען אונטער דעם איינדרוק אַז דער עראָפּלאַן פליט גאָרניט, נאָר הענגט עפּעס אין דער לופטן אויף איין פּלאַץ.

אין פיר און אַ האַלב שעה זיינען מיר שוין געווען אין גענדער, ניו־פאַונדלענד, איצטיקע קאַנאַדע. מיר זיינען דאָרט פאַרבליבן בלויז 1 שעה צייט כדי אָנצוגיסן נאָך געזאָלין און איבערקוקן, צי אַלץ איז אין אָרדענונג פאַר דעם שפּרונג־הגדול — גענדער־לאָנדאָן.

# אונזער באַזוך אין לאָנדאָן

מיר זיינען אָנגעקומען קיין גענדער און געפונען, אַז דער וועטער איז געווען קילער ווי אין ניו־יאָרק. אַ סך פון אונזערע פאָרערס האָבן זיך געקלאָגט, אַז זיי איז קאַלט. זיי האָבן אָבער אַוודאי ניט געוואוסט וואָס זיי דערוואַרט אין לאָנדאָן. מיר האָבן דאָס ערשט אויסגעפונען ווען אונזער עראָפּלאַן האָט אַראָפּגעגענידערט פון די הויכן, פון 15 טויזנט פוס, זיך דורכ־געגראָבן דורך די וואָלקנס, וועלכע זיינען געווען אויסגעשפּרייט די גאַנצע שטרעקע און האָבן געמאַכט אַ מחיצה צווישן די לויטערע הימלען און די וואַסערן פון דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן. די צייט, וואָס מיר מעסטן מיט אונזער זייגער, מאַכט אַן אונטערשייד צווישן ניו־יאָרק און לאָנדאָן מיט אומגעפער 6 שטונדן. איז ווען מען פאָרט מיט אַ שיף, וואָס נעמט 5 אָדער 6 טעג, איז דער אונטערשייד ניט אַזוי קאָנטיק. יעדן טאָג, ווען מען קוקט אויף דעם שיף־זייגער, רוקט מען דעם אייגענעם זייגער גראַדנוויז. אָבער מיט אַן עראָפּלאַן געדויערט דער גאַנצער פלי פון ניו־יאָרק קיין לאָנדאָן 13 שעה, שוין אַריינרעכענענדיק די צייט, וואָס מען פאַרלירט אין גענדער אָנצונעמען געזאָלין. דער אונטערשייד אין צייט דעריבער און די ענדערונג פון נאַכט און טאָג קומט זייער שנעל, איידער די רייזנדיקע האָבן גענוג צייט זיך צו אָריענטירן וואָס עס קומט פאָר.

עס איז געוואָרן פינסטער ווען מיר האָבן שוין געהאַט אָפּגעפלויגן אַרום פיר שעה פון גענדער. געוויינלעך זיינען מיר געוואוינט, אַז פינסטערניש אין אַ נאַכט געדויערט אומגעפער אַכט אָדער ניין שעה. אָבער אונזער נאַכט, פליענדיק פון גענדער קיין לאָנדאָן, האָט העכסטנס געדויערט צוויי שעה. עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן און פון די פאַסן רויטע ליכט, וואָס האָבן זיך געוויזן אין מזרח־זייט, איז קאָנטיק געווען, אַז עס ווערט טאָג שנעלער ווי מיר האָבן דערוואַרט.

דער הימל איז געווען קלאָר און לויטער און עס האָט זיך אונז געדוכט, אַז עס וועט זיין אַ שיינער און אַ לויטערער טאָג. מיר האָבן אָבער כלל ניט פאַרגעסן, אַז מיר פליען הויך, איבער די וואָלקנס, און זיך קוים פאָרגעשטעלט וואָס פאַר אַ וועטער עס קען זיין אונטער די וואָלקנס.

מיר האָבן אויף דעם לאַנג ניט געדאַרפט וואַרטן. באַלד ווי מען האָט

אונז אָנגעזאָגט, אַז אין אַ האַלבער שעה אַרום וועלן מיר זיין אין לאָנדאָנער לופט־פּאָרט, האָט אונזער עראָפּלאַן זיך אָנגעהויבן אַרונטערלאָזן, און וואָס נידעריקער ער איז אַראָפּגעקומען, אַלץ פינסטערער און טונקעלער איז געוואָרן. אַ געשמאַקער רעגן האָט גענומען וואַשן אונזערע פענסטער, די ערד איז געווען נאַס און אָנגעווייקט מיט וואַסער.

וואָלט אַ רעגן אַליין ניט געווען אַזוי שלעכט, הגם בלויז אייניקע פון אונז האָבן געהאַט רעגן־מאַנטלען. די איבעריקע, כדי צו שפּאָרן געוויכט, האָבן קיין רעגן־מאַנטלען כלל ניט מיטגענומען.

ערגער איז געווען דער גאַנץ קילער וועטער. מיר אַלע זיינען געווען אָנגעטאָן אין זומערדיקע מלבושים לויט די הייסע טעג, וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזן, ווען מיר זיינען אַרויסגעפלויגן פון ניו־יאָרק.

האָבן מיר פראָסט און פּשוט געכאַפּט אַ גאַנץ נישקשהדיקן ציטער. עס האָט אַפילו ניט געהאָלפן וואָס מען האָט אונז אַריינגענומען אין אַ זאַל פון דעם קאָסטאָם־הויז, וואו מיר האָבן באַדאַרפט וואַרטן אַ לאַנגע צייט ביז די באַאַמטע פון דעם אימיגראַציע־דעפּאַרטמענט האָבן זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט אונזער באַגאַזש און פּאַספּאָרטן.

עס איז שוין דער צווייטער טאָג זינט מיר זיינען אין לאָנדאָן און דער וועטער האָט זיך נאָך אַלץ ניט געביטן. עס איז קאַלט און עס רעגנט כמעט אַלע האַלבע שעה.

די לאָנדאָנער איינוואוינער ווייסן משמעות וואָס צו דערוואַרטן פון זייער וועטער. גייען זיי אַרום אין גאַס מיט רעגן־מאַנטלען, פּאַראַסאָלן און וואַרעמע מאַנטלען אויף זייערע הענט, פּאַרטיק זיך צו באַשיצן פון דעם רעגן אָדער קעלט.

עס איז פאַרשטענדלעך, אַז די גרויסע צאָל אַמעריקאַנער טוריסטן האָבן פון דעם וועטער ניט קיין הנאה. דאָס פאַרשטערט זיי אַביסל זייער וואַקאַציע. פונדעסטוועגן קען מען זען מאַסן טוריסטן אַרום די אַלע היסטאָרישע פּלעצער. די טויערן פון לאָנדאָן, וואָס קעניג וויליאַם דער זיגער האָט אין יאָר 1066 אויסגעבויט אַלס פעסטונג אָדער פעסטונגען זיך צו באַשיצן, זיינען געווען באַלאַגערט פון לאַנגע שורות טוריסטן, ספּעציעל ביי די געביידעס, וואו עס ווערט איצט געהאַלטן די קרוין און צירונג, מיט וועלכע די קעניגין עליזאַבעט איז ניט לאַנג צוריק געקרוינט געוואָרן; אַזוי אויך דאָס באָקינגהעם־פּאַלאַץ, וואו ס'שטייען די באַרימטע גאַרדס, אָנגעטאָן אין העל־רויטע מונדירן

מיט גרויסע, פוטערנע היטלען. אַרום זיי שטייען אַ סך מענטשן און באַטראַכטן די היטערס פון דער קעניגלעכער פאַמיליע, אַפילו איצט, ווען לויט די וואָס ווייסן, זיינען קיינער פון דער פאַמיליע, איינגעשלאָסן די קעניגין, ניטאָ אין לאָנדאָן.

אונזער גרופּע האָט געמאַכט אַ נאָך־מיטאָגדיקן שפּאַציר נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך איינגעוואַשן און איינגעאָרדנט. פאָרנדיק אין באָסעס האָבן מיר געכאַפּט, אַזוי צו זאָגן, אַ „פויגל־בליק״ פון אַ שטיקל טייל פון היסטאָרישן לאָנדאָן. בלויז אין אַ פּאָר פלעצער האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט, נאָר דאָרט וואו די באָסעס האָבן ניט געקענט אַריינפאָרן, ווי „טאַוער אָוו לאָנדאָן״ און אין דעם הויף פון דעם באָקינגהעם־פּאַלאַץ. דאָס איבעריקע זיינען מיר געזעסן אין די באָסעס, ווייל עס איז פּשוט געווען צו־קאַלט אַרומצוגיין.

מיר האָבן זיך צוריקגעקערט אין דעם נאָרפאָלק האָטעל, וואָס געפינט זיך אין דעם קענזינגטאָן געגנט, וואו די דעלעגאַציע האָט איר קוואַרטיר, צו עסן אָוונט־ברויט און דערנאָך צו אַן אויפנאַמע, וואָס איז ספּעציעל פאַר דער דעלעגאַציע אַראַנזשירט געוואָרן פון דער פּאַרטיי פּועלי־ציון, פּיאָנערן־פרויען און טוער פאַר דער הסתדרות.

דאָס איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנטער אָוונט, אינטערעסאַנט מיט דעם, וואָס כמעט אַלע מיטגלידער פון די אויבנדערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס זיינען יונגע מענטשן. דער פּאָרזיצער פון אָוונט, דער פאָרשטייער פון דער פּועלי־ציון פּאַרטיי און די פּאַרטרעטערין פון די פּיאָנערן־פרויען, מרס. מיקאָדאַ, די פרוי פון פּאַרלאַמענט־מיטגליד מיקאָדאַ, זיינען אַלע געבוירענע אין ענגלאַנד, באַנוצן זיך, ווי איך פאַרשטיי, הויפּטזעכלעך מיט דער ענגלישער שפּראַך, אָבער זיינען גוטע חברים, איבערגעגעבענע ציוניסטן און ענטוזיאַסטן פאַר מדינת ישראל.

זיי האָבן האַרציק באַגריסט אונזער גרויסע גרופּע חברים, וואָס קומען פון 27 אַמעריקאַנער שטעט, האָבן אָבער אויסגעדריקט זייער פאַרוואונדערונג וואָס צווישן אונז געפינען זיך ניט קיין יונגע מענטשן, יונגע, געבוירן אין אַמעריקע, וואָס זאָלן אויך זיין פאַראינטערעסירט אין דער בויאונג און פאַרשטאַרקונג פון מדינת ישראל.

דאָס איז טאַקע געווען אַ האַרבע שאלה, וואָס איז געווען פאַר אונז זייער שווער צו ענטפערן. די פּראָבלעם פון המשך אין דער באַוועגונג, ווער

עס זאָל איבערנעמען די אַרבעט פון די, וואָס ווערן עלטער, באַשעפטיקט אַ סך מוחות פון ציוניסטישע פירער און פירער פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. אָבער דערווייל איז קיין לייזונג דערצו ניטאָ, און מיר, נאַטירלעך, האָבן קיין ענטפער אונזערע חשובע חברים אין לאָנדאָן ניט געקענט געבן.

עס איז אָבער אָנגעמערקט געוואָרן סיי פון אונזערע דעלעגאַטן, וועלכע זיינען גערופן געוואָרן צום וואָרט, און סיי פון די לאָנדאָנער חברים, אַז דער פאַקט אַליין, וואָס אַזעלכע גרויסע גרופּן פון אַמעריקע מאַכן קאָנטאַקט מיט די לאָנדאָנער חברים, ווען זיי זיינען אויפן וועג קיין ישראל, איז פון גרויסן ווערט און מאַכט אַן ענגערע פאַרבינדונג צווישן אַמעריקאַנער און לאָנדאָנער חברים.

הגם עס זיינען ביי דעם אָוונט געווען נייַן באַגריסער, זיינען די רעדעס געווען קורץ צום פּונקט, אַזוי אַז עס איז נאָך געבליבן צייט צו הערן אַ ישראל־שוישפּילער, וואָס שפּילט אין לאָנדאָן שוין איניקע חדשים אידיש טעאַטער. זיין נאָמען איז גאָלדבערג. אַ שאָד וואָס איך האָב ניט געקענט כאַפּן זיין ערשטן נאָמען.

ער האָט פאָרגעלעזן, אָדער דעקלאַמירט, לוצקי׳ס „חתונה״ און „אַ שטוב״. אויך משה נאַדיר׳ס „גנב״. ס׳איז קאָנטיק פון דעם ווי אַזוי דער אַרטיסט האָט פאָרגעטראָגן אָט־די דריי דעקלאַמאַציעס, אַז ער האָט גרויס טאַלאַנט, טאַלאַנט פון דעם איידעלן סאָרט, וואו יעדעס וואָרט, יעדער ניואַנס ווערט איבערגעגעבן און שאַפט ביי די צוהערער אַ בילד, שטיל, שיין און בנעימות־דיק. אַ שאָד וואָס מיר האָבן ניט געקענט אים הערן אין נאָך אַזעלכע רעציטאַציעס. עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. אונזער מנהיג, חבר פייגענבוים, האָט געבעטן צו ענדיקן די פאַרזאַמלונג, ווייל אויף מאָרגן האָט ער פאַר דער גרופּע געהאַט אַ גאַנץ לאַנגע פּראָגראַם און ער האָט גע־וואָלט אַז זיינע חברים־טוריסטן זאָלן אַריינכאַפּן עטלעכע שעה שלאָף, כדי דערפרישטע ווייטער צו שפּאַצירן איבער דער אינטערעסאַנטער שטאָט לאָנדאָן.

אונטער די טענער פון „התקוה״ איז די פאַרזאַמלונג געשלאָסן געוואָרן.

# אַ באַזוך ביים אַמבאַסאַדאָר אילת אין לאָנדאָן

היינט איז אונזער דריטער טאָג אין לאָנדאָן. אָבער דער וועטער איז געבליבן דער זעלבער, פּונקט ווי מיר האָבן אים געטראָפן דעם פרײַ־מאָרגן ווען מיר זיינען אַהער אָנגעקומען. עס איז גאַנץ קיל, וואָלקנדיק און עס רעגנט כמעט יעדע שעה. צו אַזאַ וועטער דאַרף מען ווירקלעך זיין צוגעגרייט מיט צוגעפּאַסטע קליידער. אין אונזער פאַל האָבן מיר דאָס ניט אין זינען געהאַט, ערשטנס, ווייל ווען מיר האָבן פאַרלאָזט ניו־יאָרק איז געווען געשמאַק וואַרעם; צווייטנס, ווייל מיר האָבן געוואוסט אַז מיר פאָרן קיין ישראל, וואו עס איז איצט, אין די דאָזיקע חדשים פון יאָר, געשמאַק הייס. האָט זיך דעריבער ניט געוואָלט פאַרנוצן עקסטראַ געוויכט אויף קליידער, וואָס מען וועט אין גאַנצן ניט באַדאַרפן. נו, ציטערט מען אונטער אַביסל, און מיר טרייסטן זיך דערמיט, וואָס ישראל וועט אונז שוין אין וואַרעמקייט אָפּגעבן פאַר לאָנדאָן אויך.

אָבער ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער לאָנדאָנער וועטער איז ניט געווען אַזוי צופרידנשטעלנדיק, פונדעסטוועגן האָט אונזער גרופּע, מענער און פרויען, שטאַרק הנאה געהאַט פון די פּאָר טעג וואָס מיר האָבן דאָ פאַרבראַכט. און ווען איך זאָג הנאה געהאַט, מיין איך ניט נאָר דעם פאַרגעניגן פון זען די היסטאָרישע פּלעצער פון דער באַרימטער שטאָט — דער אַרויספאָר קיין סטראַטפאָרד אַן אייוואַן, דער באַזוך אין אָקספאָרד, די הויז וואו שעקספּיר האָט געלעבט און געשאַפן; אויך ניט דעם וויזיט ביים ישראל־קאָנסולאַט און די אויפנאַמע פון דעם ישראל־אַמבאַסאַדאָר אילת, אָדער דעם באַזוך אין דעם בריטישן פּאַרלאַמענט. וועגן דעם וועל איך שפּעטער דערציילן. איך מיין, אַז עס איז פּשוט אַ פאַרגעניגן צו פאַרברענגען אַ שטיקל צייט אין לאָנדאָן, ווייל די לאָנדאָנער זיינען זייער אָרנטלעך און אויסערגעוויינלעך פּינקטלעך. זיי באַציִען זיך צו יעדן מיט גרויס דרך־ארץ, זיי זיינען טאָלע־ראַנט. אַפילו ווען איר דאָקוטשעט זיי, ווערן זיי ניט אויפגערעגט און ענטפערן אַלעמאָל מיט איידלקייט. ווען איר קויפט עפּעס ביי זיי, דאַרפט איר זיי ניט היטן. זיי וועלן אייך אַלעמאָל געבן די פּינקטלעכע רעשט. און ווען איינער איז אַפילו ניט אָריענטירט אין דער סיסטעם פון זייער געלט, קענט איר זיכער, און אָן שום פאַרדאַכט אָדער מורא, זיי לאָזן אַליין אויס־

קלייבן די געלט פון אייער האַנט. ווען איר גיט אַ „טיפּ", וועט מען אייך דאַנקען און זיך מיט אייך ניט דינגען ווי אין אַנדערע פּלעצער.

די גאַסן זיינען אויסערגעוויינלעך ריין. ניט־קוקנדיק וואָס לאָנדאָן איז אַזאַ אַלטע שטאָט, מיט געביידעס וואָס זיינען געבויט געוואָרן מיט אפשר הונדערטער יאָרן צוריק, און די צעשטערונג וואָס היטלער׳ס „בליץ" האָט אָנגעמאַכט. לאָנדאָן האָט אויך זייער אַ סך בלומען און גערטנער. די שטאָט איז ממש דורכגעפלאָכטן מיט פּאַרקן. דער גרעסטער פון זיי איז דער באַרימ־טער האַיד פּאַרק.

סימנים פון דעם גרויסן ספּעקטאַקל, וואָס לאָנדאָן האָט ניט לאַנג צוריק געהאַט — די קרוינונג פון דער קעניגין עליזאַבעט — קען מען נאָך איצט זען אין די טיילן פון שטאָט וואו די פּראָצעסיע איז דורכגעגאַנגען. די „סטענדס" און זיץ־פּלעצער פאַר טויזנטער, וועלכע זיינען דאַן אויפגעשטעלט געוואָרן, ווערן איצט צעוואָרפן. אָבער די לאָנדאָנער רעדן נאָך אַלץ פון דער „קאָראָנעישאָן", פון זייער „קווין" און פון דער גאַנצער געשעעניש.

פאַר איינעם, וואָס פאַרברענגט בלויז עטלעכע טעג אין לאָנדאָן אַלס דורכפאָרער, איז, נאַטירלעך, שווער צו וויסן אויף וויפיל דאָס עקאָנאָמישע לעבן אין ענגלאַנד האָט זיך געענדערט אין די לעצטע פאַר יאָר. פאַר טוריסטן, וואָס באַצאָלן מיט אַמעריקאַנער דאָלאַרן, אָדער די פון אַנדערע לענדער, וואָס צאָלן מיט זייערע געלטער, איז דאָ גענוג שפּייז און מען קען באַקומען פון אַלץ גענוג. אויף וויפיל די ענגלענדער אַליין קענען זיך פאַר־גינען און וואָס עס איז זיי דערלויבט, איז שוין אַ פראַגע. אַלנפאַלס איז ניט שטאַרק קאָנטיק פון די מענטשן אין די גאַסן, אַז זייער עקאָנאָמישער מצב זאָל זיין זייער אַ געהויבענער. איין זאַך איז זיכער, און דאָס איז, אַז די באַפעלקערונג דאַרף איצט האָבן אַ סך מער געלט צו קענען קויפן שפּייז און אַנדערע פּראָדוקטן, ווייל אַלץ איז בראַנד־טייער. און עס איז איצט גאָר ניט קיין ביליקער עסק פאַר אַ טוריסט אין לאָנדאָן. די פרייזן פאַר צימערן און שפּייז אין די בעסערע האָטעלן זיינען איצט העכער ווי אין דעם ניו־יאָרקער וואַלדאָרף אַסטאָריאַ. מיט דעם דאָלאַר קען מען איצט, זעט אויס, ווייט ניט גיין, ניט נאָר אין אַמעריקע, נאָר אויך ניט אין אַנדערע לענדער.

אונזער פאָלקס־דעלעגאַציע האָט פאַרענדיקט דעם מיטוואָכדיקן טאָג צו־ערשט באַזוכנדיק די ישראל־אַמבאַסאַדע. אליהו אילת, דער ישראל־אַמבאַ־סאַדאָר קיין ענגלאַנד, און זיין געהילף, האָבן צוליב אַנדערע דרינגנדיקע

רעגירונגס־ביזנעס אונז אויפגענומען 10 אַזייגער אין דער פרי. נאָכדעם ווי ער האָט יעדן פּערזענלעך געגעבן שלום, האָט דער פּאָרזיצער פון דער גרופּע אים געזאָגט, אַז זייענדיק אויפן וועג קיין ישראל, פילן מיר זיך זייער גליקלעך צו קענען זאָגן שלום צו איינעם פון די חשובסטע ישראל־דיפּלאָמאַטן, וועלכער פאַרטרעט ישראל אין אַזאַ וויכטיקן צענטער־פּונקט אין דער השפעה פון מיטל־מזרח. עס איז צום גרויסן קרעדיט פון דעם חשובן ישראל־פאַרטרעטער, וואָס די באַציאונגען צווישן דער בריטישער רעגירונג און ישראל זיינען פריינטלעכע. עס האָט זיך געפאָדערט אַ סך טאַקט און וויזיע אין די ערשטע יאָרן פון דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל איבערצוקומען די געפילן פון כעס און שנאה, וואָס די ענגלענדער האָבן געטראָגן קעגן דעם ישוב אין ארץ ישראל פאַר דעם קאַמף וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן קעגן זיי, איידער זיי האָבן אויפגעגעבן דעם מאַנדאַט. מיר האָבן אים געוואונטשן געזונט און לאַנגע יאָרן פון טעטיקייט פאַר מדינת ישראל.

מאַקס ניגראָש, פון דער באָסטאָנער גרופּע, האָט אין קורצע ווערטער דערציילט דעם אַמבאַסאַדאָר, אַז ער איז נאָך געווען אַ דעלעגאַט צום פערטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין הערצל׳ס צייטן; אַז ער איז גליקלעך, וואָס ער האָט געקענט דערלעבן די צייט צו זאָגן שלום צו אַ ישראל־אַמבאַסאַדאָר.

אַמבאַסאַדאָר אילת האָט געענטפערט, געדאַנקט פאַר די וואַרעמע ווערטער און האָט אויסגעדריקט צופרידנקייט צו זען אַזויפיל איבערגעגעבענע אַמעריקאַנער חברים אויף זייער רייזע קיין ישראל. ער האָט באַטאָנט, אַז מדינת ישראל נויטיקט זיך זייער שטאַרק אין דער שטיצע פון גאַנצן אידישן פאָלק. די פּראָבלעמען, האָט ער געזאָגט, זיינען גרויסע און שווערע, אָבער מיט מוט, עקשנות און איבערגעבנקייט וועט מען אַלע שוועריקייטן באַזייטיקן.

די גאַנצע באַגעגעניש פון אונזער גרופּע מיט דעם אַמבאַסאַדאָר האָט אפשר געדויערט ווייניקער פון אַ שעה צייט. עס איז אָבער געווען די רירנדיקסטע און איינדרוקספולסטע שעה, וואָס איך האָב ווען־עס־איז בייגע־וואוינט. אַלע זיינען געווען גערירט. מען האָט ממש געקענט פילן דעם שטראָם פון קעגנזייטיקער האַרמאָניע, ליבע און איבערגעבנקייט, וואָס האָט געפליסט פון אונזער גרופּע צום אַמבאַסאַדאָר און פון זיין פּערזענלעכקייט צו אונז אַלעמען. טרערן האָבן אָנגעפילט די אויגן פון די מערסטע פון אונז. דאָס איז געווען אַן אומפאַרגעסלעכע באַגעגעניש.

כאָטש איך און מיין פרוי האָבן באַזוכט דעם בריטישן פּאַרלאַמענט מיט צוויי יאָר צוריק, ווען מיר זיינען געווען אין לאָנדאָן מיט דער דריטער דעלעגאַציע, און אונזער גרופּע האָט געהאַט דעם כבוד געפירט צו ווערן פון צוויי זייער פּראָמינענטע פּאַרלאַמענט־מיטגלידער פון דער לעיבאָר־פּאַרטיי, וועלכע האָבן ניט געשפּאָרט קיין צייט אונז צו דערקלערן די באַדייטונג פון די צוויי הייזער — פון דער „האַוז אָוו לאָרדס" און „האַוז אָוו קאָמאָנס" — מיט דער היסטאָרישער באַדייטונג פון צענדליקער צימערן און טשעמבערס, און די פאַרשידענע רעגלען און טראַדיציעס, וואָס עס האָט אָט־די „מוטער פון פּאַרלאַמענטן", ווי עס ווערט אָנגערופן — זיינען מיר פונדעסטוועגן גערן געגאַנגען נאָך אַמאָל אָנקוקן די ריזיקע געביידע ביי דעם „טעמזע ריווער". דעם מאָל איז אונזער „גאַיד" געווען אַ אידישער פּאַרלאַמענט־מיטגליד און אַ חבר אין דער פּועלי־ציון פּאַרטיי, מיקאַדאָ.

בכדי עס זאָל זיין באַקוועמער פאַר אונז, אַזוי אַז יעדער זאָל קענען הערן וואָס דער „גאַיד" דערציילט, האָבן מיר זיך צעטיילט אין צוויי קלענערע גרופּן. איין גרופּע איז אָנגעפירט געוואָרן פון מיקאַדאָ'ן, און די צווייטע — פון איינעם, וואָס אַרבעט אין פּאַרלאַמענט שוין לאַנגע יאָרן און ווייסט יעדע איינצלהייט פון דער באַרימטער הויז.

איך גלויב, אַז אַלע געדענקען נאָך וועגן דעם „היטלער־בליץ" אויף לאָנדאָן, וואו כמעט אַ העלפט פון דער פּאַרלאַמענט־געביידע איז פאַרניכטעט געוואָרן. דעמאָלט האָט די „לאָרדן־הויז" זיך אַריבערגעצויגן טיפער אין דער געביידע און אָפּגעגעבן זייער „טשעמבער" פאַר די „קאָמאָנערס". ווען דער קריג האָט זיך געענדיקט, האָט מען באַלד איבערגעבויט דעם זאַל פאַר דער „האַוז אָוו קאָמאָנס", און די לאָרדן האָבן צוריקגעקראָגן זייער פריערדיקן טשעמבער. איך דערצייל דאָס דאָ צוליב דעם, וואָס אונזער „גאַיד" האָט געפונען פאַר נויטיק אונז איבערצוגעבן, אַז ווען די לאָרדן האָבן געדאַרפט צוריקקריגן זייער טשעמבער, האָט איינער פון זיי געוואָלט דורכפירן אַ פאַר־שלאַג, אַז מען זאָל דעם טשעמבער פריער אויסרויכערן, „פיומיגעיטן", ווייל די „קאָמאָנערס" זיינען דאָרט צו־לאַנג געזעסן...

פון טראַדיציע, האָט אונז דער „גאַיד" דערציילט, האָבן די „קאָמאָנערס" ניט קיין צופיל ליבע צו די לאָרדן, אַזוי אַז דער „ליעיזאָן אָפיסער" פון די לאָרדן דאַרף עפּעס איבערגעבן צו די „קאָמאָנערס" און וויל אַריינגיין אין

זייער טשעמבער, פאַרמאַכט מען פריער די טיר אין זיין פּנים. און נאָך דעם ווי ער קלאַפּט אָן און זאָגט וואָס ער וויל, לאָזט מען אים ערשט אַריין. דער קעניג אָדער קעניגין האָבן שוין ניט אַזאַ מזל. זיי קענען קיינמאָל ניט איבערטרעטן די שוועל פון דעם „טשעמבערס אָוו קאָמאָנס“. און ווען דער פּאַרלאַמענט ווערט דערעפנט פון דעם קעניג אָדער קעניגין, גייען די „קאָמאָ־נערס“ אַריין אין דעם זאַל פון דער „האַוז אָוו לאָרדס“ צו הערן איר אָדער זיין רעדע.

מיר האָבן געענדיקט אונזער שפּאַציר אין דער פּאַרלאַמענט־געביידע אויף דער לאַנגער טעראַסע אויף דער טעמזע. אויף דער טעראַסע האָט מען אונז מכבד געווען מיט אַ דערפרישנדיקן טרונק און מיט דעם, וואָס אַן אָפיציעלער פּאַרלאַמענט־פאָטאָגראַפער האָט פאָטאָגראַפירט אונזער גרופּע מיט אונזער „גאַיד“, פּאַרלאַמענט־מיטגליד מיקאָדאָ.

חבר מיקאָדאָ איז געווען אונזער גאַסט פאַר „לאַנטש“, וואָס די גאַנצע גרופּע האָט געהאַט אין איינעם פון די באמת פיינע אידישע רעסטאָראַנען אין לאָנדאָן.

מיר האָבן פאַרענדיקט דעם טאָג מיט אַ לאַנגן שפּאַציר איבער די אינטערעסאַנטע פלעצער פון שטאָט, אין דעם ווייטשעפּל, און זיך צוגעגרייט צו אונזער רייזע קיין פּאַריז.



# אונזער באַזוך אין פּאַריז

מיר האָבן פאַרלאָזן לאָנדאָן דאָנערשטיק פרי, דעם 17טן יולי, נאָך דעם ווי מיר האָבן פאַרבראַכט אין דער בריטישער הויפּט־שטאָט פיר טעג.

די טראַנספּאָרטאַציע פון אַזאַ גרויסער גרופּע מענטשן, פון איין פּלאַץ צום צווייטן, איז אַ קאָמפּליצירטער עסק און די טעכניק אַ גאַנץ שווערע. 60 מענטשן דאַרפן אין משך פון אַ קורצער צייט זיך אויסשרייבן פון האָטעל, פּאַרטיק מאַכן זייער באַגאַזש, אַז מען זאָל דאָס קענען אַרויסנעמען. אַלץ איז פאַרבונדן מיט איינצלהייטן, וואָס דאַרפן אַרבעטן גלאַט און אין צייט.

עס איז צום גרויסן קרעדיט פון אונזער מנהיג־סעקרעטאַר יצחק פייגענ־בוים, וואָס די אַלע איינצלהייטן ווערן פון אים דערליידיקט, זאָרגפעלטיק און אָן וועלכן עס איז עיכוב. דאָס איז אַ דאַנק זיין גרויסער דערפאַרונג וואָס ער האָט פון פירן די דעלעגאַציעס שוין צום פינפטן מאָל. מיר, די פינפטע, געניסן פון זיין דערפאַרונג און מיר האָבן זיך אַוודאי ניט וואָס צו באַקלאָגן. אַלץ גייט גלאַט און אין גוטער אָרדענונג.

פון לאָנדאָן קיין פּאַריז איז אונזער מאַרשרוט דאָס מאָל געגאַנגען פון לאָנדאָן איסטענד מיט דער באַן. אין איסטענד האָבן מיר זיך איבערגעזעצט אויף אַ בריטישער שיף, איבערשווימענדיק דעם ענגלישן קאַנאַל קיין קאַלעי און פון קאַלעי זיינען מיר מיט דער באַן געקומען קיין פּאַריז.

אונזערע פּאַספּאָרטן האָבן די פראַנצויזישע אימיגראַציע־באַאַמטע קאָנ־טראָלירט אויף דער באַן, אַזוי אַז מיר זיינען געווען פּאַרטיק פון פּאַריזער וואָקזאַל „גאַר די נאָרד" צו גיין גלייך צו די באָסעס, וואָס האָבן אויף אונז געוואַרט און אונז אָפּגעפירט אין דעם גראַנד־האָטעל.

זוען אַ טוריסט, אַ פרעמדער, קומט איצט אין פּאַריז, וואַרפט זיך אים גלייך אין די אויגן און ער ווערט פּשוט נשתומם פון די גוואַלדיקן יקרות פון אַלע לעבנס־מיטלען. וואָס איר זאָלט ניט וועלן קויפן, אַפילו אין די געגנטן וואו עס קומען זייער ווייניק טוריסטן, קאָסט יעדע זאַך, יעדע קליי־ניקייט, בראַנד־טייער. אין אונזער האָטעל, וואו מיר זיינען איינגעשטאַנען, וועלכן מען קען איצט אַוודאי ניט צורעכענען צו די ערשט־קלאַסיקע, צאָלט מען פאַר אַ מיטאָג (לאָנטש) 900 פראַנק. פאַר טיי אָדער קאַפּע צאָלט מען באַזונדער אַרום 100 פראַנק. דערצו רעכענען זיי באַלד צו 12 פּראָצענט

פאַר באַדינונג, איז שוין אַ קיימא־לן פון 1220 פראַנק. און אַזוי ווי דער דאָלאַר איז איצט געפאַלן און איז מער ניט ווערט ווי 350 פראַנק, איז דאָס אַ חשבון פון אַרום 3.25$. און ווען מען נעמט נאָך אין באַטראַכט, אַז די שפייזן זיינען פון אָרעמער קוואַליטעט, און אַז די פּאָרציעס זיינען אויך זייער באַשיידענע, קען מען זיך שוין פאָרשטעלן וואָס פאַר אַן אינפלאַציע עס הערשט איצט אין פראַנקרייך.

מיט אַנדערע לעבנס־מיטלען, אויסער שפּייז, איז נאָך ערגער. ווען מען גייט פאַרביי די קראָמען און מען קוקט זיך צו צו די אַרטיקלען, וועלכע זיינען אויסגעשטעלט אויף צו קריגן קונים, איז מען פּשוט פאַרגאַפט פון די פאַנטאַסטישע פרייזן וואָס די פּאַריזער בעטן איצט פאַר זייער סחורה.

פאַר אַ זייער שלעכט־געמאַכטן אָנצוג, ניט פון וואָל, בעטן זיי 16 טויזנט פראַנק (דער פראַנק איז איצט אַרום אַ דריטל סענט). אַן אַנצוג פון וואָל קאָסט 30 טויזנט פראַנק, אַרום 85 דאָלאַר. ניט די קוואַליטעט פון דעם מאַטעריאַל, און ניט דאָס מאַכן, איז פון אַזאַ סאָרט וואָס וואָלט ביי אונז אין אַמעריקע ווערט געווען מערער פון אַרום 38 אָדער 40 דאָלאַר. אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע זיינען די פרייזן פאַר אַנדערע קליידער און שוכוואַרג.

זעענדיק אָט־די געשוואָלענע פרייזן, איז מיר געווען אינטערעסאַנט אויסצוגעפינען וואָס די פאַרדינסטן זיינען, וויפיל עס פאַרדינט דורכשניטלעך אַן אַרבעטער אין פּאַריז. די אינפאָרמאַציע האָט מיר געגעבן איינער פון די פּועלי־ציון חברים, וואָס וואוינט אין פּאַריז אַ לאַנגע צייט. אַ קוואַלי־פיצירטער אַרבעטער, האָט ער מיר געזאָגט, פאַרדינט צווישן 30 און 40 טויזנט פראַנק אַ חודש. דאָס איז אומגעפער עטלעכע און צוואַנציק דאָלאַר אַ וואָך. אַקעגן דעם יקרות אויף אַלע לעבנס־מיטלען איז זיך שווער פאָר־צושטעלן און עס איז ממש צו שטוינען ווי אַזוי די אַרבעטער און די אָרעמע באַפעלקערונג לעבן און עקזיסטירן. אפשר, האָב איך געטראַכט, איז עס טאַקע די סיבה וואָס עס איז דאָ אין פראַנקרייך אַזאַ גרויסע קאָמוניסטישע באַוועגונג. דאָס באַשטעטיקט, גלויב איך, די אַלטע אַקסיאָמע, אַז דאָרטן וואו עס הערשט אָרעמקייט און פאַרצווייפלונג, דאָרט איז אַ גוט פרוכטבאַר פעלד פאַר פאַשיזם און קאָמוניזם.

פאַר אַמעריקאַנער טוריסטן איז איצט פּאַריז שוין גאָר אַ טייערער ביסן. אַ סך טוריסטן זיינען געקומען אַהער ניט וויסנדיק פון דעם גרויסן יקרות,

ווינפיל זיי דאַרפן צאָלן פאַר האָטעלן, שפּייז, א. אַ. וו. צוערשט ווען זיי בייטן די אַמעריקאַנער דאָלאַרן דוכט זיך זיי אויס, אַז זיי קריגן אַ גרודע מיט געלט, אָבער ווען זיי נעמען צאָלן פאַר אַלע זאַכן, אָנהויבנדיק פון אַ פּאָסט־קאַרטל, שפּייז, האָטעלן און טעקסיס מיט הונדערטער און טויזנטער פראַנקן, געפינען זיי אויס, אַז מיט דער גרויסער צאָל פראַנקן, וואָס זיי האָבן באַקומען פאַר זייערע אַמעריקאַנער דאָלאַרן, קענען זיי ווייט ניט גיין, און אומצופרידענע פאַרלאָזן זיי פּאַריז פריער, ווי זיי האָבן געדענקט צו זיין, ווען זיי זיינען אַהער געקומען.

דעם זעלבן געפיל האָט געהאַט אונזער גרופּע. זיי זיינען אויך אונטער דעם איינדרוק, אַז די פּאַריזער בעטן זיך צו באַצאָלן אַ ביסל צופיל פאַר דעם פאַרגעניגן צו באַזוכן זייער שטאָט. אָבער אין אונזער פאַל, ווייל מיר זיינען דאָ בלויז געשטאַנען פיר טעג, און ווייל די האָטעלן און אויך איין מאָלצייט איז פאַראויס באַשטעלט געוואָרן פאַר דער גאַנצער גרופּע, איז דאָס געווען צו דערליידן.

די פּאַריזער חברים פון דער פּועלי־ציון פּאַרטיי, פּיאָנערן פרויען און הסתדרות, האָבן זיך שטאַרק געפרייט מיט אונזער באַזוך. עס איז פאַר זיי געווען אַן אמתער יום־טוב אונז אויפצונעמען און באַגריסן, און זייער אידישע טעגלעכע צייטונג „אונזער וואָרט" האָט צוויי טעג געווידמעט עטלעכע זייטן וועגן אונזער דעלעגאַציע.

צווישן אַנדערעס, שרייבט דער זשורנאַליסט נ. זילבערבערג, פאָלגנדיקס:

„אויף זייער וועג קיין ישראל האָט זיך אויף דריי טעג אָפּגעשטעלט אין פּאַריז די 5טע גרויסע יערלעכע הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע פון אַמעריקע.

„די דאָזיקע פאָלקס־דעלעגאַציע פון דעם הסתדרות־קאַמפּעין געהערט צו איינער פון די שענסטע אויפטואונגען פון אַמעריקאַנער אידנטום. נישט בחינם שרייבט וועגן דער דאָזיקער פאָלקס־דעלעגאַציע ישראל סטאָלאַרסקי, דער נאַציאָנאַלער געהילפס־סעקרעטאַר, אַז די הסתדרות־פאָלקס־דעלעגאַציע איז שוין געוואָרן אַ שם־דבר. זי ווערט אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס פון אַלע רעגירונגס־פאָרשטייער אין ישראל. בעת דער אויפנאַמע פון דער 4טער פאָלקס־דעלעגאַציע ביים פּרעמיער דוד בן־גוריון, האָט דער פּרעמיער זייער שטאַרק געלויבט די דאָזיקע אָרגאַניזירטע טוער פון הסתדרות־קאַמפּעין, און האָט זיך זייער אויפמערקזאַם צוגעהערט צו די נייע פּלענער און אידייען

וואָס חבר פייגענבוים האָט פאַר אים פאָרגעבראַכט בעת דעם דאָזיקן שמועס.
די הסתדרות־אַנשטאַלטן גיבן אַ סך אויפמערקזאַמקייט אונזערע הסתדרות־פאָלקס־דעלעגאַציעס. זיי ווערן אויפן וועג אויך זייער וואַרעם אויפגענומען מצד דער לעיבאָר־פּאַרטיי אין ענגלאַנד, מצד די ישראל־ און די אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָרן אין ענגלאַנד און אין פראַנקרייך. די חברים און חברות, וועלכע זיינען געפאָרן מיט די פאָלקס־דעלעגאַציעס, האָבן געהאַט אַ גייסטיקן נחת־רוח און אויך די מעגלעכקייט אין גאַנצע 100 פּראָצענט צו באַזוכן און זען אַלץ וואָס עס איז ווערט צו זען אין מדינת ישראל.

„די איצטיקע 5טע פאָלקס־דעלעגאַציע, וואָס פאָרט אונטער דעם פאָרזיץ פון דעם זייער איבערגעגעבענעם חבר און באַוואוסטן עסקן, אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ, איז געווידמעט 40 יאָר עקזיסטענץ פון אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, די אינסטיטוציע, וועלכע איז געווען איינע פון די מיטגרינדער פון געווערקשאַפטן־קאַמפּעין אין אַמעריקע, וואָס אירע צענדליקער טויזנטער חברים אין אַמעריקע זיינען די געטרייסטע פריינט פון דער הסתדרות און דער רוקן־ביין פון הסתדרות־קאַמפּעין אין אַמעריקע. דאָס גיט דער 5טער פאָלקס־דעלעגאַציע צו אַ באַזונדערע חשיבות".

חבר זילבערבערג האָט אויך געהאַט אַ געשפּרעך מיט אַ פּאָר פון אונזערע חברים און מיט אונזער סעקרעטאַר פייגענבוים. וועגן אונזערע שפּאַצירן אין פּאַריז און וועגן אַ געפּלאַנטן עונג־שבת פאַר דער דעלעגאַציע און פאָרשטייער פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע, וועל איך דערציילן אין מיינע ווייטערדיקע קאַפּיטלען.



# ביי אַן עונג־שבת אין פּאַריז

דעם פרייטיקדיקן טאָג, דעם 18טן יולי, האָט די דעלעגאַציע פאַרבראַכט אויף אַ פּאָר שפּאַצירן איבער פּאַריז, געפירט פון דעם זייער פעאיקן אידישן „גאַיד" — קאָרנהענדלער.

עס איז באמת געווען אַ גרויסער פאַרגעניגן געפירט צו ווערן פון דעם זייער באַגאַבטן שריפטשטעלער, וואָס קען פּאַריז אַזוי גרינטלעך און ווייסט וואָס עס אינטערעסירט אַזאַ גרופּע טוריסטן ווי אונזערע.

קאָרנהענדלער ווייסט ווי אַזוי אין קורצע ווערטער איבערצוגעבן דאָס סאַמע וויכטיקסטע: די באַדייטונג פון אַ גאַס, פון אַ סקווער, פון אַ הויז, פון געביידעס, וואָס האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין דער פאַרגאַנגענהייט אָדער זיינען איצט וויכטיקע אינסטיטוציעס, מיט וועלכע די שטאָט פּאַריז איז אַזוי אָנגעפּיקעוועט.

ער אַליין דירעקטירט דעם טרייבער פון אויטאָבוס וואו צו פאָרן, אין וועלכער גאַס אָדער געסל ער זאָל זיך פאַרנעמען, כדי צו ווייזן זיינע טוריסטן די פּלעצער פון היסטאָרישן ווערט.

אגב, איז כדאי צו באַמערקן, אַז קאָרנהענדלער איז דער פאַרפאַסער פון צוויי ביכער אין פראַנצויזיש און אין אידיש איבער אַלט און ניי פּאַריז.

די דעלעגאַציע איז ספּעציעל געווען פאַראינטערעסירט צו זען די קוואַרטאַלן וואו אידן וואוינען, האָט ער אונז געפירט צום פּלעצל, אָנהויבנדיק פון די ספּעציפישע שמאָלע געסלעך וואו עס וואוינען, אַרבעטן און האַנדלען אַ סך פון די איינגעוואַנדערטע פּליטים, וועלכע זיינען אַהער אָנגעלאָפן נאָכ־דעם ווי די נאַציס האָבן געכאַפּט די מפּלה און האָבן אָפּגעליידיקט פּאַריז.

ענג, שמאָל און געדרייט זיינען די געסלעך. אַזוי שמאָל, אַז אונזער אויטאָבוס האָט אין די געסלעך ניט געקענט אַריינפאָרן און האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן, ווייטער אַוועק אין אַ ברייטערער גאַס, און מיר האָבן דורכגע־שפּאַצירט די געסלעך צופוס.

דאָס איז ניט געווען קיין גאָר אָנגענעמע סצענע, סיי פאַר אונז, אָנקוקנדיק די אַלטע, אָרעמע הייזער מיט קרעמלעך וואָס שטעלן פאָר דעם אמתן דלות, סיי פאַר זיי, די אָרעמע אידן, וואָס וואוינען און מוטשען זיך אין די געסלעך, ווייל עס האָט אויף זיי געמאַכט דעם איינדרוק, אַז עס האָט זיך אַהער פּלוצ־

לונג אַראָפּגעלאָזן אַ מענגע אַמעריקאַנער אידן, וואָס זיינען געקומען קוקן אויף זייער בייז־וואונדער. איין פרוי, וואָס איז געשטאַנען ניט ווייט פון מיר אין אַ טיר פון אַ שפּייז־קלייטל, האָט מיך טאַקע געפרעגט, צי מען איז געקומען קוקן אויף זייער בייז־וואונדער.

אָבער עס פאַרשטייט זיך, אַז אין די געסלעך וואוינען גאָר אַ קליינער טייל פון די העכער 200 טויזנט אידן, וועלכע געפינען זיך אין דער גרויסער שטאָט פּאַריז. די אַנדערע זיינען צעוואָרפן אין אַנדערע קוואַרטאַלן, טאַקע אַרום דעם פּלעצל, פּלאַס דע רעפּובליק, בעלוויל און אַנדערע געגנטן. דאָס רוב פון זיי אַרבעטער, בעלי־מלאכה, קלענערע און גרעסערע געשעפטס־לייט.

ווי אין אַמעריקע, זיינען די מערסטע קלענערע פאַבריקן פון שניידעריי און טריקאָטאַזש אין אידישע הענט. די באַלעבאַטים אַליין אַרבעטן לאַנגע שטונדן כדי אַרויפצואַרבעטן דאָס געשעפט, וואָס מ׳האָט אָנגעהויבן ממש מיטליידיקע הענט.

די פּאָר שטונדן וואָס מיר זיינען אַרומגעפאָרן, האָט אונז נאַטירלעך ניט געגעבן קיין צייט צו קענען זיך אָפּשטעלן אין מער פּלעצער, זיך צו באַקענען בעסער מיט דעם לעבן פון אידן אין פּאַריז און מיט אידישע אינסטיטוציעס. אומעטום האָט מען אונז דערציילט, אַז די אידן, וואָס לייענען אידיש און רעדן דעם אידישן לשון, זיינען צעטיילט אין פּאַרטייען. שוין ניט רעדנדיק פון אָרטאָדאָקסן, איז דאָ פאַראַן די פּועלי־ציון פּאַרטיי, וואָס גיט אַרויס „אונזער וואָרט״; בונדיסטן, וואָס גיבן אַרויס אַ טעגלעכע צייטונג, און קאָמוניסטן, וואָס גיבן אויך אַרויס אַ טעגלעכע צייטונג.

די מעשה פון דעם אַרעסט פון די אידישע דאָקטוירים אין מאָסקווע און די סלאַנסקי־געשיכטע אין טשעכאָסלאָוואַקיע האָט אַביסל אַ טרייסל געטאָן די קאָמוניסטישע באַוועגונג און זייער צייטונג האָט פאַרלוירן אַ היפּשע צאָל לייענער. אָבער עס איז נאַטירלעך, אַז אין אַ שטאָט וואו ס׳איז דאָ אַזאַ שטאַרקע גויאישע קאָמוניסטישע באַוועגונג, ווי אין פּאַריז, זאָלן אויך זיין אידן־קאָמוניסטן, לויט דעם אַלטן כלל „ווי עס קריסטלט זיך, אַזוי אידלט זיך״.

נאָך דעם שפּאַציר, וואָס האָט באַדאַרפט זיין מערסטנס צווישן די אידישע גאַסן און געגנטן פון פּאַריז, האָבן מיר זיך אומגעקערט אין דעם האָטעל זיך גרייט צו מאַכן פאַר אַן עונג־שבת סעודה, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן פאַר אונזער גרופּע אין פלאַמבוים׳ס כשר רעסטאָראַן.

די צייטונג „אונזער וואָרט" האָט, אונטער דעם קאָפּ: „אויף אַן עונג־שבת מיט דער אַמעריקאַנער דעלעגאַציע", געשריבן פאָלגנדיקס:

„מיר האָבן אַלע אַ פאַלשע מיינונג וועגן אַמעריקאַנער אידן. עס איז נישט ריכטיק די אַלגעמיינע מיינונג וועגן זיי, אַז דאָס זיינען קודם כל, טרוקענע ביזנעסלייט. גראָד פאַרקערט, מען דאַרף זיך לערנען פון זיי, וואָס עס איז אַזעלכעס אידיש געפיל, האַרץ, נשמה, ליבע און איבערגעבנקייט צו מדינת ישראל און אידישן פאָלק.

„וועגן דעם האָט מען זיך געקענט איבערצייגן אויפן עונג־שבת, וואָס איז פאָרגעקומען דעם לעצטן פרייטיק־צו־נאַכטס פון דער 5טער פאָלקס־דעלעגאַציע פון הסתדרות־קאַמפּעין, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אין פּאַריז אויף איר וועג קיין ישראל.

„דער עונג־שבת איז פאָרגעקומען אין רעסטאָראַן פלאַמבוים. די 60 דעלעגאַטן פון גאַנץ אַמעריקע און קאַנאַדע, זיינען אַלע געקומען מיט זייערע משפחה־מיטגלידער אָנגעטאָן שבת־יום־טובדיק, אויסגעפּוצט אין „עסיק און אין האָניק", ספּעציעל די דאַמען. אויף די טישן האָבן געברענט שבתדיקע ליכט און פאַר יעדן איינעם איז געשטאַנען צוגעגרייט אַ כוס וויין.

„ח' פייגענבוים, דער גענעראַל־סעקרעטאַר און דער אָרגאַניזאַטאָר פון די ביז־איצטיקע פאָלקס־דעלעגאַציעס, האָט צוגעגרייט דעם דאָזיקן עונג־שבת אויף אַן אופן, וואָס האָט באמת אימפּאָנירט. די דעלעגאַציע האָט געהאַלטן פאַר נויטיק און אויך ריכטיק זיך צונויפצוטרעפן אויפן דאָזיקן עונג־שבת מיט די אָפיציעלע פאָרשטייער פון ישראל, וואָס געפינען זיך אין פּאַריז און מיט אָנגעזעענע פאָרשטייער פון פּאַריזער אידנטום און, דער עיקר, מיט אונזער באַוועגונג. האָט דער עולם טאַקע מיט גרויס באַגייסטערונג באַגריסט דעם גענעראַל־קאָנסול פון ישראל, ה' אברהם גלבוע; דעם ראש־הקהל פון פּאַריז, ישראל עפרויקין; דעם שליח פון איחוד עולמי, ח' רוס, וועלכער האָט אויך פאַרטראַטן די צייטונג „אונזער וואָרט"; די ח"ח רודי און שיינער, חברים פון צ. ק. סעקרעטאַריאַט און די פאָרשטייער פון „אל־על", דעם דירעקטאָר דר. י. מאָסיס און גור־אריה.

## דער „קידוש"

„פייערלעך זיינען געזאָגט געוואָרן די ברכות פון קידוש דורך אַלע אַמעריקאַנער געסט און ח' פייגענבוים האָט דערנאָך געמאַכט קידוש. באַלד

האָט דער גאַנצער עולם אונטערגעכאַפּט די טראַדיציאָנעלע מעלאָדיע פון שלום עליכם, וואָס עס האָט פאַראינטאָנירט דער ח׳ פּוטערמאַן פון מילוואָקי און דערנאָך האָבן אַלע מיטגעזונגען זמירות. דאָס האָט באמת געמאַכט אַ רירנדיקן איינדרוק. ווען זעכציק אַמעריקאַנער אידן פון אַלע שטאַטן און קאַנאַדע האָבן, צוזאַמען מיט די עטלעכע היגע אידן, געשאַפן אַזאַ האַרציקע, ברידערלעכע אַטמאָספערע און אַן איבעריק מאָל אונטערגעשטראָכן דעם באַ־וויז, אַז די אידן פון גאָר דער וועלט פאַרבינדן טויזנטער אידישע פעדעם, אַז מיר זיינען איין גרויס אידיש פאָלק.

„דעם פאָרזיץ פון עונג־שבת האָט געפירט דער פרעזידענט פון דער דעלעגאַציע, אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ. אין האַרציקע ווערטער גיט ער איבער אַ גרוס די פאַריזער אידן פון דעם אַמעריקאַנער ישוב. זיי פאָרן איצט קיין ישראל, בכדי זיך צו פרייען מיטן אייגענעם לאַנד, מיט זיינע וואונדער־באַרע דערגרייכונגען. דאָרט אין ישראל ווילן זיי איינזאַפּן אין זיך נייע און פרישע געפילן פון ליבע און איבערגעבנקייט צו אונזער מדינה און די דאָזיקע געפילן איבערגעבן דעם אַמעריקאַנער ישוב, ווען זיי וועלן זיך צוריקקערן קיין אַמעריקע.

„די דאָזיקע 60 דעלעגאַטן פון גאַנץ אַמעריקע און קאַנאַדע פאַרבינדט איין גרויסער אידעאַל, דאָס איז די ליבע צו ישראל און דער עיקר צו דער הסתדרות און צום אַרבעטס־מענטש אין ישראל. דער הסתדרות־קאַמפּעין, וואָס זיי פירן אין אַמעריקע, איז טאַקע דער לעבעדיקער, ממשותדיקער אויסדרוק פון דער דאָזיקער ליבע צווישן אַ גרויסן טייל פון דעם אַמעריקאַנער אידנטום און דער ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט.

„דאָס ערשטע וואָרט פאַר אַ באַגריסונג באַקומט קאָנסול גלבוע. ער באַגריסט גאָר האַרציק די הסתדרות־דעלעגאַציע. ער קען זייער אַרבעט און אומגעהויערע לייסטונגען לטובת דער הסתדרות און ציוניזם. אין נאָמען פון מדינת ישראל ווינטשט ער זיי אַ גליקלעכע נסיעה און פיל נחת פון ישראל.

„איידער דער פאָרזיצער גיט איבער דאָס וואָרט דעם ה׳ מאַסיס, דירעק־טאָר פון „אל־על״, דריקט ער אים אויס דעם האַרציקן דאַנק אין נאָמען פון דער גאַנצער דעלעגאַציע פאַר דער וואונדערבאַרער לופט־נסיעה, וואָס זיי

האָבן געהאַט פון ניו־יאָרק ביז פּאַריז און פאַר דער האַרציקער ישראל־אַטמאָספערע, וואָס האָט געהערשט אין עראָפּלאַן פון „אל־על".

„דירעקטאָר מאַסיס דאַנקט פאַר די ווערטער פון אָנערקענונג אויפן אַדרעס פון „אל־על". ער שטרייכט אונטער די האַרציקייט פון די אַמעריקאַנער אידן, וואָס זיי ווייזן אַרויס לגבי ישראל און איר ווערק. די דאָזיקע שיינע טראַדיציע צו פאָרן יאָר־יערלעך קיין ישראל דאַרף דינען ווי אַ ביישפּיל פאַר אַלע אַנדערע אידן פון דער וועלט, וואָס אויב נישט אַלע קענען עולה זיין קיין ישראל, טאָ זאָלן זיי כאָטש פאָרן אויף אַ באַזוך אַהין. ער באַוואונדערט די שיינע איניציאַטיוו פון דער פאָלקס־דעלעגאַציע און ווינטשט זיי צו האָבן ווייטער אויף זייער וועג פון פּאַריז קיין ישראל, דעם זעלבן פאַרגעניגן אין „אל־על", ווי זיי האָבן עס געהאַט ביז איצט.

„דער צווייטער פאָרשטייער פון „אל־על", ה׳ גור־אריה פון ישראל, שילדערט פאַר זיי דעם אָנגענעמען מאָמענט, ווען אַ באַ׳חנ׳טע סאַברע פון ישראל וועט זיי אויפן פלי־פּלאַץ אין לוד באַגריסן מיט אַ האַרציקן „שלום" נאָך זייער אָנקומען מיטן „אל־על" קיין ישראל.

„ה׳ ישראל עפּרויקין שטרייכט אונטער די גרויסע צוגעבונדנקייט פון די אַמעריקאַנער אידן צו ישראל, ווי טיף־נשמה׳דיק זיי זיינען מיט איר פאַרבונדן. דאָס אידישע פאָלק האָט אַמאָל געהאַט צוויי גלותן, דעם גלות בבל און גלות אלכסנדריה. אין לעצטן זיינען געזעסן רייכע אידן. זיי האָבן געשיקט פיל מתנות, פון וועלכע מען האָט אַפילו געבויט אַ גאָלדענעם טויער פאַרן בית־המקדש. אין גלות בבל האָט בעיקר געלעבט די אידישע אָרעמקייט. זי האָט, וואָס אַן אמת, נישט געשיקט קיין מתנות, אָבער זי האָט געהאַלטן פון דער מצוה עולה רגל צו זיין קיין ארץ־ישראל און זי האָט געלעבט מיט דעם גייסט פון ארץ־ישראל. דעם סוף ווייסט מיר. דער גלות פון אלכסנדריה איז אונטערגעגאַנגען. דער אידישער ישוב האָט זיך אַסימילירט און פאַרשוואונדן. און דער גלות בבל איז געווען רייך אין אידישער שאַפונג און ער האָט אַרויסגעגעבן גרויסע אידישע גאונים און ער האָט אויך, בעיקר, צוריק אויפגעבויט ארץ ישראל.

„איר אַמעריקאַנער פאַראייניקט אין זיך דאָס גוטע פון ביידע גלותן. איר העלפט מדינת ישראל אויף וויפיל נאָר אייער האַנט גרייכט און איר זענט אויך עולה רגל. זייט דעריבער געבענטשט און געבענטשט זאָלן זיין אייערע מעשים.

„חבר רוס ווייזט אָן, אַז דאָס אַנטשטיין פון מדינת ישראל האָט מען צו פאַרדאַנקען דריי נסים. דער פאַקט וואָס מיט 80־70 יאָר צוריק איז אַ הייפל חובבי־ציון עולה געווען קיין ישראל. ווען ניט זיי וואָלט בכלל ניט געווען קיין פראַגע וועגן שאַפן אַ מדינה. דער צווייטער נס איז געווען די שארית הפליטה, וואָס איז על פי נס, איבערגעבליבן נאָכן לעצטן אומקום פון אייראָפּעאישן אידנטום. אַ דאַנק דער דאָזיקער שארית הפליטה האָט מדינת ישראל געקענט אַנטשטיין. און דער דריטער נס איז דאָס אַמעריקאַנער אידנטום, אָן וועמענס הילף די מדינה וואָלט ניט געקענט עקזיסטירן.

„דאָס אַמעריקאַנער אידנטום ווערט דעריבער, געטראָגן פון אַ גרויסער שליחות, און ווען מען זעט פאַר זיך די נייע עולי־רגל פון יענער זייט ים, ווען מען פילט זייער ליבע צום לאַנד און פאָלק, זייער גרייטקייט צו הילף און זייער אמונה אין דער זאַך — גלויבט מען אויך, אַז זייער שליחות וועט איינגאַנצן דערפילט ווערן.

„אַ גייסטרייכע און האַרציקע רעדע האָלט העמלין פון באָסטאָן, אַ ברודער פון דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דעם הסתדרות־קאַמפּעין אין אַמעריקע:

„אונזער האַרץ איז אָנגעפילט מיט יום־טוב פאַר אונזער לאַנד און פאַר אונזער פאָלק. סיי אין לאָנדאָן, פון וואַנען מיר קומען איצט, און סיי אין פּאַריז איצט, פילן מיר דאָס גרויסע אידישע האַרץ, וואָס קלאַפּט אַזוי ריטמיש פאַר אונזער מדינה. מיר פאָרן איצט קיין ישראל, וואו עס דערוואַרט אונז נישט בלויז די וואַרעמקייט פון בלויען הימל דאָרט, נאָר וואו מיר וועלן אויך גייסטיק אָנגעוואַרעמט ווערן. מיר זיינען איין גרויס אידיש פאָלק. מיר זיינען זיי און זיי, אין ישראל, זיינען מיר. ניט מער, וואָס די שותפות איז ניט קיין גלייכע. מיר מוזן מער אַריינלייגן אין דער דאָזיקער שותפות. ניט נאָר געלט, נאָר אויך נשמה, האַרץ, ליבע און דער עיקר אונזער יוגנט זאָל פאָרן קיין ישראל. מיר פאָרן קיין ישראל ניט צו זאָגן דאָרט קיינעם קיין דעות, נאָר מיר ווילן זיך לערנען ווי צו העלפן בויען אַ גרויסע, שטאַרקע, אידישע מדינה אין ישראל.

„די רעדע פון ח׳ העמלין האָט מיט איר טיפן אינהאַלט און שיינער פאָרם געמאַכט גאָר אַ שטאַרקן רושם אויף אַלע אָנוועזנדיקע.

„נפתלי זילבערבערג האָט באַגריסט די דעלעגאַציע אין נאָמען פון „אונזער וואָרט". ער האָט אונטערגעשטראָכן די ברידערלעכע געפילן וואָס פאַרבינדן אונז מיט זיי און אויסגעדריקט דעם געדאַנק, אַז דערמיט וואָס זיי

פליען מיט „אל־על“ געפינען זיי זיך שוין אויפן ישראל־באָדן, נאָך איידער זיי זיינען אָנגעקומען אַהין.

„ח׳ .י טיקמאַן, אַ געזעלשאַפטלעכער טוער אין נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, לייענט איבער זיינס אַ זייער געלונגענעם פעליעטאָן. גאָר אַ גרויסן בייפאַל האָט געהאַט דער באַקאַנטער אַמעריקאַנער אַקטיאָר בען גיילינג. ער פירט־אָן אין באָסטאָן די אידישע ראַדיאָ און טעלעוויזיע־שעה און טראָגט פאַנאַנדער דאָס אידישע וואָרט אין דער לענג און ברייט פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט. מיט פיל הומאָר האָט ער געלייענט פון זיין בוך „גיט אַ שמייכל“, עטלעכע פון זיינע שאַפונגען. ער האָט אָבער אויך אָנגעשלאָגן אין אַן ערנסטן טאָן, לייענענדיק די טענה פון אַ אידן פאַר די פאַראייניקטע נאַציעס.

„דער פרעזידענט שאַפּיראָ דאַנקט אין נאָמען פון דער גאַנצער דעלע־גאַציע דעם סעקרעטאַר ח׳ פייגענבוים פאַר דער אַזוי גלענצנדיק־צוגעגרייטער רייזע פון דער פינפטער פאָלקס־דעלעגאַציע און פאַרן היינטיקן עונג־שבת, וואָס האָט אויף אַלעמען געמאַכט אַזאַ שטאַרקן רושם.

„פייערלעך האָט דער גאַנצער עולם געזונגען די „התקוה“.

„אין משך פון שבתדיקן טאָג האָט די דעלעגאַציע באַזוכט עטלעכע היגע סינאַגאָגעס, געווען אויפן פלעצל און זיך משמח געווען מיט די היגע אידן.

„זונטיק האָט די דעלעגאַציע פאַרבראַכט אין ווערסאַיל און אין אָוונט געווען אויף דער פייערלעכער מסיבה, וואָס אונזער באַוועגונג האָט לכבוד זיי איינגעאָרדנט אין בית־עם.“



# דער ערשטער טאָג אין תל־אביב

פֿום פּאַריזער לופֿט־פֿעלד האָבן אונז באַגלייט די פֿאַרטרעטער פֿון „אל־על", אַכטונג צו געבן, אַז אונזער אָפּפֿליען זאָל צוגיין אין גוטער אָרדענונג.

פּונקט 12:30 מיטאָג־צייט האָט זיך דער גרויסער „אל־על" קאָנסטעלעישאָן־עראָפּלאַן אויפֿגעהויבן און אין אַ פּאָר מינוט זיינען מיר געווען הויך אין דער לופֿט, אויף דעם וועג קיין תל־אביב, בלויז אָפּשטעלנדיק זיך אין אַטענס, גריכנלאַנד, פֿאַר אַ קורצער צייט.

דער טאָג איז געווען אַ זוניקער, דער הימל לויטער, אין קאָנטראַסט צו די פֿיר טעג פֿון וואָלקן און רעגן וואָס מיר האָבן געהאַט, זייענדיק אין פּאַריז.

אָבער וואָס ווייטער מיר זיינען געפֿלויגן צו מזרח, אַלץ וואַרעמער איז געוואָרן. גאָר אין דער הויך (אונזער עראָפּלאַן איז געפֿלויגן אַרום 15 טויזנט פֿוס הויך) האָבן מיר די היץ ניט אַזוי געפֿילט און אַפֿילו ניט געוואוסט, אַז מיר פֿליען אַריין אין דעם, וואָס מען רופֿט אָן אין מיטל־מזרח, „כאַמסין". מיר האָבן אָבער דאָס גאָר גוט דערפֿילט, ווען מיר זיינען שוין געווען אויף דער ישראל־ערד.

דער צייט־אונטערשייד צווישן פּאַריז און תל־אָביב איז צוויי שעה, אַזוי אַז וואָס ווייטער מיר זיינען געפֿלויגן, אַלץ שפּעטער און טונקעלער איז געוואָרן. מען האָט אונז אָנגעזאָגט, אַז מיר דערנענטערן זיך צו מדינת ישראל — צום לאַנד, וועגן וועלכן עס האָבן געחלומט און געבענקט אַ סך אידישע דורות, און וואָס איז איצט די האָפֿענונג פֿון טויזנטער אידן, אַפֿילו ווען זיי קענען זיך נאָך ניט באַזעצן דאָ, ווילן זיי אַמווייניקסטן קומען אַהער אויף אַ באַזוך דאָס אָנקוקן.

דער גרעסטער טייל פֿון אונזער גרופּע מענער און פֿרויען זיינען נאָך אין ישראל קיינמאָל ניט געווען, איז עס געווען פֿאַרשטענדלעך זייער אויפֿרעגונג און דערוואַרטונג, דער נשמה־ציטער, ווען עס האָט אַ שיין געטאָן דער אויפֿשריפֿט, אַז מען זאָל זיך אַרומגאַרטלען, אַ סימן, אַז אין עטלעכע מינוט וועט דער עראָפּלאַן זיך אַראָפּלאָזן אויף דער ישראל־ערד.

אַלע אויגן זיינען אין דער מינוט געווען געווענדעט צו די עראָפּלאַן־

פענסטער, וואו עלעקטרישע ליכט און פייערלעך האָבן זיך באַוויזן פון ביידע זייטן — די ליכט פון תל־אביב, און פון די שטעטלעך און דערפער אַרום.

„ישראל, ישראל!" — האָבן אַ סך געמורמלט שטילערהייט. טרערן האָבן זיך באַוויזן אין די אויגן פון אַ סך. אייניקע פרויען האָבן אָבער ניט געקענט דערשטיקן זייערע עמאָציעס און האָבן געכליפּעט און געוויינט אויפן קול.

דער ריזיקער עראָפּלאַן האָט באַרירט די ערד, איז אַ פּאָר מינ׳ט געפאָרן אויף דעם געפלאַסטערטן וועג פון לופט־פעלד און אָפּגעשטעלט די מאָטאָרן.

די טיר פון דעם עראָפּלאַן האָט זיך געעפנט און אַ ישראל פּאָרט־באַאַמטער האָט זיך באַוויזן אויסצוגעפינען, אויב אַלץ איז אין אָרדענונג. אַ מיידל אין יוניפאָרם האָט פריער אין העברעאיש אויסגערופן: „ברוכים הבאים", און דערנאָך אין ענגליש: „יו אַר וועלקאָם טו איזראַעל, העוו יור פּאַספּאָרט רעדי", און מיר האָבן גענומען אַראָפּגיין.

באַקאַנטע שטימען האָבן זיך באַלד דערהערט פון הסתדרות־חברים, וועלכע זיינען אונז געקומען באַגעגענען. עס זיינען געקומען צום לופט־פעלד אונז זאָגן „שלום": דר. יוסף בורשטיין, חיים סענדערסאָן, בראשי און אַנדערע. זיי קענען כמעט אַלעמען אין דער דעלעגאַציע פון זייער אַרומפאָרן אין די פאַרשידענע שטעט און סטעיטס אין אַמעריקע, פון וואַנען די מענער און פרויען, חברים און חברות קומען. איז דאָס דעריבער געווען אַ האַרציקע באַגעגעניש.

די דערמאָנטע ישראל־חברים זיינען אויך געווען פון גרויס הילף ביים דערליידיקן די קאָסטאָם־פּראָצעדורעס פון איבערקוקן דעם באַגאַזש, קאָנטראָ־לירן די פּאַספּאָרטן און פאַרשרייבן די אַמעריקאַנער געלט וואָס טוריסטן פירן אַריין, אַזוי אַז עס זאָל זיין אַ קאָנטראָל איבער די אַריינגעפירטע דאָלאַרן, זיי זאָלן ניט גרייכן דעם שוואַרצן מאַרק פאַר אומלעגאַלע טראַנזאַקציעס.

אָבער ווי שנעל די קאָסטאָם־באַאַמטע האָבן דעם עסק ניט געוואָלט אָפּ׳פטר׳ן, האָט פונדעסטוועגן געמוזט נעמען אַ לענגערע צייט זיך אָפּצו־פּאַרטיקן מיט אַזאַ גרויסער גרופּע מענטשן מיט איין מאָל, מיט אַ סך באַגאַזש, בייטן געלט א. אַ. וו. די וואָס זיינען פאַרטיק געוואָרן, האָבן די ישראל־חברים אַריבערגענומען אין אַן אַנדער זאַל, און וואַרטנדיק אויף די איבעריקע, האָבן זיי דערוויילל זיך געקענט דערפרישן מיט אַ קאַלטן טרונק.

הייס איז אָבער געווען גאַנץ געשמאַק. אַלע האָבן געשוויצט און אונזערע ישראל־חברים, וואָס זיינען געקומען אונז באַגעגענען, האָבן אויסגעדריקט

זייער באַדויערן, וואָס גראָד אַ פּאָר טעג פאַר אונזער אָנקומען איז אַנטשטאַנען דער „כאַמסין״, די הייסע מדבר־כוואַליע, וואָס מאַכט אַזוי אומבאַקוועם און וואָס געדויערט אָפט אַרום צען טעג, איידער מען ווערט פון איר פּטור.

ענדלעך זיינען אַלע זעכציק פון אונזער דעלעגאַציע פּאַרטיק געוואָרן מיט דעם קאָסטאָם־קאָנטראָל. מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט אין צוויי גרויסע דע־לוקס אויטאָבוסן, וועלכע זיינען ספּעציעל געקויפט געוואָרן פון „תיור וטיול״ צו באַדינען טוריסטן.

דאָ איז כדאי צו באַמערקן, אַז ביז מיט אַ שטיקל צייט צוריק זיינען גרעסערע גרופּן טוריסטן, וועלכע די הסתדרות האָט באַדינט, איינשליסנדיק די פיר הסתדרות־פאָלקס־דעלעגאַציעס, וואָס האָבן אין משך פון פיר יאָר באַזוכט ישראל, געפירט געוואָרן איבערן לאַנד אין אַלטע באָסעס, וואָס קורס׳רן געוויינלעך אויף די ישראל־וועגן. עס איז באמת דעמאָלט ניט געווען קיין גרויסער מאכל אַרומצופאָרן אין יענע אויטאָבאָסעס, וואָס פלעגן קלאַפּן און אַרויסטרייסלען די נשמה.

דער קאָנטראַסט איז אַ געוואַלדיקער. די נייע באָסעס זיינען געראַם, שיין דעקאָרירט, די זיץ־פּלעצער באַקוועם און באַדעקט מיט ווייסע „טשעכאָלן״ (קאָווערס), אַזוי אַז עס איז אָנגענעם אין זיי צו פאָרן. אָט די נייע אויטאָ־באָסעס האָבן ווירקלעך דערפרייט די הערצער פון אייניקע פון אונז, וואָס האָבן שוין אַ פּאָר מאָל פאַרזוכט דעם טעם פון אַרומפאָרן איבער דעם לאַנד אין יענע אַלטע באָסעס.

עס איז שוין געווען האַלבע נאַכט, ווען מיר זיינען אָפּגעפאָרן פון לוד׳ער לופט־פעלד צו די האָטעלן אין תל־אביב, וועלכע זיינען פאַר אונז באַשטעלט געוואָרן.

פאָרנדיק מיט אָפענע פענסטער, איז די לופט געוואָרן קילער און האָט אַביסל דערפרישט אונזערע צעשוויצטע קערפּערס. אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט איז שווער געווען צו זען דעם בוי־פּראָגרעס, וואָס איז אין דער געגנט געמאַכט געוואָרן פאַר די לעצטע צוויי יאָר, פון זינט איך און מיין פרוי זיינען דאָ געווען.

די רייזע פון לוד קיין תל־אביב געדויערט אומגעפער אַ האַלבע שעה, האָב איך דערווייל געהאַט די געלעגנהייט צו שמועסן מיט דר. יוסף בורשטיין וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע אין לאַנד. איך האָב אים געפרעגט וועגן

דער אַרבעטסלאָזיקייט, וועגן וועלכער די צייטונגען שרייבן, און ווי גרויס זי איז. יאָ, האָט דר. בורשטיין געענטפערט, עס איז דאָ אין לאַנד אַרבעטס־לאָזיקייט, אָבער ניט אין אַן אַבנאָרמאַלער פּראָפּאָרציע. דאָס איז דער רעזול־טאַט פון געוויסע רעגלען און מיטלען וואָס די רעגירונג האָט געמוזט אָנ־נעמען צום צאַמען און באַזייטיקן די גרויסע אינפלאַציע, וואָס האָט געהערשט אין לאַנד. דאָס איז דער ישראל־רעגירונג געלונגען צו טאָן. די אינפלאַציע איז אָפּגעשטעלט. איצט זוכט די רעגירונג אַ וועג און עס ווערן אָנגעווענדעט פאַרשידענע מיטלען, ווי אַזוי צו לינדערן די אַרבעטסלאָזיקייט ווי ווייט מעגלעך. די לעצטע פּאָר וואָכן, האָט ער פאַרגעזעצט, ווייזט זיך אַ מערק־באַרע פאַרבעסערונג. פאַבריקאַנטן קריגן אַריין גרעסערע באַשטעלונגען, און אַ באַדייטנדיקע צאָל אַרבעטער קערן זיך אום צוריק צו דער אַרבעט.

אונזער שמועס מיט דר. בורשטיין איז אָבער איבערגעריסן געוואָרן, ווען מיר זיינען צוגעקומען צום האָטעל, וואו מיר וועלן איינשטיין די צייט, וואָס מיר וועלן פאַרברענגען אין תל־אביב, איידער מיר וועלן אַרויספאָרן קיין ירושלים, חיפה, גליל און אַנדערע שטעט און דערפער אַרום.

האָבן מיר אַריינגעכאַפּט עטלעכע שעה שלאָף, אויפגעשטאַנען אויסגע־רוטע און דערפרישטע, פאַרטיק אָנצוהויבן אונזער שפּאַציר אין תל־אביב און אין אַנדערע פּלעצער, לויט דער פּראָגראַם וואָס איז פאַר אונז אויסגע־אַרבעט געוואָרן.

אונזער ערשטן וויזיט האָבן מיר געמאַכט אין חולון — אין דעם וואונ־דערבאַרן שטעטל, איצט אַ שטאָט, וואָס איז אין אַן ערך אַ קורצער צייט אַרויסגעכישופ׳ט געוואָרן פון אַ זאַמד־מדבר עטלעכע מייל פון תל־אביב.

איך, פּערזענלעך, געדענק גאַנץ גוט דעם וואונדער, וואָס עס האָט זיך פאַר אונז אַנטפּלעקט אין 1949, ווען די ערשטע הסתדרות־פאָלקס־דעלעגאַציע האָט באַזוכט ישראל. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם איינדרוק וואָס עס האָט אויף אונז געמאַכט. מיר זיינען פּשוט געוועזן פאַרגאַפט צו זען ווי צווישן גרויסע הורבעס זאַמד, וואָס האָט דעמאָלט אַרומגערינגלט דאָס שטע־טעלע, זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן אַ ריי הייזער, קליינע, שייניקנע הייזעק־לעך. זיי האָבן אויסגעזען פּונקט ווי זיי זאָלן האָבן אַרויסגעוואַקסן פון דער מאַסע געלער זאַמד. יעדע הייזקעלע מיט אַ בלומען־גאָרטן און געוויקסן. אָבער אמת־איבעראַשנדיק און פאַרכאַפּנדיק איז געווען צו זען דעם פאַרק און דעם

קינסטלעכן באַסעין אין מיטן שטעטעלע, וואו קינדער האָבן זיך געשפּילט און געבאָדן.

געדענק איך ניט געגוי וויפיל עס איז דעמאָלט געווען די באַפעלקערונג פון דעם בלומען־שטעטעלע, זיכער ניט מער פון אַכט טויזנט. צוויי יאָר שפּעטער, אין 1951, ווען מיר האָבן דעמאָלט באַזוכט חולון, איז די באַפעל־קערונג שוין באַדייטנד פאַרגרעסערט געוואָרן. איצט האָט אונז דער מעיאָר, ה׳ אילון, דערציילט, אַז חולון האָט שוין אַ באַפעלקערונג פון 32 טויזנט נפשות, באַזיצט 20,000 דונאַם לאַנד, האָט 17 קינדער־גאָרטנס, 11 פאָלקס־שולן און איין גימנאַזיע.

אַרום חולון קאָנצענטרירט זיך איצט אַ באַדייטנדיקע צאָל אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען פון טעקסטילס און אַנדערע פּראָדוקטן.

אונזער גרויסע דעלעגאַציע איז אויפגענומען געוואָרן פון דעם מעיאָר פון חולון, אילון, און דעם מזכיר פון דער חולונ׳ער הסתדרות, ווייצמאַן, געבנדיק אַלע פאַקטן וועגן דעם וואוקס פון חולון, פאַרענדיקנדיק מיט אַ באַזוך אין דעם חולונ׳ער „בית־אבות״, אַ היים פאַר עלטערן פון קינדער, וואָס זיינען שוין אין די עלטערע יאָרן און קענען ניט אַרבעטן. דאָ, אין דער שיינער און ציכטיקער היים, לעבן זיי זיך אויס אָן זאָרג און אָן דאגות. מיט דעם האָבן מיר פאַרענדיקט אונזער ערשטן שפּאַציר און האָבן זיך אומ־געקערט צום האָטעל זיך גרייט מאַכן צו גיין צו דער אָפּערע, וואו ביזע׳ס „קאַרמען״ איז געשפּילט געוואָרן.



# די העברעאישע אָפּערע אין ישראל

קומענדיק צוריק פון אונזער באַזוך אין חולון, פון וועלכן איך האָב שוין דערציילט, האָבן מיר זיך פאַרטיק געמאַכט צו גיין צו דער אָפּערע אין דעם הבימה־טעאַטער, געזונגען אין העברעאיש.

שוין דעם דריטן מאָל, אַז מיר קומט אויס צו הערן די ישראל־אָפּערע אין העברעאיש. אין 1949, ווען מיר האָבן באַזוכט די מדינה, האָבן מיר געהערט האָפּענבאַכ׳ס „האָפמאַנ׳ס מעשה׳לעך", אין 1951 — „שמשון און דלילה", און דאָס מאָל איז אויף דער פּראָגראַם געווען ביזע׳ס „קאַרמען".

איז דאָס ניט מיין אַבזיכט צו זאָגן מבינות אויף דעם שפּילן און זינגען פון דעם זייער פּאָפּולערן מייסטערווערק פון ביזע. געוויס איז די אָפּערע „קאַרמען" אויף דעם רעפּערטואַר אין ערשטקלאַסיקע אָפּערע־הייזער אומע־טום — דאָרטן וואו עס זיינען דאָ די כוחות סיי אין אַנסאַמבל און סיי אין די אינדיווידועלע ראָלן אויפצופירן די אָפּערע, ווייל כדי אַרויסצוברענגען שיינע און גאַנץ קאָמפּליצירטע מוזיק פון דעם גרויסן ווערק, פאָדערן זיך ערשט־קלאַסיקע זינגער. אַזעלכע, וועלכע קענען סיי זינגען און סיי שפּילן, אַמווייניקסטן אין די צוויי הויפּט־ראָלן פון קאַרמען און דאָן האָזע.

עס זאָל הייסן, אַז נאָך מיט פיר יאָר צוריק, ווען דעפּיליפּי און איר מאַן, וועלכע האָבן איבערגענומען די לייטונג פון דער אָפּערע, און זיינען געוואָרן די אימפּרעסאַריעס און פאַרוואַלטער פון דער העברעאישער אָפּערע. האָבן זיי זיך אָנטזאָגט אַריינצולאָזן צוויי רעצענזענטן, וועלכע האָבן געשריבן אַ ניט־גינסטיקע קריטיק פון דעם שפּילן און זינגען פון מאַדאַם דעפּיליפּי. פון דעמאָלט אָן באַקאָמירן אַלע מוזיק־קריטיקער פון תל־אביב און פון אַנדערע שטעט פון ישראל די גאַנצע אָפּערע־געזעלשאַפט. די זינגערין דעפּיליפּי ווערט באַשולדיקט, אַז זי רעכנט זיך קיינמאָל ניט וועגן דער קינסטלערישער זייט פון די אויפפירונגען, נאָר פאַסט צו און ענדערט אַפילו אָפטמאָל די מוזיק פון אַ ווערק פאַר איר שטימע און איר אויג פון שפּילן.

אַ חוץ דעם, ליידט די געזעלשאַפט אויך פון היימלאָזיקייט. די אָפּערע האָט ניט קיין טעאַטער וואו צו שפּילן אין תל־אביב. ביז איצט האָבן זיי איין מאָל אַ וואָך געקענט נוצן דעם הבימה־טעאַטער, אָבער איצט זאָגט די

הבימה־געזעלשאַפט, אַז זיי דאַרפן דאָס הויז פאַר זיך אַליין. פאָלגלעך האָבן זיי שוין אינגאַנצן ניט וואו צו שפּילן אין תל־אביב.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן איז שווער צו זאָגן, וואָס עס וועט מיט דער אָפּערע־געזעלשאַפט פּאַסירן. עס זעט אויס, אַז די באַפעלקערונג, ספּעציעל די וואָס זיי אינטערעסירט די אַרט פון מוזיק, זיינען גאַנץ גלייכגילטיק צו דעם שיקזאַל פון דער אָפּערע־קאָמפּאַני, סיידן די פאַרוואַלטונג זאָל איבער־געניומען ווערן פון מענטשן וועלכע וועלן האָבן די סימפּאַטיע און אונטער־שטיצונג פון מוזיק־ליבהאָבער און קולטורעלע כוחות פון לאַנד, און וועלן קודם כל קינסטלעריש אַוועקשטעלן די אויפפירונג אויף אַ העכערן ניוואָ.

***

פאַר אונזער צווייטן טאָג פון זיין אין תל־אביב האָט מען פאַר אונז צוגעגרייט אַ געפּאַקטע פּראָגראַם, וועגן וועלכער איך וועל שפּעטער דערציילן. פאָרלויפיק וואָלט איך וועלן איבערגעבן אַ פּאָר איינדרוקן פון דעם וואָס איך האָב שוין געזען און די ענדערונגען וואָס זיינען אַנטשטאַנען זינט מיר זיינען דאָ געווען מיט צוויי יאָר צוריק, ווייל עס האָט זיך אַ סך געביטן, עס האָט זיך געענדערט דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון דער מדינה, סיי צום גוטן און סיי צום ערגערן.

פאַר איינעם וואָס האָט באַזוכט די מדינה מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, וואַרפט זיך גלייך אין די אויגן דאָס, וואָס עס איז איצט דאָ גענוג סחורה אין די קראָמען. זינט די „רעישאָנינג" איז אָפּגעשאַפט געוואָרן פון די מערסטע שפּייז, מיטן אויסנאַם פון פלייש און פעטס, איז איצט צו קריגן אַלץ לרוב. קיינער שטייט איצט ניט אין דער ריי, מען קען קויפן וואו מען וויל און וויפיל מען וויל; אַזוי אויך מיט אַלע אַנדערע פּראָדוקטן.

דאָס, זעט אויס, האָט דערמעגלעכט פרייען האַנדל. דער געזעץ פון „סאָפּלאַי און דימענד" האָט אַרויסגעבראַכט אַ סך סחורות וועלכע זיינען פריער, אין דער פּעריאָדע פון „רעישאָנינג", געלעגן באַהאַלטן און זיי ווערן איצט אָנגעבאָטן צו די קונים.

וואָלט דאָך געווען גוט, וואָס עס איז איצט דאָ סחורה אין וועלכער עס איז פריער געווען אַזאַ גרויסער מאַנגל. טויג עס ערשט ניט, ווייל עס איז ניטאָ גענוג פונטן ביים עולם צו קענען קויפן אָט־די אַלע פּראָדוקטן וואָס מען זעט אין די קראָמען צום פאַרקויפן.

צו דערקלערן, פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, איז אַ גאַנץ קאָמפּליצירטער עסק, און איך נעם זיך ניט אונטער דאָס צו טאָן. עס איז אָבער באַוואוסט, אַז אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פון אַלע לענדער שפּילן פון צייט צו צייט געוויסע קעגנגעזעצטע עקאָנאָמישע כוחות, וואָס הויבן און וואַרפן דעם ווערט פון געלט און דעם ווערט פון פּראָדוקטן אין אַ געוויסער צייט. דאָס פּאַסירט אַפילו אין גוט־איינגעפונדעוועטע לענדער, וואָס עקזיסטירן שוין פון לאַנגע יאָרן. היינט ווער רעדט שוין פון אַזאַ יונגער און קליינער מדינה׳לע.

פירנדיקע מענטשן פון לאַנד זאָגן, אַז דאָס וואָס עס איז איצט דאָ ווייניקער געלט אין די הענט פון דער באַפעלקערונג, און פאַרוואָס עס שפּירט זיך אַפילו אַן אַרבעטסלאָזיקייט, איז דער רעזולטאַט פון דעם וואָס די רעגירונג האָט געפונען פאַר נויטיק אָפּצושטעלן די גרויסע אינפלאַציע און, איינמאָל פאַר אַלע מאָל, סטאַביליזירן דעם פונט און ברענגען די עקאָנאָמיע פון לאַנד צו אַ נאָרמאַלן צושטאַנד. דער ווערט פון פונט איז אַראָפּגעדריקט געוואָרן, אַז ער זאָל קויפן ווייניקער פּראָדוקטן ווי פריער.

איז עס ניט מיין אויפגאַבע צו זאָגן אַ מיינונג צי די מיטלען זיינען גוט אָדער שלעכט, און צי די עקאָנאָמישע עקספּערטן און ראַטגעבער פון דער ישראל־רעגירונג זיינען צופרידן מיט די רעזולטאַטן אָדער ניט. איך וויל בלויז באַצייכענען דעם איצטיקן צושטאַנד, אַז אין דער מדינה איז איצט דאָ מער סחורה אין די קראָמען אָבער ווייניקער קונים.

דער איצטיקער צושטאַנד האָט שוין געפירט דערצו, אַז דער קונה איז געוואָרן דער מיוחס: מען יאָגט זיך נאָך אים און ער ווערט איצט באַהאַנדלט מיט גרויס רעספּעקט.

דאָס מערקט זיך אויך שטאַרק אין דער באַהאַנדלונג פון טוריסטן אין די האָטעלן און אין דעם שטאַרקן קאָנטראַסט ווי אַזוי מען פלעגט זיי באַהאַנדלען פריער.

אגב, איז כדאי צו באַמערקן, אַז האָטעלן פאַר טוריסטן פאַרמערן זיך שטאַרק אין אַלע שטעט פון דער מדינה. עס ווערט פאַרטיק און עס בויט זיך אַ צאָל ערשט־קלאַסיקע האָטעלן, וועלכע וועלן קענען באַדינען אַ גרעסערע צאָל טוריסטן אויף אַ פיינעם אופן.

ריידנדיק פון טוריסטן, איז וויכטיק, אַז אַמעריקאַנער אידן זאָלן וויסן, אַז פאַר זיי איז איצט ספּעציעל געשאַפן געוואָרן אַזעלכע גינסטיקע באַדינ־גונגען, וואָס מאַכן איצט ישראל פאַר איינעם פון די ביליקסטע וואַקאַציע־

פּלעצער אין אייראָפּע און אין מיטל־מזרח. אַ טוריסט קריגט איצט פֿאַר זיין דאָלער 1 פונט און 80 פּיאַסטער, אָנשטאָט וואָס דער פריערדיקער עקסטשענדזש איז געווען $2.80.

אין אַנדערע ווערטער, דער אַמעריקאַנער טוריסט צאָלט איצט בלויז 55 סענט פֿאַר דעם ישראל־פונט, וואָס פריער האָט ער פֿאַר אים געצאָלט $2.80. עס איז אמת, אַז מיט דעם ביליקער ווערן פון פונט איז אויך געשטיגן ד'ער פּרייז אויף די פּראָדוקטן, אָבער פֿאַרגלייכנדיק די פּרייזן דאָ אין ישראל מיט די פּרייזן פון האָטעלן און שפּייז אין די אייראָפּעאישע שטעט און מיט דעם וואָס עס האָט אַ טוריסט געקאָסט פריער, פֿאַר דעם ביליקער ווערן פון דעם פונט, זיינען די איצטיקע באַדינגונגען אַ פּשוטע מציאה.

ווי לאַנג אָט־דער ספּעציעלער קורס פֿאַר טוריסטן וועט אָנהאַלטן, איז פּראָבלעמאַטיש, ווייל עס זיינען וועגן דעם דאָ חלוקי דעות, צי עס איז געווען קלוג צו מאַכן אַזאַ גרויסע קאָנצעסיע צו טוריסטן. עס איז דאָ אַ מיינונג, אַז די אַמעריקאַנער טוריסטן, מיט דעם וואָס זיי קויפן אַזוי ביליק דעם פונט, כאַפּן זיי אַ מציאה אויפֿן חשבון פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. עס איז די מיינונג פון רעגירונגס־מענטשן, אַז דער פּרייז פון דאָלאַר זאָל זיין פֿאַר אַלעמען גלייך און ניט נאָר פֿאַר טוריסטן אַליין. מען גלויבט, אַז עס וועט אין גיכן אַריינגעטראָגן ווערן אַ געזעץ אין דער כנסת, וואָס זאָל אָפּשטעלן דעם פונט ניט אַזוי נידעריק ווי ער איז איצט פֿאַר טוריסטן, אָבער ניט אַזוי הויך ווי פריער.

מיט דער פֿאַרבעסערונג פון דער קוואַליטעט פון שפּייז און די פֿאַר־מערונג פון ערשט־קלאַסיקע האָטעלן און מאָטעלן אין אַלע שטעט פון ישראל, זיינען פֿאַראַן אויססיכטן אַז די טוריסטיק זאָל שטאַרק פֿאַרגרעסערט ווערן אין די קומענדיקע מאָנאַטן.

עס איז קיין שום ספק ניט, אַז די בעסטע צייט פון יאָר צו באַזוכן ישראל איז צווישן פּורים און שבועות — דעמאָלט איז ניט אַזוי הייס און עס איז די צייט ווען אַלץ איז גרין, וואַקסט און בליט.

אָבער אַפילו אין די זומער־מאָנאַטן פון יוני, יולי און אויגוסט, איז אויך ניט אַזוי שלעכט. אמת, עס זיינען פֿאַראַן זייער הייסע טעג; עס זיינען אָבער דאָ אַ צאָל פּלעצער אין תל־אביב ביים ים, אין ירושלים, חיפה און אין די בערג אַרום צפת, וואו עס איז קיל און זייער אָנגענעם צו פֿאַרברענגען.

אידן דאַרפן, און זאָלן, באַזוכן ישראל. דאָס ענגלישע ווערטל: „סיאינג איז ביליווינג״ איז אַ גרויסער אמת און פּאַסט זיך בפירוש פאַר דער אידישער מדינה. וויפיל מען זאָל ניט שרייבן אין צייטונגס־אַרטיקלען און אין ביכער, קען מען ניט דערציילן דעם וואוקס, דעם גוואַלדיקן פּראָגרעס, דעם גרויסן פּאַרנעם, וואָס ווערט געמאַכט אויף אַלע געביטן פון קולטור, אַגריקולטור און אינדוסטריע. ניט קוקנדיק אויף די שווערע פּראָבלעמען, מיט וועלכע די מדינה איז אַרומגערינגלט, ווערט דאָך געבויט, געאַרבעט און אַנטוויקלט, וואָס מען קען אָפּשאַצן נאָר דאַן, ווען מען זעט עס מיט די אייגענע אויגן.

עס איז אין דער פּראָגראַם פון אונזער דעלעגאַציע, אַז מיר זאָלן זיך באַקענען סיי מיט די פּראָבלעמען און סיי מיט דעם גוואַלדיקן פּראָגרעס, וואָס איז אין די לעצטע פאָר יאָר, ווי דורך אַ כישוף, באַשאַפן געוואָרן. אָבער איידער מיר קענען אָנהויבן אונזער שפּאַציר איבער דעם לאַנד, וועלן מיר פריער באַזוכן אייניקע פּונקטן אין תל־אביב און זיין די געסט פון דעם ועד הפועל פון דער הסתדרות אין איר נייער געביידע, וואָס איז ערשט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק דערעפנט געוואָרן. און וועגן דעם וועל איך שרייבן אין מיינע ווייטערדיקע איינדרוקן.



# די אויפנאַמע פון דער פאָלקס־דעלעגאַציע אינעם הסתדרות־הויז

עס איז שוין געוואָרן אַ טראַדיציע, אַז יעדעס מאָל, ווען אַ גרופּע הסתדרות־עסקנים קומען באַזוכן ישראל, זאָלן זיי אויפגענומען ווערן פון דעם ועד־הפועל פון הסתדרות און באַגריסט ווערן פון די פירנדיקע חברים.

אַוודאי איז היינטיקס מאָל ניט געווען קיין אויסנאַם, און עס איז ניט קיין נייעס. די נייאיקייט באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס היינטיקס מאָל זיינען מיר, די פינפטע דעלעגאַציע, אויפגענומען געוואָרן אין דער נייער הסתדרות־היים, אין דער גרויסער, פּרעכטיקער געביידע, וואָס איז בשעת דער דער־עפענונג געווען דער צענטער פון לויב און קריטיק פון דער פּרעסע דאָ אין לאַנד, און אין דער פּרעסע פון אַמעריקע.

אָט־די געביידע, דאָס הויז, דאַרף מען זען פון אינעווייניק און אויסנ־ווייניק צו פאַרשטיין פאַרוואָס עס האָט זיך אַרום זיין אויפשטעלן געשאַפן אַ חלוקי־דעות, צי עס איז איצט געווען די פּאַסנדיקע צייט צו בויען אַזאַ בנין.

און ניט נאָר די שונאים פון דער הסתדרות האָבן אַזוי געטראַכט, נאָר אַפילו דוד בן־גוריון אַליין, וואָס איז געוויס ניט קיין שונא פון דער גרויסער אַרבעטער־קערפּערשאַפט, האָט ביי דער דערעפענונג געזאָגט, אַז ווען ער וואָלט איצט געשטאַנען ביי דער פירונג פון דער הסתדרות, וואָלט ער אפשר איצט ניט מסכים געווען צו דער קאָנסטרוקציע פון אַזאַ בנין.

איז עס, נאַטירלעך, גאַנץ שווער פאַר איינעם, וואָס קומט פאַר אַ קורצן באַזוך, זיך פאַנאַנדערצוקלייבן ווער פון די צדדים איז גערעכט, און ווער עס איז אומגערעכט. די וועלכע זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פאַר־וואַלטונג פון דער הסתדרות און האָבן צו זאָגן וועגן אַזעלכע זאַכן, ווייזן אָן, אַז אַ גרעסערער בנין, צו קענען הויזן אַלע פאַרוואַלטונגס־אָפּיסעס, איז פשוט געווען אַ לעבנס־נויטווענדיקייט. די אַלטע געביידע אויף רחוב אַלענבי איז אפשר געווען געבוט פאַר דער הסתדרות מיט צען יאָר צוריק, ווען די מיט־גלידערשאַפט איז געווען האַלב אָדער אַ פערטל פון דעם, וואָס עס איז איצט דאָ. דאָס איז ערשטנס; צווייטנס, ווערט אָנגעוויזן, אַז קיין נייע קאַפּיטאַלן האָבן זיי פאַר דער געביידע איבערהויפּט ניט געדאַרפט אינוועסטירן, ווייל זיי האָבן אָפּגענומען פאַר דער אַלטער געביידע, פון אַלענבי־גאַס, כמעט אַזוי־

פיל וויפיל די נייע קאָסט. אויך דאָס לאַנד פאַר דער נייער הויז האָבן זיי איצט ניט באַדאַרפט קויפן. דאָס שטיק לאַנד איז געקויפט געוואָרן לאַנג צוריק אין אַ געגנט, וואָס האָט דעמאָלט געקאָסט זייער ביליק, וואו זיי האָבן נאָך פאַר דעם באַפרייאונגס־קריג אויפגעבויט אַן אינסטיטוציע, וואָס רופט זיך „בית־ספר לפועלי־הסתדרות" — אַ שולע וואו דערוואַקסענע בחורים און מיידלעך לערנען זיך געזאַנג, טענץ און דראַמאַטיקס. די יוגנט קומט פון די קיבוצים. זיי ווערן טרעניִרט צו קענען אונטערהאַלטן די מיטגלידער פון די דערפער, קיבוצים, וועלכע זיינען צעוואָרפן אין די ווייטסטע ווינקלען פון לאַנד, אַז דער לעבן זאָל דאָרט ניט זיין אַזוי מאָנאָטאָן און אומדערטרעגלעך.

די פירער פון דער הסתדרות גלויבן דעריבער, אַז די קריטיק איז ניט באַרעכטיקט, אין ליכט פון דער נויט פאַר פּלאַץ און די אינוועסטירטע קאַפּיטאַלן.

איז ווער עס זאָל דאָ ניט זיין גערעכט — איין זאַך איז זיכער, אַז די פּרעכטיקע געביידע איז געקויפט געוואָרן מיט אַן אויג אויף „פּוירמענענסי", סאָליד, און איז ווירקלעך אַ שיינער עקזעמפּליאַר פון גרויסאַרטיקער אַרכי־טעקטור.

אונזער דעלעגאַציע האָט, צום באַדויערן, ניט געהאַט גענוג צייט אָנצו־קוקן און באַזוכן יעדן עטאַזש באַזונדער, אָבער מיר האָבן געזען וויפיל עס איז מעגלעך געווען און זיינען מיט די עלעוועיטאָרס, דורך די „ליפטס", ווי מען רופט זיי דאָ אין ישראל, אַרויפגעפירט געוואָרן אין אַ פּרעכטיקן זאַל אויף דעם לעצטן עטאַזש, דעם זעקסטן, וואו דער ועד הפועל, וואָס באַשטייט פון 52 מיטגלידער, האַלט אָפּ זיינע זיצונגען.

אָט־דער זאַל איז איינפאַך, אָבער זייער באַקוועם איינגעאָרדנט, האָט אַ פּלאַטפאָרמע פאַר דעם פּרעזידיום און סעקרעטאַריאַט און רייען פון זיץ־פּלעצער, אויסגעשטעלט אין אַ האַלב־צירקל. די ווענט זיינען כמעט אינגאַנצן פון גלאָז, וואָס לאָזט די זון פריי אַריינשטראָמען, אָנפילנדיק דאָס גאַנצע גרויסע צימער מיט זון־שיין און ליכטיקייט.

די מענער און פרויען פון אונזער דעלעגאַציע האָבן פאַרנומען די פּלעצער פון האַלב־צירקל צוזאַמען מיט אַ גאַנץ גרויסער גרופּע פון פירנדיקע הסתדרות־חברים פון ישראל, וועלכע זיינען ספּעציעל געקומען בייצוואוווינען די אויפנאַמע.

אויף דער פּלאַטפאָרמע איז געזעסן חסקין, דער קאַסירער פון הסתדרות,

וואָס איז געווען פּאָרזיצער, ווייל נאַמיר, דער סעקרעטאַר פון הסתדרות, האָט געמוזט זיין אין ירושלים ביי אַ זייער וויכטיקער זיצונג פון דער כנסת. מיט חסקינ׳ען זיינען געזעסן די פאָלגנדיקע ישראל־חברים: יוסף בורשטיין, זרובבל, רעפּערטור און באַנקאָווער. פון אַמעריקע: ל. סיגאַל, סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד, אייזיק העמלין, און איך אַלס פאָרזיצער פון דער דעלעגאַציע.

חסקין באַגריסט די דעלעגאַציע אין נאָמען פון ועד הפועל. ער רעדט פון דער אינטענסיווער אַרבעט, פון בוי־פּראָגרעס, פון דער גרינדונג פון נייע ישובים אויפן לאַנד און אין דער אינדוסטריע. ער פאַרגעסט אָבער ניט צו דערמאָנען די שווערע פּראָבלעמען, מיט וועלכע די יונגע מדינה איז אַרומגערינגלט. ער געפינט, אַז דעם גרויסן פּראָגרעס, וואָס עס איז שוין געמאַכט געוואָרן, איז צו פאַרדאַנקען די אָפּפערוויליקייט פון דעם ישוב, די חלוצישע מסירת־נפש פון די וואָס האָבן געהאַט דעם וייטן בליק, די וויזיע פאַר דעם ערשטן נצחון פון אויפשטעלן די מדינה. אָן אייך, אָבער, אָן דער הילף פון אַמעריקאַנער אידן, וואָלט דאָס געווען אוממעגלעך. איר זענט געווען אונזערע שותפים און מיר האָפן, אַז איר וועט דאָס וייטער זיין, און איר וועט אונז העלפן צו לייזן די שווערע פּראָבלעמען אין דער צוקונפט.

חסקין שטעלט פאָר אייזיק העמלין, דעם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַר פון געווערקשאַפטן־קאַמפּעין אין אַמעריקע. אייזיק באַגריסט דעם ועד הפועל און ווינטשט זיי גליק און פּראָגרעס אין זייער נייער היים, און גייט באַלד איבער צו דער אויפגאַבע, וואָס איז אים געגעבן געוואָרן פאַרצושטעלן די גרויסע גרופּע חברים און חברות, וואָס שטעלן צונויף די פינפטע הסתדרות־פאָלקס־דעלעגאַציע. ער קען כמעט יעדן איינעם פון דער גרופּע, ווייסט פון זייער לאַנג־יאָריקער טעטיקייט, און איז שטאָלץ וואָס ער האָט געהאָלפן ברענגען די באַוועגונג אין אַמעריקע צו דער שטופּע פון אָנזען און איינפלוס.

עס ווערט גערופן צום וואָרט ל. סיגאַל, נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד. ער דערציילט עפּיזאָדן פון דער גרינדונג פון פאַרבאַנד, וועמענס 40־יאָריקער יובילעאום ווערט איצט געפייערט, און די ראָלע וואָס דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד האָט געשפּילט אין דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג לטובת דער מדינה. זיין רעדע ווערט אויפגענומען מיט האַרציקע אַפּלאָדיסמענטן.

עס רעדט אויך באַנקאָווער, אַ מיטגליד פון ועד הפועל, וועמען מיר אַלע קענען פון זיין באַזוך אין אַמעריקע.

באַנקאָווער איז שטאַרק באַזאָרגט וועגן דער זיכערקייט פון דער מדינה. ער רעדט וועגן די ספּאָראַדישע אַראַבישע אָנפאַלן, ספּעציעל נעבן די גרענעצן, און אין די ישובים וואָס זיינען ווייניק באַפעלקערט. ער ענדיקט מיט דעם אויסרוף, אַז די מדינה דאַרף מער אידן, אַ גרעסערע עליה, איבערהויפּט מער יוגנט.

דר. יוסף בורשטיין באַגריסט די דעלעגאַציע און בעט איר, אַז זי זאָל גוט באַטראַכטן דאָס לאַנד, מיט אירע קלימאַטן. ניט קוקנדיק וואָס דאָס לאַנד איז קליין, האָט ער געזאָגט, האָט דאָס פאַרשידענע קלימאַטן. ניטאָ אַזאַ לאַנד אויף דער וועלט! זעט אויך, האָט ער געבעטן, דעם מענטשלעכן קלימאַט, נאָר ניט מיט אויגן פון אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט, וואָס זעט נאָר פון אויבן, נאָר מיט אויגן פון אַ רענטגען־אַפּאַראַט, וואָס דרינגט אַריין טיפער — דאַן וועט איר אַלץ זען, איר וועט זען די גרויסע אַרבעט פון אַ קאָלעקטיוו פאַרן קאָלעקטיוו.

אין נאָמען פון דער דעלעגאַציע האָב איך געענטפערט אויף די באַגרי־סונגען פאָלגנדיקס:

„חשובע חברים,

דערלויבט מיר, אין נאָמען פון אונזער פאָלקס־דעלעגאַציע, צו דאַנקען אייך פאַר אייער וואַרעמער און שיינער אויפנאַמע דאָ אין אייער גרויסער, שיינער היים.

דאָס איז שוין צום פינפטן מאָל, אַז מיר קומען צו אייך אַלס אַן אָרגאַניזירטע גרופּע. מיר קומען צו אייך אויסצודריקן אונזער ענגע און וואַרעמע חבר׳שאַפט. מיר קומען אייך זאָגן, אַז די אַמעריקאַנער אידישע פאָלקס־מאַסן, סיי די וואָס אַרבעטן אַליין מיט זייערע אייגענע הענט צו פאַרדינען אויף זייער חיונה, און סיי די, וועלכע זיינען ניט דירעקט פאַרבונדן אין אַזאַ אַרבעט, פאָלגן נאָך אייער גרויס ווערק מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. זיי ווייסן און שעצן־אָפּ אייער געוואַלדיקע אָנשטרענגונג אויף אַלע געביטן פון אייער פאַרצווייגטער אַרבעט. זיי ווייסן וועגן דעם גרויסן קאַמף, וואָס איר פירט־אָן אין לאַנד מיט די קאָנסערוואַטיווע כוחות, וואָס זיי איז ניט צום האַרצן דאָס, וואָס איר זענט אַזאַ גרויסער כוח. מיר אָבער, אויף ווי ווייט מיר קענען זיך אָריענטירן אין דער אַרבעט וואָס איר פירט־אָן, האָבן דעם גלויבן און גרויס צוטרויען, אַז אייער געוואַלדיקע אָנשטרענגונג

וועט אויך אין דער צוקונפט, פונקט ווי אין דער פאַרגאַנגענהייט, פירן צו דער פאַרשטאַרקערונג פון דער מדינה און דעם אידעאַל, וואָס איז דער צענטער־פונקט פון אייערע אַלע באַמיאונגען.

דער געווערקשאַפטן־קאַמפּעין האָט אונז, מיט גענויע דריי־צענדליק יאָר צוריק, פאַרבונדן מיט אייך, ווען מיר זיינען נאָך געווען אַ ניט־אָרגאַניזירט הייפעלע. און ווען איר האָט מיט אייערע הוילע הענט זיך אונטערגענומען אָט די ריזיקע הערקולעס־אַרבעט פון בויען אַ היים — אַ לאַנד פאַר דעם לאַנדלאָזן אידישן פאָלק, איז אייער אַרבעט אַוודאי געווען פון דעם מין, וואָס די געשיכטע, די היסטאָריע, וועט וויסן ווי אַזוי דאָס אַוועקצושטעלן אין דעם גע־העריקן ליכט.

אָבער אויך מיר, אין אַמעריקע, האָבן פאַר דעם ביסעלע הילף, וואָס מיר האָבן אייך געגעבן, באַדאַרפט קעמפן — קעמפן קעגן אַפּאַטיע און גלייכגילטיקייט, קעמפן קעגן פאָראורטיילן מצד די רעאַקציאָנערע אידישע כוחות, וואָס עס איז זיי ניט געווען צום האַרצן אייער וועג, אייער אופן, אייער קאָנצעפּציע פון סאָציאַלער גערעכטיקייט.

און אויך איצט, אפשר מער ווי פריער, זיינען די בעלי־בתים פון די אַלגעמיינע קאַמפּעינס ניט צופרידן מיט אונזער אויפטו. זיי וואָלטן וועלן, אַז מיר זאָלן אינגאַנצן אויפגעבן אונזער טעטיקייט. און פאַר דעם צוועק זוכן זיי פּגימות אויף דער הסתדרות, אויף דעם אופן וואָס איר טוט און ווי איר פירט־אָן אייער אַרבעט.

וויל איך אייך פאַרזיכערן, אַז דאָס וועט זיי ניט געלינגען, ווייל דורך דעם קאַמפּעין, וואָס איז איצט מער אין אַמעריקע אַלס הסתדרות־קאַמפּעין, ווי געווערקשאַפטן־קאַמפּעין, זוכן מיר צו פאַראייניקן אַלע פּראָגרעסיווע אידישע כוחות, יונגע און אַלטע, אייך צו העלפן, אייך צו שטאַרקן, איר זאָלט קענען איינגעמען וואָס מער פּאָזיציעס, עקאָ־נאָמישע, סאָציאַלע און קולטורעלע.

איך באַגריס אייך דאָ אין אייער נייער היים אין נאָמען פון אונזער גרויסער גרופּע, וואָס איז איצט צו אייך געקומען פון 27 אַמעריקאַנער שטעט, און וואָס רעפּרעזענטירט מיט זיך יעדער שיכט פון דער באַוועגונג. מיר ווינטשן אייך גליק און הצלחה אין אייער גרויסער אַרבעט".

# אַ קראַנץ בלומען אויף וויצמאַנס קבר

עס איז שוין אַ כלל, אַז די אידן פון ישראל וואָלטן געוואָלט אַז די טוריסטן זאָלן זען אַלץ וואָס די מדינה פאַרמאָגט. ניט נאָר ווילן זיי אַז מ'זאָל זען דאָס אַלטע היסטאָרישע ארץ ישראל, נאָר אויך אַלץ וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון דער צייט פון די ערשטע פאָר קאָלאָניעס ביז די היינטיקע נייע ישובים, די דערפער, די אויסגעברייטערטע שטעט, הייזער, און וועגן, וואָס וואַקסן און פאַרמערן זיך יעדן טאָג.

עס איז פאַרשטענדלעך, אַז אויב דאָס איז דער וואונטש פון יעדן אידן וואָס לעבט אין ישראל, על אחת כמה וכמה שוין די רעגירונגס־מענטשן און די פירער פון דער הסתדרות.

און טאַקע, וואו נאָך איז דאָ אַזאַ געלעגנהייט צו ווייזן דאָס אויפגעטאָנענע, דאָס געשאַפענע, צו אַ קאָלעקטיוו, ווי אַ דעלעגאַציע, פריינט פון דער הסתדרות, וואָס באַשטייען פון 60 מענער און פרויען, וועלכע זיינען זיך צוזאַמענגעקומען פון 27 שטעט און 15 שטאַטן פון אַמעריקע און קאַנאַדע?

זענט איר זיך שוין אַליין משער, אַז אונזער פּראָגראַם איז געווען אַן אָנגעפּיקעוועטע, אַ געפּאַקטע, אַז די טעג און די אָוונטן זיינען געווען צו־קורץ אַלץ אַריינצונעמען, אַלץ צו זען און צו הערן.

אָבער דאָנערשטיק, דעם 23טן יולי, האָט ווירקלעך איבערגעשטיגן אַלע געפּאַקטע טעג פון אונזער זיין אין ישראל, ווייל עס האָט גראָד פּאַסירט, אַז דער טאָג איז געווען אָנגעפּילט מיט פּאַסירונגען, וועלכע אונזערע פּראָגראַם־מאַכער האָבן געוואָלט, אַז מיר זאָלן ניט פאַרפעלן בייצוזיין.

אָט הערט, אדרבה, וואָס מיר האָבן יענעם טאָג געדאַרפט אַריינגעמען: אינדערפרי — אַ באַזוך אין די אינסטיטוציעס פון דער מועצת הפועלות אין תל־אביב; נאָכמיטאָג — אַ שפּאַציר אין דעם וויצמאַן־אינסטיטוט אין רחובות און לייגן אַ קראַנץ בלומען אויף וויצמאַנ'ס קבר; פאַרנאַכט זיינען אַלע, די גאַנצע דעלעגאַציע געווען איינגעלאַדן צו דער חתונה פון ישראל מערעמינסקי'ס טאָכטער, טאַקע אין רחובות; און געענדיקט האָבן מיר ביי דער דערעפענונג פון דעם גרויסן אליעזר קאַפּלאַן שפּיטאָל.

איז דאָס אַוודאי געווען אַ שווער שטיקל אַרבעט, אָבער איך קען אייך

פאַרזיכערן, אַז עס איז ווערט געווען די גרויסע אָנשטרענגונג. איר וועט מיט מיר איינשטימען, ווען איר וועט לייענען די איינצלהייטן.

צוערשט — וועגן דער מועצת הפועלות: זייערע אינסטיטוציעס אין ישראל זיינען אַ גרויסער און זייער וויכטיקער בייטראָג צו סאָציאַלער הילף פאַר דער מדינה. אָט די אַרבעט, וואָס די אַרבעטער־פרויען פירן־אָן מיט דער הילף און געלט־שטיצע פון דער פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע פון אַמע־ריקע און קאַנאַדע, האָט די אָנערקענונג און לויב פון יעדן, וואָס באַקענט זיך מיט זייער ווערטפולער אַרבעט.

די מועצת הפועלות האָט אָפּטיילונגען אין יעדער שטאָט פון דער אידישער מדינה, וואו זיי טוען קאָנסטרוקטיווע אַרבעט: זיי האַלטן אויס אַ גרויסע צאָל קינדער־היימען, וואו עס געפינען זיך האַלבע אָדער גאַנצע יתומים; זיי לערנען און דערציען זיי ביז דעם עלטער, ווען זיי קענען שוין אַליין פאַרדינען און ווערן זעלבסטשטענדיק; זיי גיבן אויך אַכטונג אויף קינדער אין משקים, וואו טאַטע־מאַמע מוזן אַרבעטן צו פאַרדינען אויף זייער חיונה. מועצת־הפועלות איז פאַרצווייגט איבער דער גאַנצער מדינה. זיי האָבן אַ גרויסע צאָל זייער אָנגעזעענע פערזענלעכקייטן אין דער פירערשאַפט, ווי: בעבאַ אידעלסאָן, אַדאַ פישמאַן, אלישבע קאַפּלאַן, עליזה שידלאָווסקי און רחל יניאת, די פרוי פון פרעזידענט בן־צבי, וועלכע האָט, אגב, געהאָלפן אָרגאַניזירן די פּיאָנערן־פרויען אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע מיט 28 יאָר צוריק, און אַנדערע וויכטיקע פרויען, וועלכע פירן־אָן מיט דער פאַרצווייגטער אַרבעט אין ישראל. אַ צאָל פרויען פון אונזער דעלעגאַציע זיינען מיטגלידער פון דער פּיאָנערן־פרויען אָרגאַניזאַציע. זיי האָבן מיט אַ באַזונדער אינטערעס אויפגענומען די איינצלהייטן פון דער אַרבעט, וואָס די חברה פּרוזשאַנסקי האָט זיי איבערגעגעבן. אָט דער באַזוך ביי דער מועצת־הפועלות האָט זיך געענדיקט מיטאָג־צייט און האָט אונז קוים געגעבן גענוג צייט צו האָבן לאָנטש, ווען מיר זיינען שוין ווייטער געווען אין די באָסעס אויפן וועג קיין רחובות.

אונזער ערשטע אויפגאַבע איז געווען אויסצודריקן רעספּעקט און יראת־הכבוד צו דעם גרויסן אידן, דעם ערשטן נשיא־פרעזידענט פון מדינת ישראל, מיט דעם לייגן פון אַ קראַנץ בלומען אויף דעם קבר פון דר. חיים ווייצמאַן, ע״ה.

דאָס איז ווירקלעך געווען אַ פייערלעכער און איינדרוקספולער מאָמענט, ווען אונזער גרופּע מענער און פרויען האָבן מאַרשירט, צו צוויי אין אַ ריי, אונטער דעם גרויסן קראַנץ בלומען דורך די לאַנגע אַלייען פוןביימער, וואָס פירן אַריין אין אַ גרויסן, אָפענעם גאָרטן. דאָרטן אויף אַ בערגל צווישן ביימער, גרינסן און בלומען, אין אַן אָפּגעצאַמטן פיר־עקיק שטיקל פּלאַץ, ליגט אין זיין אייביקער רו דער באַרימטער זון פון אידישן פאָלק — דער גרויסער מענטש און איד, וואָס האָט גורם געווען דעם היסטאָרישן דאָקומענט: די באַלפור־דעקלאַראַציע, וואָס האָט דעם אידישן פאָלק צום ערשטן מאָל געגעבן אַ פּרעטענזיע אויף אַ אידישער היים — אויף אַן אייגן לאַנד. דאָ, אין דעם שטילן, רואיקן ווינקל, ניט ווייט פון דעם וויצמאַן־אינסטיטוט, וועלכן ער האָט געהאָלפן בויען, וואו ער האָט געאַרבעט און געמאַכט זיינע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען, ליגט דאָס ערדישע פון דעם גרויסן איד און מענטש, אָבער זיין גייסט, זיינע אַספּיראַציעס פאַר דער ווידער־אויפלעבונג פון אידישן פאָלק אויף זיין אייגענער ערד, שוועבט אַרום אין רחובות און אין דער גאַנצער מדינה. זיין נאָמען ווערט דערמאָנט מיט גרויס יראת הכבוד פון יעדן איינעם אין לאַנד.

דער גרויסער קראַנץ בלומען איז אַוועקגעלייגט געוואָרן אויף דער מצבה, מיר זיינען געשטאַנען שווייגנדיק אונטער דעם ליכטיקן בלויען הימל. עס איז געווען אַזוי שטיל, אַז מען האָט געקענט הערן דאָס אָטעמען פון די מענטשן אַרום און דאָס זשומען פון די אינזעקטן אין גאָרטן.

די שטילקייט איז אונטערגעבראָכן געוואָרן, ווען אונזער „גאַיד", דוד כרם, האָט אין אַ קורצן איבערבליק דערציילט וועגן עפּיזאָדן פון וויצמאַנ׳ס טעטיקייט פאַר דעם ציוניזם, וועגן זיין לעבן אין ישראל שוין אַלס פּרעזידענט פון דער מדינה און וועגן זיינע פאָרשונגען און אַרבעט אין דעם וויצמאַן־אינסטיטוט.

רירנדיק און מיט גרויס פּאַטאָס האָט געערעדט אַב. העמלין פון באָסטאָן. ער האָט גערעדט פונעם גרויסן פאַרלוסט וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט געליטן אין דעם טויט פון דר. חיים וויצמאַן — וויצמאַן דער ציוניסט, וויצמאַן דער פּאָליטיקער און וויצמאַן דער וויסנשאַפטסמאַן — אָבער, האָט ער אויסגערופן, ער האָט געהאַט די גרויסע זכיה צו דערלעבן די פאַרווירק־

ל׳עכונג פון זיין אידעאַל און צו זיין דער ערשטער נשיא פון דער אידישער מדינה. גרויס ערע זיין אָנדענק!

נאָכדעם, ווי אַ מיטגליד פון אונזער דעלעגאַציע, חבר רובינאָוו פון טאָראָנטאָ, האָט געמאַכט אַן „אל מלא רחמים״, האָבן מיר פאַרלאָזן דעם קבר און זיינען אַלע געגאַנגען באַטראַכטן דעם ווייצמאַן־אינסטיטוט.

אין דעם אינסטיטוט זיינען מיר אויפגענומען געוואָרן פון דר. פּאַסאָוו, אונזערער אַ באָסטאָנער. ער האָט אונז אַרומגעפירט אין די פאַרשידענע צימערן און לאַבאָראַטאָריעס פון כעמישע און אַנדערע פאָרשונגען. מיר, ניט זייענדיק קיין פאַכלייט, האָבן, נאַטירלעך, ניט געקענט אַריינגיין אין איינצלהייטן צו האָבן אַ קלאָרן באַגריף וואָס עס ווערט דאָ אויפגעטאָן, אָבער אין אַלגעמיינע שטריכן האָט ער דערציילט, אַז דאָ ווערט געפאָרשט און עקספּערימענטירט ווי אויסצונוצן די אוצרות פון לאַנד, וועלכע אַגריקולטור עס פּאַסט זיך צו דעם אָדער יענעם געגנט, און אַזוי ווייטער. דער אינסטיטוט ווערט אַלעמאָל אויסגעברייטערט; נייע געביידעס ווערן אויפגעשטעלט. דער געגנט אַרום אינסטיטוט איז אַ פּראַכטפולער. גערטנער זיינען אָנגעפילט מיט קאָלירפולע בלומען, אַזוי אַז מען האָט דעם איינדרוק, אַז מען איז אין אַ פּראַכטפולן פּאַרק.

אין שאָטן פון די ביימער און בלומען האָבן מיר זיך אַביסל אָפּגעקילט. לאַנג האָבן מיר ניט געקענט פאַרבלייבן, ווייל, ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, זיינען מיר געווען געלאַדענע געסט צו אַ חתונה — אַ חתונה פון זייער באַוואוסטע און פּאָפּולערע מחותנים, די פירנדיקע פּערזענלעכקייטן, ישראל מרום און זיין פרוי, דר. מעי בער, האָבן חתונה געמאַכט די צווייטע טאָכטער פון זייער איינציקן צווילינג.

די חתונה איז פאָרגעקומען אין רחובות, ניט ווייט פון דעם ווייצמאַן־אינסטיטוט, אינעם הויז פון פּראָפעסאָר חיים און לאה פּעקעליס (ביידע פון באָסטאָן), וועלכער אַרבעט אין דעם אינסטיטוט און איז אַ פריינט פון די מחותנים.

די הויז פון פּראָפעסאָר פּעקעליס איז זייער אַ שיינע און איז פון אַ ריי הייזער — ווילעס, ווי מען רופט זיי דאָ, וועלכע זיינען געבויט געוואָרן פאַר די פּראָפעסאָרן און וויסנשאַפטסלייט פון אינסטיטוט. אָבער די חופה איז געשטעלט געוואָרן אין דרויסן, אונטער דעם בלויען הימל, אין דעם גאָרטן,

וואו עס האָבן זיך פאַרזאַמלט הונדערטער מענטשן — די עליטע פון ישוב. עס האָט ממש געשווּיבלט און געגריבלט מיט הויכע רעגירונגס־באַאַמטע, פירער פון דער הסתדרות, רעדאַקטאָרן פון צייטונגען, קינסטלער און פּראָ־פעסאָרן. מיר האָבן דאָרט געטראָפן יוסף שפּרינצאַק, פּרעזידענט פון דער כנסת; גאָלדע מייערסאָן, דוב יוסף, נאמיר, באַראַץ, זכאי, דן פינעס, דר. בן־נתן, בערל לאָקער, דאָבקין און הונדערטער אַנדערע.

די וואָס קענען די מערעמינסקיס, איצטיקע „מרום", וועלן זיך ניט וואונדערן וואָס אַזויפיל פון די אָנגעזעענסטע פון ישראל זיינען געקומען צו זייער טאָכטערס חתונה. ישראל און זיין פרוי זיינען פון די ערשטע אין דער פלעיאַדע אידישע אינטעליגענטן, וואָס האָבן געווידמעט זייער לעבן פאַר דעם אויפלעבן און ווידערגעבורט פון אידישן פאָלק. זיי האָבן זיך פיזיש און גייסטיק איבערגעגעבן צו זייער אידעאַל און מיט גרויס גבורה, מסירת נפש און עקשנות דערפירט צום ציל. ישראל מרום איז געווען סעקרעטאַר פון דער הסתדרות און האָט איצט די אויפזיכט איבער אַלע פאַך־שולן אין לאַנד.

דעריבער איז עס ניט קיין וואונדער, וואָס אַזויפיל פון די פירער פון דעם ישוב און דער מדינה זיינען זיך צונויפגעקומען צו זאָגן מזל־טוב צו זיי און צו זייער טאָכטער.

די מערסטע פון אונזערע דעלעגאַטן קענען די מערעמינסקיס פון זייערע באַזוכן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. זיינען מיר דעריבער איינגעלאַדן געוואָרן אַלס מחותנים צו באַטייליקן זיך אין זייער שמחה.

דאָס חופה שטעלן האָט זיך אַביסל פאַרשפּעטיקט; עס איז שוין געוואָרן טונקל, און מיר האָבן נאָך געדאַרפט פאָרן צו דער דערעפענונג פון דעם קאַפּלאַן מעמאָריאַל־שפּיטאָל.



# דערעפענונג פון אליעזר קאַפּלאַן־שפּיטאָל אין רחובות

אַז מען בויט אַ גרויסן שפּיטאָל אין רחובות צו פֿאַראייביקן דעם נאָמען פון אליעזר קאַפּלאַן, האָבן מיר דאָ אין אַמעריקע שוין לאַנג געוואוסט. מיר האָבן דאָס געוואוסט דורך דעם וואָס אָרגאַניזאַציעס און יחידים זיינען געבעטן געוואָרן צוצולייגן אַ האַנט צו דעם בנין, מיט דעם וואָס זיי זאָלן העלפן אויסשטאַטן געוויסע אָפּטיילונגען.

דאָ ביי אונז אין באָסטאָן האָט די „אינטערנעשאָנאַל לעידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן״, דורך דער איניציאַטיוו פון איר מענעדזשער, פיליפּ קרעמער, מיט דער הילף פון די בעלי־בתים פון די שעפּער פון דער אינטער־נעשאָנאַל, געזאַמלט אַ היפּשע סומע געלט אויסצושטאַטן אַ רענטגען־אָפּטיי־לונג (עקס־רעי) פֿאַר דעם קאַפּלאַן־שפּיטאָל, און פיליפּ קרעמער אַליין איז דעלעגירט געוואָרן פון זיין יוניאָן צו פּרעזענטירן די מתנה צו דער אָפיציעלער דערעפענונג פון שפּיטאָל. אויך איז דער גאַנצער פּראָפיט פון דעם יערלעכן הסתדרות פּאָפּס סימפאָני קאָנצערט איבערגעגעבן געוואָרן צו דער קופת חולים אונטערנעמונג.

איז ווי געזאָגט, האָבן מיר דאָ געוואוסט, אַז אַזאַ אַנשטאַלט פון קופת חולים ווערט געבויט. מיר האָבן אָבער ניט געוואוסט און זיך ניט פֿאָר־געשטעלט ווי אַזוי דער שפּיטאָל וועט אויסזען, ביז מיר האָבן די פּראַכטפולע געביידעס געזען ביי דער אָפיציעלער דערעפענונג, וואָס איז פֿאָרגעקומען דאָנערשטיק אָוונט, דעם 23טן יולי.

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז די דערעפענונג האָט געזאָלט פֿאָרקומען פריער מיט אַ פּאָר טעג, אָבער עס איז אָפּגעלייגט געוואָרן ביז אונזער פֿאָלקס־דעלעגאַציע וועט אָנקומען אין ישראל, כדי מיר זאָלן זיך קענען באַטייליקן אין דער צערעמאָניע.

זיינען מיר טאַקע געווען עדות פון אַ גרויסאַרטיקן און אימפּאָזאַנטן ספּעקטאַקל, אַזעלכעס וואָס איז זעלטן צו זען און וועט פֿאַרבלייבן אין אונזער זכרון פֿאַר אַ לאַנגער צייט.

צוליב דעם וואָס מיר זיינען דעם גאַנצן טאָג געווען פֿאַרנומען טאַקע

אין רחובות, באַזוכנדיק דעם וויצמאַן־אינסטיטוט, לייגן אַ קראַנץ בלומען אויף דעם קבר פון חיים וויצמאַן און דאָס וואָס מיר זיינען געווען מחותנים ביי דער חתונה פון מערעמינסקי׳ס טאָכטער, האָבן מיר שוין קיין צייט ניט געהאַט צו באַזוכן די פּאַוויליאָנען און זען ווי אַלץ איז אויסגעשטאַט אינעווייניק.

מיר זיינען אויסגעשטיגן פון די אויטאָמאָבילן, וועלכע האָבן אונז גע־פירט פון דער חתונה, וואָס איז פאָרגעקומען אין אַ גאָרטן ניט ווייט פון דעם וויצמאַן־אינסטיטוט און זיך געלאָזן גיי׳ן צום פּלאַץ, וואָס איז געווען העל באַלויכטן און פון וואַנען עס האָבן זיך געטראָגן טענער און קלאַנגען פון אַן אָרקעסטער און געזאַנג פון אַ כאָר.

געפירט אַהין צו דעם פּלאַץ האָבן אונז אויסגעפּלאַסטערטע סטעזשקעס צווישן באַגרינטע פעלדער דורכגעפלאָכטן מיט צעבל׳יטע, קאָלירפולע בלומען.

צוערשט האָבן מיר לחלוטין ניט געוואוסט און זיך ניט געקענט פאָר־שטעלן, אַז דאָס איז דער שפּיטאָל, ווייל עס איז אַזוי אַנדערש פון אונזער דערפאַרונג ווי אַזוי אַ האָספּיטאַל זעט אויס. מאַרשירנדיק צו דעם העל־באַלויכטענעם פּלאַץ האָבן מיר מיט אונזערע אויגן געזוכט די גרויסע גע־ביידעס, וואָס ווערן געוויינלעך געבויט פאַר האָספּיטאַלס, אָבער מיר האָבן זיי ניט געפונען, נאָר מיר זיינען צוגעקומען צום פּלאַץ, וואו עס האָט גע־בלענדט מיט ליכט, פאַנען האָבן געפּלאַטערט, אַן אָרקעסטער און אַ גרויסער כאָר פון מענער און פרויען האָט געזוגען אויף אַ באַזונדער פּלאַטפאָרמע.

די צייטווייליקע פּלאַטפאָרמע פאַר געסט און רעדנער, וועלכע איז פאַר דעם צוועק אויפגעשטעלט געוואָרן, איז געווען געבויט אין אַ האַלב־צירקל מיט גרויסע קאָלאָנען פאַר עלעקטרישע לאָמפּן און פאָנען.

פונקט אַנטקעגן דער פּלאַטפאָרמע זיינען געזעסן אַ גרויסע צאָל מענער און פרויען, אַן ערך זיבן אָדער אַכט טויזנט, וועלכע זיינען זיך צונויפגעפאָרן פון שטעט און דערפער צו דער גרויסער שמחה. צו אונזער דעלעגאַציע איז צוגעטיילט געוואָרן דער כבוד צו זיצן אויף דער פּלאַטפאָרמע צוזאַמען מיט אַלע קאַרפּן־קעפּ פון דער רעגירונג, פון דער קופּת־חולים פאַרוואַלטונג און פון דער הסתדרות.

ווען מיר האָבן פאַרנומען אונזערע פּלעצער האָבן מיר אויסגעפונען, אַז מיר האָבן שוין געהאַט אַביסל פּאַרשפּעטיקט. מען האָט אונז דערציילט, אַז

אונטער דעם קלאַנג פון טראָמפּייטן און פּויקן האָבן צוויי קראַנקן־שוועסטער (נוירסעס) צעוויקלט די פאָן און דער „קול־ישראל"־אָרקעסטער, דיריגירט פון ה' צדיקוב, האָט געשפּילט און געזונגען „התקוה" און דעם אינטערנאַציאָנאַל. אַ פּאָן מיט עלעקטרישע ליכט איז אַרויפגעצויגן געוואָרן אָנזאָגנדיק, אַז דער גרויסער הייל־אַנשטאַלט פון קופּת חולים איז אָפיציעל דערעפנט און איז געווידמעט צו דעם מענטשן וואָס האָט זיינע בעסטע יאָרן אָוועקגעגעבן כדי די מדינה זאָל מעגלעך ווערן — צו אליעזר קאַפּלאַן און וועט הייסן „אליעזר קאַפּלאַן שפּיטאָל".

די רעדנער־פּלאַטפאָרמע איז געווען געפּאַקט מיט באַרימטע מענטשן, מיט חברים, מיט דער עליטע פון ישוב. אין צענטער איז געזעסן די אלמנה פון דעם פאַרשטאָרבענעם, דר. דבורה קאַפּלאַן, דער כנסת־פּאָרזיצער יוסף שפּרינצאַק, אַרבעטס־מיניסטער גאָלדע מייערסאָן, י. סערלין, מיניסטער פון געזונט; פאָרשטייער פון מוניציפּאַליטעטן און נאָך אַ סך וויכטיקע פּערזענ־לעכקייטן, וואָס וועט נעמען צו לאַנג אויסצורעכענען זייערע נעמען.

דער פאָרשטייער פון דער צענטראַלע פון קופּת חולים האָט געהאַלטן די ערשטע רעדע. ער האָט דערמאָנט די טעטיקייט פון דעם פאַרשטאָרבענעם קאַפּלאַן, רעדט אויך וועגן דער פאַרצווייגטער אַרבעט פון קופּת חולים און די וויכטיקייט פון דעם שפּיטאָל פאַר דעם נגב.

ער דערציילט, אַז דער שפּיטאָל פאַרנעמט העכער צוועלף טויזנט קוואַד־ראַט מעטער, פינף טויזנט קוואַדראַט איז פאַרבויט פאַר קראַנקן־הייזער, פינף טויזנט פאַר באַדינונג און ביי צוויי טויזנט קוואַדראַט איז פאַרבויט מיט הייזער פאַר אַרבעטער. דער גאָרטן אַרום פאַרנעמט אַ שטח פון 25 דונאַם באָדן. אין שפּיטאָל, אינפאָרמירט ער, איז דאָ אָפּעראַציע, געבורטס, רענטגען, לאַבאָראַטאָריעס און סטעריליזאַציע־אָפּטיילונגען א. אַ. וו.

עס האַלטן רעדעס דער סעקרעטאַר פון דער הסתדרות, מרדכי נאמיר, און ער שטרייכט אונטער די וויכטיקייט פון סאָציאַלער מעדיצין פאַר די ישראל־אַרבעטער, וואָס ווערט זיי געגעבן פון קופּת חולים. געזונטהייטס־מיניסטער סערלין באַגריסט אין נאָמען פון דער רעגירונג. ער לויבט די טעטיקייט פון דער גרויסער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָרגט מעדיציניש פאַר אַ גרויסן טייל פון דער ישראל־באַפעלקערונג.

די רעדעס ווערן אויף אַ קורצער צייט איבערגעריסן צו געבן דעם אָרקעסטער און כאָר אַ געלעגנהייט צו זינגען און שפּילן.

דערנאָך רעדט אייזיק העמלין, נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון הסתדרות־קאַמפּעין אין אַמעריקע. ער הויבט אָן זיין רעדע אין העברעאיש אָבער גייט באַלד איבער צו אידיש און זאָגט, אַז ער גיט איבער די ברכה פון אַמעריקאַנער אידישע אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן פאַר דער גרויסער אַרבעט וואָס דאָ ווערט געטאָן. עס רעדט אויך דזשעימס קערי, סעקרעטאַר־טרעזשורער פון דער סי. אַי. אָ. ער איז איינער פון דריי אַמעריקאַנער יוניאָן־פירער, וועלכע באַזוכן איצט ישראל. די אַנדערע צוויי זיינען מאַיקעל קוויל און אַרטור גאָלדבערג. קערי האָט געזאָגט, אַז כאָטש ער האָט ביז איצט ניט פאַרשטאַנען קיין איין וואָרט, וואָס די רעדנער האָבן גערעדט, פילט ער אָבער, אַז די ישראל־אַרבעטער דערגרייכן דאָ אַזעלכעס וואָס אין די אַנדערע דעמאָקראַטישע לענדער איז דאָס דערווייל נאָך אוממעגלעך. דאָס וואָס ער האָט דאָ געזען אין לאַנד, פילט אָן יעדן פּראָגרעסיוון מענטשן מיט רעספּעקט און באַוואונדערונג, און ער ווינטשט דער הסתדרות און דער מדינה גרויס דערפאָלג.

די שלוס־רעדע איז געהאַלטן געוואָרן פון דעם ראש פון דער כנסת, יוסף שפּרינצאַק. זיין רעדע איז געווען דורכגעפלאָכטן מיט אַ סך הומאָר. ער האָט געזאָגט, אַז פון די צייטן פון טביה דעם מילכיקן האָבן מיר איצט דערגרייכט אַ תנובה (אַ הסתדרות־קאָאָפּעראַטיוו, וועלכע נעמט אָפּ דאָס מילכיקס, וואָס ווערט פּראָדוצירט אין די קיבוצים און מושבים און פאַרקויפט דאָס צו קאָנסומענטן). פון מנחם מענדלען זיינען מיר געקומען און דערגרייכט אַן אייגענע מדינה; פון „פישקע דעם קרומען״ צו אַ אידישער אַרמיי און פון אַמאָליקן לינת הצדק און ביקור חולים צו אונזער קופּת חולים. און ווייל מיר גרייטן צו אַזעלכע שפּיטאָלן האָפן מיר פונדעסטוועגן, אַז דער עולם וועט זיין געזונט, און די וואָס זיינען קראַנק, ווינטשט ער אַ רפואה שלימה.

אונטער די קלאַנגען פון „התקוה״ ווערט די פייערונג געשלאָסן. מידע פון אַזאַ טאָג אָנשטרענגונג, האָבן מיר פאַרלאָזט רחובות צוריק קיין תל־אָביב פאַר אַ נאַכט רו, ווייל שוין מאָרגן פרי דאַרפן מיר פאַרלאָזן תל־אָביב אויפן וועג קיין ירושלים.

# אַ באַזוך אין קעמפּ סאַראַפּאַנד

פרייטיק פרי, דעם 24טן יולי, האָבן מיר פאַרלאָזט תל־אָביב אויף דעם וועג קיין ירושלים. מיר האָבן איבערגעלאָזט אונזער שווערן באַגאַזש אין די האָטעלן, וואו מיר זיינען איינגעשטאַנען אין תל־אָביב, מיטנעמענדיק מיט זיך בלויז לייכטע קליידער און דאָס נויטיקסטע וואָס מיר האָבן באַדאַרפט אויף דעם וועג ביז אונזער אומקער אין תל־אָביב.

אַזוי האָבן מיר גאַנץ פרי, ווען ס'איז נאָך ניט געווען אַזוי הייס, זיך אַריינגעזעצט אין די צוויי גרויסע אויטאָבוסעס פון „תיור וטיול", וועלכע זיינען געשטאַנען גרייט צו אונזער דינסט און זיינען געווען אויף דעם וועג צו דער הייליקער שטאָט ירושלים זיך אָפּשטעלנדיק בלויז אין דעם מיליטערישן קעמפּ סאַראַפּאַנד.

איך בין זיך משער, אַז ניט יעדן איינעם איז דערלויבט אַריינצוקומען אין דעם גרויסן מיליטערישן לאַגער. געוויינלעך דאַרף מען צו דעם האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש. מיר אָבער זיינען געווען ספּעציעל איינגעלאַדן צו באַזוכן דעם קעמפּ, און זיין די געסט צו אַ מיליטערישן מושטיר־פּאַראַד, וואָס האָט דעם פרימאָרגן באַדאַרפט פּאַרקומען.

אָבער צוערשט אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם קעמפּ סאַראַפּאַנד אַליין: די ענגלענדער האָבן דעם קעמפּ אויפגעבויט, ווען זיי האָבן אונטער דעם מאַנדאַט געהאַלטן אַ גרויסע אַרמיי אין ארץ ישראל, אָבער ווען זיי האָבן געדאַרפט פון לאַנד אַוועקגיין, האָבן זיי דעם מיליטערישן קעמפּ איבערגעגעבן צו די אַראַבער, און ווען די אַראַבער זיינען אונטער די קלעפּ פון דער אידישער אַרמיי אַנטלאָפן, איז דער קעמפּ אַריבער אין אידישע הענט.

ווייס איך ניט וויפיל געביידעס און באַראַקן און אַנדערע אינסטאַלאַציעס די ענגלענדער האָבן איבערגעלאָזט און וויפיל איז דורך דער צייט וואָס דער קעמפּ איז אין אידישע הענט צוגעבויט געוואָרן. מיר האָבן זיך בכלל צוריקגעהאַלטן פון פרעגן איינצלהייטן, כדי ניט צו שטעלן עמעצן אין אַ פּאַר־לעגנהייט און ניט דאַרפן ענטפערן אויף פראַגן, וואָס מ'קען דורך דעם עובר זיין אויף די רעגולאַציעס פון אַזאַ וויכטיקן מיליטערישן פּונקט. פון דעם, וואָס מיר האָבן געזען, קענען מיר זיך משער זיין, אַז דאָס איז גאָר אַ גרויסער

לאַגער, אפשר דער גרעסטער אין ישראל, און אַז גאָר אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער אידישער אַרמיי געפינט זיך דאָ אין קעמפּ.

אַריינפאָרנדיק מיט אונזערע צוויי אויטאָבוסעס, נאָכדעם ווי מיר זיינען דורכגעלאָזן געוואָרן פון די שומרים, וועלכע היטן אָפּ דעם אַריינגאַנג, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ גרויסער געביידע, וואָס דינט פאַר אַ קלוב און עס־צימער פאַר די אָפיצערן.

ביי דעם אַריינגאַנג אין דעם קלוב זיינען מיר באַגעגנט געוואָרן פון אַ יונגנמאַן, וואָס לויט די סימנים אויף די עפּאָלעטן טראָגט ער דעם ראַנג פון אַ קוירנעל. ער האָט זיך פאַר אונז פאָרגעשטעלט און געזאָגט, אַז זיין נאָמען איז נחמני און ער האָט אונז געבעטן אַריינגיין אין עס־צימער און פאַרנעמען פּלעצער אַרום די טישן, וואָס זיינען, גלויב איך, ספּעציעל געווען צוגעגרייט פאַר אונז. נחמני האָט אונז באַגריסט מיט אַ „שלום" און ברוכים־הבאים און אין אַ פליסיקן אידיש אונז געגעבן אַ באַגריף וואָס זיי טוען דאָ אין דעם קעמפּ סאַראָפאַנד.

אונזער אויפגאַבע, האָט ער געזאָגט, איז ניט נאָר צו טרענירן די יונגע־לייט וואָס קומען אַהער מיליטעריש. דאָס איז, נאַטירלעך, איינע פון אונזערע הויפּט־אויפגאַבעס. מיר דאַרפן אויסבילדן די נייע רעקרוטן, אַז זיי זאָלן זיין גוטע סאָלדאַטן, ווייל מיר דאַרפן זייער נויטיק האָבן אַ שטאַרקע אַרמיי. אָבער אונזער פּראָבלעם איז אויך צו זען, אַז יעדער סאָלדאַט זאָל זיין גייסטיק און קולטורעל אויף אַ הויכן ניוואָ. ספּעציעל די נייע עולים, וועלכע זיינען צו אונז געקומען פון אַזויפיל אָפּגעשטאַנענע לענדער און וועלכע ריידן פאַרשידענע לשונות, נאָר קענען ניט קיין עברית. מיר דאַרפן זיי אויסלערנען די שפּראַך פון לאַנד. אויך די וועלכע קומען פון אַראַבישע לענדער און האָבן געלעבט אויף אַ גאַנץ נידעריקן קולטורעלן מצב, דאַרפן מיר זיי לערנען, ווי זיך אויפצופירן היגיעניש, מיר דאַרפן זיי צוגעוואוינען צו אַ ציוויליזירטן שטייגער־לעבן, ווי עס פּאַסט פאַר בירגער פון אַ פרייער, דעמאָקראַטישער מדינה.

ס'איז די דערפאַרונג, האָט נחמני געזאָגט, אַז נאָכדעם ווי די יונגעלייט ענדיקן דעם טערמין אין דער אַרמיי, ווערן זיי ראוי אינטעגרירט צו ווערן אין דעם לעבן פון לאַנד. די אַרמיי איז דעריבער אונזער בעסטע שולע,

איז אונזער שמעלץ־טאָפּ, וואָס פּאַרפעסטיקט און גרייט־צו די יונגוואַרג סיי פיזיש און סיי גייסטיק און מאַכט פון זיי גוטע ישראל־בירגער.

זיינען מיר געזעסן אַרום די ווייס־געדעקטע טישן און זיך איינגעהערט צו די רייד פון דעם אידישן מיליטער־מאַן, וואָס איז געשטאַנען פאַר אונז אין זיין יוניפאָרם אַ שלאַנקער, פיזיש־שטאַרקער, מיט אַ שיין פנים, און בלאָנדע האָר. זיינע רייד אין דעם זאַפטיקן אידיש האָבן אָנגערירט סענטי־מענטאַלע סטרונעס אין אונזערע הערצער, ווען ער האָט גערעדט פון דער אַרמיי — די „צבא הגנה לישראל״, די וועלכע דאַרפן באַשיצן און פאַרטיידיקן דאָס לאַנד קעגן אַזויפיל שונאים; שונאים וועלכע קוקן אַרויס אויף עפּעס אַ שוואַכקייט, כדי אויסצונוצן די געלעגנהייט פאַר אַן אָנפאַל.

האָבן מיר פון זיינע רייד לייכט געקענט פאַרשטיין זייער גרויסע אויפגאַבע און די פּראָבלעמען צו טרענירן די בחורים און מיידלעך, וועלכע ווערן, לויט דעם געזעץ פון אַלגעמיינער מיליטער־דינסט, געשיקט אַהער אין דעם קעמפּ און אין אַנדערע קעמפּס פאַר מיליטערישער אויסבילדונג, אַז זיי זאָלן ווערן פיזיש שטאַרק און גייסטיק רייף זיך צו קענען ווערן קעגן אַן אָנפאַל מצד די שונאים. עס איז אויך ווערט צו דערמאָנען, אַז אַ חוץ די ריין־מיליטערישע פליכטן ווערט די אַרמיי אויך באַנוצט אויף ציווילער אַרבעט, ספּעציעל אין דער אַגריקולטור אין דערפער אין דער צייט פון סעזאָן, אָדער צו לערנען נייע עולים, ווי צו אַרבעטן אויף דעם באָדן.

ווען נחמני האָט געענדיקט, איז ער וואַרעם און ענטוזיאַסטיש אַפּלאָ־דירט געוואָרן. אהרן בראָנשטיין, אַ מיטגליד פון אונזער דעלעגאַציע, האָט געענטפערט אין אונזער נאָמען. ער האָט באַדאַנקט נחמני׳ן און זיין שטאַב פאַר דער זייער פיינער אויפנאַמע און פאַר דער געלעגנהייט וואָס אונזער גרופּע האָט געהאַט צו זיין די געסט און זען דעם קעמפּ סאַראַפאַנד.

טיי און צובייסן איז סערווירט געוואָרן, און בעת אונזער עולם האָט זיך אונטערהאַלטן מיט דעם צובייסן, האָט צו אונז גערעדט פרוי פרענקעל, פון דעם „וועד למען החייל״. פרוי פרענקעל האָט אין קורצן דערציילט, ווי זי און אונזער גוט־באַקאַנטער חבר יוסף ברץ פון דגניה שטרענגען זיך אָן אַביסל לייכטער צו מאַכן דאָס לעבן פון די סאָלדאַטן מיט דעם, וואָס זיי באַזאָרגן פאַר זיי קאַנטינען אַרום די לאַגערן און פלעצער וואו די סאָלדאַטן שטייען, אַז זיי זאָלן נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט, ווען זיי ווערן פריי פון

זייערע פליכטן, זיך קענען פּאַרוויילן, לייענען אַ בוך אָדער אַ צייטונג, זען אַ סינעמאַ א. אַ. וו.

פּרוי פרענקעל האָט אונז געזאָגט, אַז די דאָזיקע פלעצער מוזן אויס־געהאַלטן ווערן פון פּריוואַטע מענטשן, ווייל די רעגירונג האָט פאַר דעם קיין בודזשעט ניט. עס איז לייכט צו פאַרשטיין — זאָגט די פרוי פרענקעל — אַז אויסצוהאַלטן אַזאַ גרויסע אַרמיי איז פאַרבונדן מיט קאָלאָסאַלע אויסגאַבן. צו שפּייזן, קליידן און באַשיכן די אַרמיי, אַ חוץ דאָס נויטיקע געווער און אַפילו אַ קליינעם געהאַלט פאַר די סאָלדאַטן, טרעפט אָן אַ ריזיקע סומע, וואָס דער ישוב מוז צושטעלן. איז דעריבער דער אַרמיי־בודזשעט שטרענג אויסגערעכנט בלויז פאַר דעם מינימאַלסטן.

ווי אַזוי־זשע קען מען באַזאָרגן, אַז די סאָלדאַטן, וועלכע זיינען צעשפּרייט איבער די ווייטסטע ווינקלען פון לאַנד, אין דעם ווייטן נגב, אין גליל ביי די גרענעצן, דאָרט וואו עס איז נאָך אַפילו קיין ישוב ניטאָ, אַז זיי זאָלן האָבן ערגעץ אַ פּלאַץ — אַ פּונקט וואו זיי זאָלן קענען אַריינקומען פאַר אַביסל צעשטרייאונג, ווען זיי ווערן פאַרטיק מיט זייערע פליכטן?

אָט פאַר דעם האָט אַפּעלירט פרוי פרענקעל, וועגן דעם האָט מיט אונז פּריוואַט גערעדט חבר ברץ. יוסף ברץ איז זייער דאַנקבאַר די אַמעריקאַנער אידן פאַר דעם וואָס איז ביז איצט געטאָן געוואָרן צו באַזאָרגן די עקזיסטירנ־דיקע פּונקטן. ספּעציעל האָט ער אויסגעדריקט זיין דאַנקבאַרקייט און אָנער־קענונג צו פרעד מאָנאָסאָן פון באָסטאָן, וועלכער האָט אין משך פון אַ פּאָר יאָר אַריבערגעשיקט פון אַמעריקע אַזויפיל מאַטעריאַלן, וואָס זיי דאַרפן האָבן אין די קאַנטינען.

אונזער זייער אינטערעסאַנטע באַגעגעניש אין דעם אָפיצערן־קלוב פון קעמפּ איז געווען צו ענדע. מיר זיינען איינגעלאַדן געוואָרן צו גיין אויף דעם מושטיר־פעלד און זען דעם פּאַראַד, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויף דעם היינטיקן פרימאָרגן.

ווען מיר האָבן געמיטלעך שפּאַצירט צום פעלד, האָבן מיר שוין געזען פאָרמאַציעס פון אָפּטיילונגען סאָלדאַטן, מאַנכע מיט ביקסן אויף די אַקסלען, אַנדערע אָן געווער, מיט פאַרשידענע באַצייכענונגען אויף זייערע עפּאָלעטן, אַ סימן, אַז זיי באַלאַנגען צו פאַרשידענע אָפּטיילונגען. אַ גרויסער מיליטע־

רישער אָרקעסטער האָט געשפּילט פאַרשידענע מיליטערישע מאַרשן, און דער פּאַראַד האָט זיך אָנגעהויבן.

פון דערווייטנס, וואו מיר זיינען געזעסן אויף לאַנגע הילצערנע בענק און זיך צוגעקוקט צום מאַרשירן פון די זעלנער און די אויסרופן און קאָמאַנ־דעס פון די אָפיצערן, איז ניט געווען שטאַרק קאָנטיק, אַז דאָס איז אַ ספּעציעלע אידישע אַרמיי. ווי זאָגט מען דאָרט: „אַלע יוונים האָבן איין פּנים". אָבער פון דעם וואָס מיר האָבן געהערט פון די אָפיצערן, און דערנאָך רייידנדיק מיט סאָלדאַטן, ווייסן מיר, אַז דאָס איז ניט קיין אַרמיי אָרגאַניזירט אויף עמעצן אָנצופאַלן; דאָס איז אַ פאָלקס־מיליץ צו פאַרטיידיקן דעם ישוב, די מדינה. פאַרלאָזנדיק דעם קעמפּ האָבן מיר טאַקע אַזוי געוואונטשן, אַז עס זאָל צו קיין מלחמה ניט קומען, און די פּראַכטפולע יוגנט, וואָס איז איצט אין דער אַרמיי, זאָל זיך קענען אָפּגעבן מיט בוי־אַרבעט צו שטאַרקן און גרעסער מאַכן די אידישע מדינה.



# מיטן בורמאַ־וועג קיין ירושלים

אזוי שנעל ווי דער מיליטערישער פּאַראַד אין סאַראַפּאַנד־קעמפּ האָט זיך געענדיקט, האָבן מיר זיך געזעגנט מיט דעם זייער־פריינטלעכן אָפיצער נחמני און זיינע געהילפן, און זיך באַלד אַריינגעזעצט אין אונזערע באָסעס צו פאָרן קיין ירושלים.

אונזער פּראָגראַם פאַר דעם טאָג האָט געהייסן: ירושלים, אַרום מיטאָג־צייט; עסן מיטאָג אַזוי גיך ווי מיר וועלן פאַרנעמען אונזערע צימערן; אַ קורצער אָפּרו, אַ באַזוך אין די אַלטע קוואַרטאַלן פון ירושלים און מאה שערים, רמת רחל, און אין אָוונט — אַן עונג־שבת מיט פירנדיקע חברים פון מועצת פּועלי ירושלים אין מלך דוד האָטעל.

האָבן מיר זיך דעריבער שוין אויף דעם וועג אין ערגעץ ניט אָפּגע־שטעלט, נאָר געפאָרן דורך רמלה אויף דעם נייעם וועג, וואָס רופט זיך כביש הגבורה, צו די הרי יהודה, וואָס פירן קיין ירושלים.

דער כביש הגבורה איז אַ נייער, גוט־געפּלאַסטערטער וועג. וואָס ווערט איצט באַנוצט פאַרנדיק פון תל־אָביב קיין ירושלים. דער אַלטער וועג ווערט אין אַ פּונקט אָפּגעהאַקט, ווייל ער איז נאָענט צו דער גרענעץ פון עבר הירדן.

די מדריכים (גיידס), וואָס פירן טוריסטן פון תל־אָביב קיין ירושלים, האָבן אויף דעם גאַנצן וועג זייער אַ סך צו דערציילן, ווייל אויף דעם וועג און אין דער געגנט זיינען ווירקלעך פאָרגעקומען גרויסע העראָאישע קאַמפן אין דער צייט פון דעם אַראַבישן קריג. די שטאָט ירושלים איז געווען באַלאַגערט, די באַפעלקערונג האָט ניט געהאַט קיין שפּייז, קיין וואַסער, ניט גענוג וואָפן מיט וואָס זיך צו פאַרטיידיקן. די לאַגע איז ווירקלעך געווען אַ פאַרצווייפלטע. דעמאָלט זיינען אויף דעם וועג פאָרגעקומען גרויסע דראַמאַ־טישע געשעענישן: די העלדישע שאָפערן פון דעם ישוב האָבן מיט גרויס גבורה געדאַרפט טעגלעך דורכברעכן די בלאָקאַדע פון שונא כדי צו ברענגען פּראָוויאַנט צו דער ליידנדיקער באַפעלקערונג פון ירושלים. דער קאַמף איז געווען אַ שווערער און אַ פאַרביסענער פון ביידע צדדים און אַ סך יונגע אידישע לעבנס זיינען דאַן אומגעקומען.

דורכברעכן די בלאָקאַדע האָט מען געמוזט אונטער אַלע אומשטענדן. ווען ניט, וואָלט די אידישע באַפעלקערונג פון ירושלים זיך געמוזט אונטער־

געבן. דאַן האָט מען דורך די נעכט און אין געהיים געבויט דעם „בורמאַ־וועג" און אַזוי אַרום געהאָלפֿן קומען מיט געווער און שפּייז, אַז די העלדישע קעמפּער זאָלן זיך קענען פֿאַרטיידיקן און אָפּשלאָגן דעם שונא. ווי גרויס עס איז געווען די צאָל פֿון די קרבנות, וועט מען אפשר קיינמאָל ניט וויסן, אָבער אַ שטיקל באַגריף קען מען האָבן, ווען מען באַזוכט דעם מיליטערישן בית־עולם אַרום ירושלים, ווי אונזער דעלעגאַציע האָט עס געטאָן, ווען מיר האָבן געלייגט אַ קראַנץ בלומען אויף אליעזר קאַפּלאַנ׳ס קבר, וועלכער איז באַערדיקט ניט ווייט פֿון דעם מיליטערישן בית־הקברות.

די בעסטע זין פֿונעם ישוב זיינען אין די שלאַכטן געפֿאַלן, צווישן זיי דער העלדישער זון פֿון דעם אידישן פֿאָלק — דער אַמעריקאַנער קוירנעל מאַרקוס.

איז, ווי געזאָגט, האָבן די „גאַידס" דאָ אויפֿן וועג אַ סך וואָס צו דערציילן, אַזוי אַז עס פֿעלט פּשוט די געהעריקע צייט צו קענען געבוי איבערגעבן אָט־די טרויעריקע סאגא פֿון דעם העלדישן קאַמף, וויל באַלד קומען אַנטקעגן די בערג, די הרי יהודה, וואָס זיינען אַזוי אינהאַלטסרייך מיט היסטאָרישע דאַטעס, וואָס וועגן זיי אַליין וועט אייך אַ „גאַיד" דערציילן אַ לאַנגע צייט.

איך בין זיך מודה, אַז ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל דערזען די בערג אויף מיין באַזוך אין ישראל, אין 1937, האָבן זיי אויף מיר געמאַכט אַ מורא׳דיקן איינדרוק. איך האָב פֿאַר זיך געטראַכט: אום גאָטס ווילן, ווי אַזוי קען עמעצער אַפֿילו טראַכטן, אַז עס איז מעגלעך צו באַלעבן אָט־די שטיינערנע בערג? ווי קען דאָ אַמאָל זיין אַ מענטשלעכער ישוב? א. אַ. וו.

און אַפֿילו אין 1949, מיט פֿיר יאָר צוריק, איז אויף זיי ניט געווען קיין גרויסע ענדערונגען, הגם דאָ און דאָרט האָט מען אָנגעהויבן צו באַמערקן אַ פּאָר גרינע ביימלעך — אַביסל לעבן. דער איצטיקער אָנבליק אויף די בערג, ווען אונזערע גרויסע אויטאָבוסעס האָבן קרעכצנדיק זיך געקאַטשעט דאָ אַרויף, דאָ אַראָפּ, האָט שוין מיין צווייפֿל פֿון באַזעצן און באַלעבן אָט־די פֿאַרטריקנטע בערג אַביסל שוואַכער געוואָרן.

אמת, די בערג זיינען נאָך איצט אויך ניט איינגעטונקען אין אַ סך בוימער און אין גרינסן, אָבער עס זיינען שוין איצט צעשאָטן און פֿאַרזייט גאָר אַ היפּשע צאָל שטרעקעס פֿון גרינס, ביימער און הייזער פֿאַר עולים. און ווער קען וויסן, האָב איך געטראַכט ביי זיך, עס קען נאָך מעגלעך זיין, אַז גאָר

אין אַ קורצער צייט זאָלן די בערג אָננעמען אָנשטאָט דעם ברוינלעכן קאָליר, דעם גרינעם קאָליר פון געוויקסן און לעבן.

ווען מיר זיינען אַרויסגעפאָרן פון תל־אָביב איז געווען גאָר היפּש הייס. די תל־אָביבער האָבן אונז אַפילו געשראָקן, אַז אין ירושלים איז הייסער ווי ביי זיי. משמעות, אַז די תל־אָביבער זיינען אַביסל אייפערזיכטיק אויף דעם, וואָס דער עולם האָט מער ליב דעם קלימאַט פון ירושלים ווי זייערן. זיי זאָגן, אַז אין ירושלים איז די לופט קילער, טרוקענער א. אַ. וו. פון מיין אייגענער דערפאַרונג ווייס איך, אַז עס איז אַזוי. אַפילו היינט, ווען עס האָט געהערשט אַ שרעקלעכע היץ אין גאַנצן לאַנד, איז ווען מיר זיינען אַריינגע־קומען אין די בערג אַרום ירושלים, האָבן מיר דעם חילוק גלייך דערפילט. דער קלימאַט אין ירושלים איז פיל בעסער און אָנגענעמער ווי אין תל־אָביב.

אונזער זייער־אינפאָרמאַטיווער מדריך, דוב קדם — אַ יונגער מאַן, וואָס קען באמת יעדעס ווינקעלע פון לאַנד און האָט אַליין דורכגעמאַכט דעם גרויסן קאַמף אַרום ירושלים — האָט גלייך ווי ער האָט דערשמעקט, אַז מיר דערנענטערן זיך צו דער שטאָט, אָנגעהויבן ריידן וועגן דער עיר הקודש מיט אַ טאָן און פאַרנעם פון אַ היסטאָריקער. ער האָט אונז וועגן דער שטאָט דערציילט פאָלגנדיקס:

„ירושלים איז איינע פון די עלטסטע שטעט אויף דער וועלט. אין די צייטן פון אברהם אבינו ווערט די שטאָט דערמאָנט מיט דעם נאָמען „שלם". שפּעטער, ווען די אידן האָבן דעראָבערט דאָס לאַנד, איז די שטאָט געווען ביי די יבוסים אונטער דעם נאָמען יבוס. ביז דוד המלך האָבן די אידן ניט געקענט דעראָבערן די שטאָט. דוד המלך האָט די שטאָט באַזיגט און האָט זי געמאַכט פאַר דער הויפּט־שטאָט און זי גערופן ירושלים. שלמה המלך, דוד׳ס זון, האָט דאָרט געבויט דעם בית־המקדש און פון דעמאָלט אָן איז ירושלים געוואָרן דער רעליגיעזער צענטער פון אידישן פאָלק און אידן פלעגן דריי מאָל אַ יאָר עולה רגל זיין קיין ירושלים.

„מער פון 400 יאָר האָבן געקיניגט די מלכים פון בית־דוד, ביז עס איז געקומען נבוכדנצר, דער מלך פון בבל, און האָט חרוב געמאַכט ירושלים און פאַרברענט דעם בית־המקדש און פאַרטריבן די אידן אין גלות, קיין בבל. שפּעטער, אַז די אידן זיינען צוריקגעקומען פון בבל, האָבן זיי צוריק אויפ־געבויט ירושלים ווי אויך דעם בית־המקדש.

„אין די צייטן פון צווייטן בית־המקדש, וואָס האָט געדויערט בערך פינף

הונדערט יאָר, איז ירושלים אַ סך פֿאַרגרעסערט און פֿאַרשענערט געוואָרן. מען קען זאָגן, אַז די תקופה איז געווען די שענסטע און הערלעכסטע פֿון ירושלים, ביז צו 70 יאָר, לויט דער נייער צייט־רעכענונג, ווען די שטאָט איז ווידער פֿאַרניכטעט געוואָרן פֿון די רוימער. דער חורבן־ירושלים און חורבן־הבית איז דער טראַגישסטער און גרויזאַמסטער קאַפּיטל פֿון דעם אידישן פֿאָלקס־לעבן אין דעם צוויי־טויזנט־יאָריקן גלות. וואו דער איד זאָל ניט זיין, ווענדעט ער זיינע בליקן קיין ירושלים. צום זכר פֿון חורבן האָט דער איד געשאַפֿן אַ טרויער־טאָג תשעה באב (ניין טעג אין חודש אָב).

„ירושלים — האָט ער ווייטער פֿאָרגעזעצט — איז די הייליקע שטאָט פֿון ארץ ישראל. לויט דער מסורה זאָל דאָס אָרט וואו דער בית־המקדש איז געשטאַנען, זיין דער הר המוריה, דאָס אָרט פֿון עקידת יצחק, דאָס אָרט וואָס גאָט האָט אויסגעקליבן אַלס זיין וואוין־אָרט. ירושלים איז אויך הייליק ביי די קריסטן. לויט דער קריסטלעכער לעגענדע, זאָל זיך אין ירושלים געפֿינען דער קבר פֿון יעזוס. און די שטאָט איז אויך הייליק ביי די מוסול־מענער.

„ירושלים היינט־צו־טאָג איז צעטיילט אויף צוויי טיילן: די אַלטע שטאָט און די נייע שטאָט. די אַלטע שטאָט געפֿינט זיך ביי די אַראַבער פֿון עבר־הירדן. אין דער אַלטער שטאָט געפֿינט זיך דאָס הייליקסטע ביי אידן: דער כותל מערבי — דאָס איינציקע איבערבלייבעניש פֿון בית־המקדש.

„די נייע שטאָט איז אין אידישע הענט און איז איצט די הויפּט־שטאָט פֿון ישראל, וואו עס געפֿינט זיך דער מלוכה־פּרעזידענט, די רעגירונגס־ביוראָס און דעפּאַרטמענטן, די כנסת, ווי אויך אַלע הויפּט־צענטראַלעס פֿון אידישן לעבן פֿון לאַנד: די סוכנות, קרן קימת, קרן היסוד, די הויפּט־פּאָסט, ראַבינאַט, דער העברעאישער אוניווערזיטעט און נאָך אַ סך אינסטי־טוציעס. די באַפֿעלקערונג ציילט שוין איצט איבער הונדערט און פֿופֿציק טויזנט נפשות, כן ירבו״.

אונזער „מדריך״, דוב קדם, וואָלט נאָך געוויס געווען אַזוי גערעדט וועגן דער „אייביקער שטאָט״ אַ לאַנגע צייט, ווען אונזערע דעלעגאַטן, דערזעענדיק די שטאָט, דעם פֿאַרקער, וואָלטן ניט אָנגעהויבן צו פֿרעגן, אויב דאָס איז שוין ירושלים, אַרויסקוקנדיק פֿון די פֿענסטער און באַטראַכטנדיק די הייזער און באַוועגונג אויף די גאַסן. די גרויסע צאָל מיטפֿאָרערס אונזערע זיינען

צום ערשטן מאָל דאָ און זיינען נייגעריק צו באַטראַכטן אַלץ און איבערהויפּט שוין אַרויסשטייגן פון די באָסעס.

זיי האָבן אויף דעם לאַנג ניט געדאַרפט וואַרטן. מיר זיינען צוגעקומען צום מלך־דוד האָטעל, אַריין אין דער זייער שיינער לאָבי פון דעם גרויס־אַרטיקן האָטעל. דאָרט איז אַלץ געווען צוגעגרייט און פאַרטיק פאַר אונז. מיר האָבן בלויז געדאַרפט זאָגן אונזערע נעמען און גלייך געקראָגן די שליסלען צו אונזערע צימערן, וואו מיר האָבן זיך געקענט איינוואַשן, עסן מיטאָג, וואָס עס איז פאַר אונז געווען צוגעגרייט אין אַ באַזונדער גרויסן צימער און פאַרטיק ווערן אויסצופילן די אַנדערע העלפט פון דער פּראָגראַם, וואָס איז אָנגעצייכנט געוואָרן פאַר אונז, פאַר פרייטיק, דעם ערשטן טאָג אין ירושלים.



# עונג־שבת אין ירושלים

נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך איינגעאָרדנט אין אונזערע צימערן, אָפּגעגעסן מיטאָג און זיך אַביסל אָפּגערוט, זיינען מיר אַרויסגעפּאָרן צו כאַפּן אַ בליק אויף די אַלטע קוואַרטאַלן פון ירושלים, ווי מאה־שערים, דעם הר־הצופים, וואו עס געפינען זיך די געביידעס פון העברעאישן אוניווערזיטעט, דער הדסה־האָספּיטאַל, וועלכע ווערן צו אונזער גרויסן באַדויערן איצט ניט באַנוצט פאַר דעם צוועק פאַר וועלכן זיי זיינען געבויט. וואָרעם לויט דעם וואָפנשטילשטאַנד־אָפּמאַך פון 1948, געפינען זיך די געביידעס אינעם חלק וואָס געהערט צו ישראל, אָבער היות עס איז נאָך ביז איצט קיין פערמאַנענטער שלום ניט געמאַכט געוואָרן, פוסטעווען דערווייל די געביידעס און ווערן פון קיינעם ניט באַנוצט. מיר האָבן אויך פון וויטנס געכאַפּט אַ בליק אויף דעם מעטשעט — וואָס מען זאָגט, אַז ער שטייט אויף דעם פּלאַץ, וואו עס איז אַמאָל געשטאַנען דער בית־המקדש — און די אַלטע טויערן פון שטאָט, און דאַן זיך אָפּגעשטעלט אין דעם היסטאָריש־באַרימטן קיבוץ רמת־רחל.

רמת־רחל איז אַ קיבוץ, וואָס איז געבויט געוואָרן אויף אַ באַרג צו דרום פון ירושלים, צווישן דער שטאָט גופא און דער מוטער רחל׳ס קבר, און איז פון די ערשטע קיבוצים וואָס איז געבויט געוואָרן אַזוי נאָענט צו אַ שטאָט. די מיטגלידער פון רמת־רחל האָבן זיך דערנערט דערפון (און טוען דאָס נאָך היינט אויך), וואָס זיי אַרבעטן אין שטאָט, מערסטנס ביי שניידן שטיינער. און אין די ערשטע יאָרן פון דער אַנטוויקלונג פון דער נייער ירושלים פלעגן זיי אַרבעטן אויך אַלס פּאָרטערס ביי דער ירושלים־אייזנבאַן.

כמעט אַלע הייזער און געביידעס אין ירושלים זיינען געבויט פון שטיינער. שטיין־שניידן איז דעריבער געווען איינע פון די אַלטע מלאכות אין מיטל־מזרח. האָבן דערפאַר די מיטגלידער פון רמת־רחל געוואָלט לערנען די אַרבעט און, ווי מען גיט אונז איבער, האָבן זיי טאַקע די אַרבעט זיך אויס־געלערנט מיט גרויס דערפאָלג.

מיט דער צייט איז דער קיבוץ, ניט קוקנדיק אויף אַלע שוועריקייטן, געוואַקסן, גרעסער געוואָרן, האָבן זיי אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען פאַרמעריי אויף דעם באָדן וואָס דער קרן קימת האָט זיי געגעבן. אָבער זייערע שווע־

ריקייטן און געראַנגל איז ניט נאָר געווען אַן עקאָנאָמישער, זייער זאָרג זינט 1929, ווען דער קיבוץ רמת־רחל האָט זיך געגרינדעט, איז ניט געווען די פּרנסה אַליין, נאָר זייער קאַמף מיט די פיינטלעכע אַראַבער, וואָס זיינען אויף זיי גאַנץ אָפט אָנגעפאַלן. פיר מאָל אין צייט פון זייער עקזיסטענץ, איז דער קיבוץ צעשטערט געוואָרן און ווידער אַמאָל אויפגעבויט געוואָרן.

אָבער דעם שווערסטן קאַמף האָבן זיי אָנגעפירט אין דער צייט פון דעם באַפרייאונגס־קריג, ווען זיי האָבן געדאַרפט אָפּשלאָגן אַן עגיפּטישע אַרמיי, וואָס איז געקומען פון דרום און אַן עבר־הירדן אַרמיי, וואָס האָט זיי אַטאַקירט פון מזרח. די סטראַטעגיע איז געווען, אַז די צוויי אַרמייען זאָלן זיך פאַר־איייניקן און אַזוי אַרום אַרומרינגלען ירושלים.

די פאַרטיידיקער פון רמת־רחל האָבן אָבער אָפּגעשלאָגן און צעשטערט זייערע פּלענער. דאָס איז ווירקלעך געווען אַ פאַרביטערטער און פאַרצווייפל־טער קאַמף. זעקס מאָל האָט זיך דער קיבוץ געביטן פון האַנט צו האַנט, ביז די באַזיגטע און געשלאָגענע עגיפּטער האָבן זיך געמוזט צוריקציען.

דורך דער צייט פון דעם פאַרצווייפלטן קאַמף איז דער גאַנצער קיבוץ, די בנינים און דער לעבעדיקער אינווענטאַר פאַרניכטעט געוואָרן און זיי האָבן געדאַרפט אָנהויבן פונדאָסניי. אַ סך יונגע לעבנס זיינען אין קאַמף אומגעקומען און נאָך ביז היינט האָט דער קיבוץ אַרום 45 חברים וואָס זיינען פאַרבליבן אינוואַלידן.

נאָכדעם ווי מיר האָבן אויסגעהערט וועגן אָט־דעם שוין איצט היסטאָרישן און פאַרביטערטן קאַמף, איז באמת פאַר אונז געווען אַן איבערראַשונג צו זען ווי דער קיבוץ איז ווידער אויפגעבויט און רעסטאַווירט געוואָרן. זיי פאַרנעמען איצט פופצן הונדערט דונאַם אַנשטאָט די 90 פון פריער. זיי האָ־דעווען 5 טויזנט הינער, 150 קי און שעפּסן, און גרייטן זיך צוריקצועפענען זייער וועשעריי און בעקעריי, וועלכע זיינען אין קריג פאַרניכטעט געוואָרן.

די דעלעגאַציע באַטראַכט דעם דאַך פון אַמאָליקן עס־זאַל, וואָס איז ביז מיט אַ שטיקל צייט צוריק געשטאַנען אַלס אָנדענק פון אָט־דעם העראָאישן קאַמף, ווייל ער איז געווען צעשאָסן און צעלעכערט ווי אַ זיפּ פון די אַראַבישע קוילן. די געביידע איז איצט שוין רעפּאַרירט געוואָרן, אָבער אַ שטיק וואַנט איז איבערגעלאָזן געוואָרן ווי געווען, אַלס זכר פון די קאַמפן, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען אין רמת־רחל, אין ירושלים און די קאַמפּס־ליניעס אין בית־לחם און אין די בערג פון מואָב.

מיט גרויס צופרידנקייט האָבן אונזערע דעלעגאַטן באַטראַכט די נייע הייזער פון קיבוץ, און אויפמערקזאַם אויסגעהערט דעם היסטאָריש־געוואָרענעם געראַנגל, וואָס די חברים און חברות פון דעם קיבוץ האָבן דורכגעמאַכט. מיט ברכות אויף אונזערע ליפּן צו די העלדישע חלוצים פון דעם קיבוץ רמת־רחל, האָבן מיר זיך מיט זיי געזעגנט און זיך אומגעקערט צום מלך־דוד האָטעל פאַר דער פּרייטיק־צו־נאַכט סעודה — דעם עונג שבת אין ירושלים.

***

אין דרויסן איז שוין געווען טונקל, די זון וואָס האָט אַ גאַנצן טאָג העל געלויכטן און גאַנץ פיין געוואַרעמט, איז שוין לאַנג געווען פאַרגאַנגען; אין די גאַסן איז געווען שטיל־שבת׳דיק. די געסט אין דעם האָטעל, אויסער אונזערע, פון דער פינפטער הסתדרות־דעלעגאַציע, האָבן געגעסן אין דעם אַלגעמיינעם גרויסן עס־זאַל, אָבער פאַר אונזער גרויסער גרופּע מיט די חשובע געסט, וואָס מיר האָבן ספּעציעל איינגעלאַדן צו דעם עונג־שבת, האָט מען צוגעגרייט אַ באַזונדער גרויסן צימער. די טישן זיינען געווען אויסגעשטעלט אין דער פאָרם פון אַ „ח״, ווייס־געדעקט, דעקאָרירט מיט פרישע בלומען, און די עס־מכשירים און ווײַן־גלעזער אַראַנזשירט אין זייער אַ שיינער אָרדענונג.

אונזער גרופּע מענער און פרויען, אויסגעפּוצט אין די שבת׳דיקע מלבו־שים, האָבן זיך געזעצט צו דער סעודה צוזאַמען מיט אַ גרופּע פּירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון ירושלים, צווישן זיי דער כנסת־ און שטאָטראַט־מיטגליד, ראובן שרי (שרייבמאַן, הסתדרות־שליח קיין אַמעריקע, דעפּיוטי מעיאָר פון ירושלים) און דער מזכיר פון דער הסתדרות אין ירושלים, משה בר־עם.

דאָס איז ווירקלעך געווען אַ הערלעך בילד צו זען אָט־די סעודה, אָט־דעם עונג־שבת, ווי אַ גרופּע פון 60 אידן, מענער און פרויען, פּאָלקס־מענטשן, וועלכע קומען פון 27 שטעט, 15 שטאַטן פון אַמעריקע און קאַנאַדע, זיצן אין דער אידישער הויפּט־שטאָט ירושלים, ביי אַ שבת׳דיקער סעודה, אין דעם געוועזענעם אַריסטאָקראַטישן האָטעל, וואו עס איז געווען די הויפּט־קוואַרטיר פון דער בריטישער מאַנדאַטן־מאַכט, און זיינען זיך משמח, וואָס זיי האָבן דאָס גליק און זיינען זוכה צו זען די אידישע מדינה, וואָס בויט, אַרבעט און קעמפט, און מאַכט אַ קרעפטיקן פאַרזוך בייצוקומען אַלע שוועריקייטן צו זעלבסטשטענדיקייט און סטאַביליטעט.

צוערשט ווערט געזונגען דער טראַדיציאָנעלער „הבאנו שלום עליכם‟. דער גאַנצער עולם זינגט מיט אַזאַ ברען און ענטוזיאַזם, אַז אַלע צימערן אין לאַבי פון דעם מלך־דוד האָטעל ווערן ממש פאַרקלונגען פון געזאַנג, און ניט איינער פון די פילע געסט אין דעם האָטעל האָבן אָנגעהויבן אַריינ־קומען אין אונזער עס־צימער צו כאַפּן אַ בליק אויף די אידן וואָס זינגען אַזוי האַרציק און געשמאַק.

עס איז פון פריער געווען באַשטימט, אַז ביי דעם עונג־שבת זאָלן ניט געהאַלטן ווערן קיין לאַנגע רעדעס, און אין די קורצע באַגריסונגען זאָלן ניט דיסקוטירט ווערן קיינע פּראָבלעמען, נאָר צו געבן אַ מעגלעכקייט די ישראל־חברים זיך צו באַקאָנען מיט דער דעלעגאַציע. די מערסטע צייט זאָל געווידמעט ווערן פאַר געזאַנג און רעציטאַציעס.

און אין דעם גייסט איז דער אָונט דורכגעפירט געוואָרן. איך, אַלס פאָרזיצער, האָב געעפנט דעם עונג־שבת מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„חשובע חברים, פאָרשטייער פון מועצת פועלי ירושלים, חברים פון דער פינפטער פאָלקס־דעלעגאַציע, עס איז שוין באַלד געוואָרן אַ טראַדיציע, אַז די הסתדרות־פאָלקס־דעלעגאַציעס, ווען זיי קומען קיין ישראל, זאָלן זיי דעם ערשטן שבת פון זייער קומען דאָ פאַרברענגען אין ירושלים. דאָס איז געווען אַזוי מיט די פריערדיקע צוויי דעלעגאַציעס, וואו איך און מיין פרוי זיינען געווען מיטגלידער, און אויב איך האָב קיין טעות ניט, האָבן די אַנדערע דעלעגאַציעס אויך פאַרבראַכט דעם ערשטן שבת אין דער הייליקער שטאָט. היינט איז עס מיט דער פינפטער ניט קיין אויסנאַם.

„עס איז, גלויב איך, ניט קיין צופאַל, וואָס דאָס איז אַזוי. עס ווערט אַזוי פּלאַנירט און אויסגערעכנט פון די וואָס פירן, אַז דער ערשטער שבת אין מדינת ישראל זאָל זיין אין דער עיר הקודש, ווייל ביידע, סיי שבת און סיי ירושלים, זיינען טייער און הייליק ביי יעדן אידן — טייער דעם אידישן פאָלק. ווייסן מיר אַלע וואָס שבת איז געווען ביי אונזערע עלטערן, וואָס פאַר אַ הייליקע רואיקייט עס פלעגט אַראָפּנידערן אויף זיי, די אונטער־דריקטע, מיט צרות־באַלאָדענע, אומעטום, וואו זיי זיינען ניט געווען, און וועלכן גלות זיי זאָלן ניט האָבן געטראָגן אויף זייערע פּלייצעס, האָט דער אָנקומען פון דעם הייליקן רו־טאָג, שבת, אַלץ פאַרדעקט, אויסגעגליכן זייערע רוקנס, און טאַקע נאָר די שכינה אַליין פלעגט שיינען אויף זייערע פּנים׳ער.

„אין דער ליטעראַטור און אין דער פּאָעזיע איז שבת געווען די טעמע

פון שיינעם און דערהויבענעם. עס האָבן דעם שבת באַזונגען גרויסע פּאָע־טישע גייסטער און זייער געזאַנג איז געבליבן קלאַסיש אין די ליטעראַטורן. פּונקט אַזוי הייליק און טייער איז ביי יעדן אידן ירושלים. כסדר, פון זינט עס איז חרוב געוואָרן דאָס בית־המקדש און ירושלים איז צוגענומען געוואָרן פון דעם אידישן פאָלק, האָבן זיי ניט אויפגעהערט צו וויינען און דערמאָנען יעדן טאָג, ניין: אין די תפילות דריי מאָל אַ טאָג, די שטאָט ירושלים.

„ירושלים איז קיינמאָל, אין איר דריי־טויזנט־יאָריקער געשיכטע און אין דעם לאַנגן גלות, ניט געווען אָן אידן. אַמאָל האָט זיך אין איר געפונען אַ גרעסערע צאָל — אַמאָל אַ קלענערע, אָבער שטענדיק זיינען אין דער אייביקער שטאָט געווען קינדער פון דעם אידישן פאָלק.

„עס איז דעריבער ניט קיין וואונדער, וואָס אין דעם באַפרייאונגס־קריג מיט העכער פינף יאָר צוריק האָט די אידישע אַרמיי אַזוי שטאַרק און ביטער געקעמפט פאַר דער שטאָט און האָבן פאַר איר אַוועקגעלייגט אַזויפיל קרבנות, אַז די שטאָט זאָל בלייבן אין אידישע הענט, ווייל עס איז געווען אין דעם בלוט פון די אידישע העלדן, אין זייער באַוואוסטזיין , אַז ירושלים איז די האַרץ, די קרוין פון ציון — פון דער אידישער מדינה.

„און באַטראַכט נאָר, חשובע חברים, ווי שטאַרק אַלע גויים, סיי די קריסטלעכע און סיי די מוסולמענישע, קעמפן, דערווייל נאָך ניט מיט וואָפן, אַרויסצורייסן די קרוין פון אידישע הענט. זיי ווענדן דערביי אָן אַלערליי דיפּלאָמאַטישע דריידלעך און שווינדלערייען כדי צו דערגרייכן זייער צוועק. זיי וואָלטן שוין אַפילו די שטאָט אינטערנאַציאָנאַליזירט — אַבי ניט אין אידישע הענט.

„און איצט, ליבע חברים, געפינען מיר זיך אין ביידע הייליקייטן — שבת און אין ירושלים — און איך וועל עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. און ביי אַזאַ געלעגנהייט איז ווערט צו דערמאָנען אונזער זיין אין ירושלים מיט דער ערשטער הסתדרות־פאָלקס־דעלעגאַציע, אין יאָר 1949. אין דעם האָטעל „עדען" ביי אַ שבת'דיקער סעודה איז מיט אונז דאַן געווען חיים גרינבערג ע"ה, האָט דעמאָלט אונזער חבר יצחק פייגענבוים באַמערקט: שבת אין ירושלים און מיט אונזער רבי'ן ביים טיש איז אַ פּאַסירונג פון אויסער־געוויינלעכער נשמה־דערהויבונג, וואָס איז אַ זכיה און כדאי צו דערציילן. פאַרשטייען מיר אַלע, גלויב איך, אויך דעם היינטיקן מאָמענט, דער עונג־שבת דאָ אין ירושלים אין דער אָנוועזנהייט פון אַזעלכע חשובע חברים פון

דער פּאַרטיי און דער הסתדרות, וואָס אַרבעטן און קעמפן פאַר אַ וועלט־שבת — אַ שבת פאַר אַלע אונטערדריקטע און געקריוודעטע. אין דעם גייסט, אין דעם שבת׳דיקן גייסט, באַגריס איך אַלע געסט און ווינטש אַלעמען אַ שבת שלום״.

חבר יצחק פייגענבוים, דירעקטאָר פון דער דעלעגאַציע, באַגריסט אַלע געסט און שטעלט פאָר פערזענלעך יעדן מיטגליד פון דער דעלעגאַציע. חבר משה בר־עם, דער מזכיר פון דער הסתדרות אין ירושלים, באַגריסט די דעלעגאַציע און שטעלט פאָר פערזענלעך אַלע אַנוועזנדיקע געסט פון ירושלים. אַ האַרציקע באַגריסונגס־רעדע ווערט אויך געהאַלטן פון דעם כנסת־מיטגליד ראובן שרי. ער דערמאָנט זיין באַזוך אין אַמעריקע אַלס הסתדרות־שליח מיט צוויי יאָר צוריק. ער בעט אַלעמען זיך צוקוקן צו דער בויענדיקער טעמפּאָ פון דער מדינה, די שוועריקייטן און אפשר פעלערן וואָס מיר מאַכן — אַז מען וויל קען מען געפינען פלעקן אפילו אויף דער זון — דער עיקר איז דאָס וואָס ווערט געטאָן און געשאַפן צו שטאַרקן דער מדינה, אַז זי זאָל זיין סאָליד און זעלבסטשטענדיק.

דער עונג־שבת ווערט פאַרענדיקט מיט אַ זייער פיינער ליטעראַרישער פּראָגראַם, דורכגעפירט פון צוויי מיטגלידער פון אונזער דעלעגאַציע. חבר טיקמאַן רעציטירט אַ קאַפּיטל פון יחזקאל, און בען געילינג לייענט זיין אייגן־געשאַפענע „ירושלים שטאָט די אייביקע״ און ענדיקט מיט אַ הומאָ־ריסטישער פּאַראָדיע אויף אַ דרשה פון אַ מגיד.

אונטער די טענער פון „התקוה״ ווערט דער עונג־שבת געשלאָסן, און אַזוי האָבן מיר פאַרענדיקט אונזער ערשטן טאָג אין ירושלים.



# אין „בית־ההסתדרות" אין ירושלים

אונזערע פירער און פראָגראַם־מאַכער פון „תיור וטיול" אין ישראל האָבן ביז איצט אויסגעלאָזן וועלכע־עס־איז אַקטיוויטעטן און אויפנאַמעס אום שבת. שבת איז אַלעמאָל געווען אַ רו־טאָג, און יעדער איינער איז געווען פריי צו גיין און טאָן וואָס ער וויל, ספּעציעל שבת אין ירושלים.

אָבער דער פּראָגראַם פון דער פינפטער דעלעגאַציע איז געווען אַזאַ געפּאַקטער, אַז אַפילו שבת האָבן מיר געדאַרפט אויספילן געוויסע פונקציעס, אַנדערש וואָלט שוין פאַר דעם קיין צייט ניט געווען. אַן אויפנאַמע פון דער הסתדרות אין ירושלים, וואָס פלעגט געוויינלעך פאָרקומען שבת־צו־נאַכט, איז דאָס מאָל אַראַנזשירט געוואָרן פאַר שבת פרי, אַזוי אַז עס האָט פונדעסטוועגן געגעבן אונזערע מיטגלידער גענוג צייט צו גיין באַזוכן בתי־מדרשים און זען ווי מען דאַוונט שבת אין דער פרי אין ירושלים.

ניט אַלע פון אונזער גרופּע זיינען געגאַנגען אין די זעלבע שולן; אייניקע זיינען געגאַנגען צו דעם מאה שערים־קוואַרטאַל, אַנדערע האָבן אויסגעזוכט אַן אַנדער בית־מדרש. איך מיט אַ גרעסערער גרופּע פון מענער און פרויען זיינען געגאַנגען אין דער שיינער ישורון־שול, וואָס געפינט זיך אויף קינג־דזשאָרדזש גאַס, ניט ווייט פון מלך־דוד האָטעל.

דער שפּאַציר אַליין פון האָטעל ביז דער שול איז געווען אינטערעסאַנט מיט דעם, וואָס ער גיט איינעם אַ מעגלעכקייט צו באַטראַכטן די גאַסן פון ירושלים אום שבת, אין דער צייט ווען דער עולם גייט אין די בתי־מדרשים דאַוונען.

פאַר די איינוואוינער פון ירושלים איז, נאַטירלעך, די שיינענדיקע זון און דער בלויער הימל קיין נייעס ניט; זיי זעען עס גאַנצע צען חדשים אין יאָר. אָבער צו אַ פריש־אָנגעקומענעם, וואָס זיין אויג איז ניט געוואוינט צו אַזאַ ליכטיקייט, צו אַזוי־פיל זונענשיין, צו אַזאַ בלויען הימל, מאַכט אָט־די יום־טוב׳דיקייט אַ געוואַלדיקן איינדרוק, ספּעציעל אויף אַזאַ שפּאַציר, ווען מען באַגעגנט אַלערליי געקליידטע אידן — פון איינעם וואָס גייט אָנגעטאָן אין אַן אַטלאַסענער זשופּיצע, ווייסע זאָקן און אַ שטריימל אויף דעם קאָפּ, ביז איינעם שוין מאָדערן געקליידט; אָבערביידע גייען זיך אַזוי רואיק, בהרחבה׳דיק. ניט דער שטריימל־איד האָט מורא, אַז מען וועט אים נאָכוואַרפן

שטיינער, און ניט דער מאָדערנער איד — אַז אַ גוי וועט זעענדיק אים אַ מורמל־טאָן: „זשיד״, אָדער „שיני״.

ווי געזאָגט, איז דער שבת־פרי שפּאַציר צו דער שול אינטערעסאַנט און פאַרשאַפט נחת. אָבער אויך אין שול גופא האָבן מיר געהאַט פאַרגעניגן, ניט ווייל מיר האָבן זיך פּלוצלונג צוגעכאַפּט צום דאַווענען, ווען אַפילו מיר האָבן אַריינגעקוקט אין די סידורים, צו וויסן וואו דער חזן האַלט און וואָס ער זאָגט. אונזער פאַרגעניגן איז געווען צו הערן דעם חזן פון ישורון־שול דאַווענען. שוין דאָס דריטע מאָל, אַז מיר קומט אויס אים צו הערן, און יעדעס מאָל באַוואונדער איך זיין פיינע טענאָר־שטימע. זיין זאָגן די תפילות אָן אַקראָבאַטיקס, נאָר זיס און האַרציק. אַ חוץ זיינע קענטענישן און זיסער שטימע, איז אָט דער יונגערמאַן אויסגעוואָקסן אין מיינע אויגן, ווען איינער פון די מתפללים וואָס איז געזעסן נעבן מיר, און וואָס האָט אגב דערנאָך צו מיר זיך דערקאָנט אַלס לאַנדסמאַן און הסתדרות־חבר, האָט מיר דערציילט, אַז דער חזן, וועלכער איז מיט עטלעכע יאָר צוריק געקומען פון מאַנטשעסטער, ענגלאַנד, איז גאָר אַ פאַרמער; אַ גאַנצע וואָך פאַרנעמט ער זיך מיט אַגרי־קולטור־פאַרמעריי, נאָר שבת און יום־טוב דאַוונט ער אין דער ישורון־שול. זיין אַמביציע און באַגער איז צו פאַרדינען זיין ברויט פון אַרבעט, פון פאַרמעריי. דאָס איז אַן אמת'ער חלוץ, אַ פיינער אידעאַליסט. ער דינט ביידע: גאָט און לייט...

נאָכדעם ווי די גאַנצע עדה אידן אין דער שול האָבן בציבור געזונגען „אין כאלקינו, אין כאדוננו״ און דער עולם האָט זיך געזאָגט „שבת שלום״ איז אונזער גרופּע, געפירט פון מיין געפונענעם לאַנדסמאַן, געגאַנגען צו דער „בית־הסתדרות ירושלים״, וואו מיר האָבן זיך שוין צוזאַמענגעטראָפן מיט די אַנדערע פון אונזער דעלעגאַציע אין אַ געפּאַקטן זאַל מיט הסתדרות־חברים, וועלכע זיינען געקומען זען און באַגריסן די אַמעריקאַנער חברים און חברות.

דער פּאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען דער מזכיר פון „מועצת פּועלי ירושלים״, משה בר־עם. ער האָט באַגריסט אונזער דעלעגאַציע און צווישן אַנדערעס אונטערגעשטראָכן די צוויי וויכטיקע געשעענישן פון דער וואָך אין דעם לעבן פון דער מדינה און דער שטאָט ירושלים: די באַנייאונג פון דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען מיטן סאָוועטן־פאַרבאַנד און דאָס איבערפירן פון דעם אויסלענדישן רעגירונגס־דעפּאַרטמענט קיין ירושלים, וואָס וועט

אפשר דערמעגלעכן די באַנייאונג פון אַ גרעסערער עליה פון די לענדער וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דעם ראַטן־פאַרבאַנד.

משה בר־עם, וועלכער איז אַ גרויסער פּאַטריאָט און איז פאַרליבט אין ירושלים, האָט מיט שטאָלץ און נחת דערציילט, אַז די שטאָט, וואָס האָט זיך אין צייט פון קריג אויסגעליידיקט און האָט געציילט בלויז 70 טויזנט איינוואוינער, האָט שוין איצט אַ באַפעלקערונג פון 140 טויזנט. די הסתדרות האָט מער ווי פאַרדרייפאַכט די צאָל פון אירע מיטגלידער און ציילט שוין איצט אַרום 30 טויזנט חברים. עס איז די אַמביציע פון די הסתדרות־פירער, אַז ירושלים זאָל ניט בלויז זיין אַ שטאָט פון קדושה, פון הייליקע פלעצער, און אַפילו ניט נאָר פון רעגירונגס־ביוראָס, נאָר אויך אַן אינדוסטריעלע שטאָט פאַר אַרבעטער, צו האָבן חיונה.

פון דער דעלעגאַציע האָבן גערעדט: חבר שפּיצער, פון דער אַמאָל־גאַמעיטעד, וועלכער האָט אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט מיט דעם וואָס ער האָט שוין געזען אין ישראל, און האָט געוואונטשן גליק פאַר דער ווייטערדיקער אַרבעט; דר. לואיס סילווער, פון מאָלדען, האָט גערעדט אין אַ מער פּאָזיטיוון און רעאַליסטישן טאָן. ער וואָלט וועלן, אַז מיר זאָלן פאַרגעסן די ניסים און צופּאַסן די עקאָנאָמיק פון לאַנד צו אַ מער רעאַליס־טישן צוגאַנג. עס וואָלט געווען ראַטזאַם, האָט ער געזאָגט, אַז דאָ אין ארץ־ישראל זאָל מען, פאַר אַ צייט ווייניקסטנס, פאַרגעסן אין די לוקסוריעזע זאַכן, פון קאָמפּאָט פאַר ברויט, ווייניקער שיינע קולטורעלע געביידעס און מער אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען; אַז די מדינה זאָל פריער עקאָנאָמיש פאַרפעסטיקט ווערן, איידער מען נעמט זיך אונטער צו בויען קולטורעלע געביידעס, וואָס ס׳קענען זיך נאָר פאַרגינען גרויסע, איינגעפונדעטעווע לענדער.

עס ריידן אויך די חברים טיקמאַן, ש. העלער און פּרוי פּראָמיסל, פון אונזער דעלעגאַציע, און נאָך אַ פּאָר האַרציקע ווערטער פון פּאָרזיצער, ווערט דער טייל פון באַגריסונגען און רעדעס געענדיקט.

דער פאָרזיצער שטעלט דאַן פאָר אַ יונגן זינגער, אהרן קאָהען, אַ „סאַברע" (געבוירן אין ירושלים), און דאָ האָבן מיר באמת געהאַט אַ זייער אַנגענעמען סורפּריז: אָט דער זינגער באַזיצט אַן אויסגעצייכנטע שטימע, אַ וואונדער־באַרן באַס־פּראָפאַנדאָ, וואָס איז זעלטן צו הערן. מבינים וועלן נאַטירלעך געפינען, אַז דער יונגערמאַן נויטיקט זיך אין מוזיקאַלישער אויסבילדונג און פּאָלירונג פון זיין שטימע. אָבער אַלע האָבן צוגעגעבן, אַז דאָס איז אַ כלי

פון אויסערגעוויינלעכער קוואַליטעט, וואָס איז ווערט אויף איר צו אַרבעטן. קאָהען איז אַ חבר פון דער הסתדרות. ער אַרבעט אין דער פּאָסט־ביוראָ פון ירושלים. ווען ער וואָלט ניט געווען פאַרבונדן מיט אַ פרוי און קינד, וואָלט געווען גרינגער צו ברענגען אים אין אַמעריקע, און איך בין זיכער, אַז ער וואָלט פאַר זיך געקענט מאַכן אַ גרויסע מוזיקאַלישע קאַריערע. זיינע לידער, וואָס ער האָט פאַר אונז פאַר געזונגען, זיינען אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס ענטוזיאַזם. אויך אונזער אייגענער בען געילינג האָט שטאַרק אויס־גענומען, ווען ער האָט פאַר דעם עולם געלייענט און דערציילט עטלעכע אַנעקדאָטן, און פאַרענדיקט האָט ער מיט זיין אייגענער פּאָעמע: „עם ישראל חי״. די פאַרזאַמלונג האָט זיך געענדיקט מיט אונזער סעקרעטאַר פייגענ־בוים׳ס דאַנק פאַר דער פיינער אויפנאַמע, און דאָס זינגען פון „התקוה״ און „תחזקנה״.

נאָך אונזער שבת־בייטאָגעדיקער סעודה אין מלך־דוד־האָטעל און נאָך אַ קורצן אָפּרו, זיינען אַ גרעסערע גרופּע פון אונז געווען די געסט ביי דעם כנסת־מיטגליד און זיין פרוי, די פאַמיליע שרי־שרייבמאַן. ביי דער פאַמיליע שרי אין הויז איז דאָס מאָל געווען אַ דאָפּלטע שמחה: ערשטנס, די געסט פון אונזער דעלעגאַציע, וואָס קענען דעם חבר שרי פון זיין באַזוך אין אַמעריקע; צווייטנס, זיינען אַ גרויסע צאָל פריינט, פּראָמינענטע פירער פון לאַנד געקומען אים באַגריסן צו דער געלעגנהייט וואָס ער האָט געענדיקט אַדוואָקאַטור און איז אָפיציעל אַריינגענומען געוואָרן אין דער „באַר־אַסאָ־סיאיישאָן״ און קען איצט פּראַקטיצירן די פּראָפעסיע. דער חידוש איז ניט וואָס איינער שטודירט אויס אַדוואָקאַטור, נאָר אין דעם וואָס שרי האָט שוין גרויסע דערוואַקסענע קינדער, און לויט מיין אָפּשאַצונג דאַרף ער שוין זיין אין די שפּעטע פופציקער. ביי די יאָרן, און די שווערע אַרבעטן וואָס שרי האָט געטאָן, איז דאָס שטודירן און ענדיקן אַדוואָקאַטור אַ גרויסער אויפטו, אַפילו ווען מען ווייסט, אַז שרי איז אַן אינטעליגענט פון רוסלאַנד, וואָס האָט געקראָגן אַ סיסטעמאַטישע בילדונג איידער ער איז געקומען קיין ישראל.

עס זיינען ווירקלעך געווען זייער אָנגענעמע מינוטן צו פאַרברענגען ביי די שרי׳ס אין הויז צווישן אַזויפיל אינטעליגענטע אידן פון ירושלים, וואו עס האָט ניט געפעלט קיין ערנסטע דיסקוסיעס אין ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער מדינה — אַ זאַך וואָס אינטערעסירט אונז זייער שטאַרק.

# אונזער באַזוך אין דער אידישער אַגענץ
# אין ירושלים

זונטיק, דעם 26טן יולי, אונזער דריטער טאָג אין ירושלים, האָבן מיר זיך געדאַרפט פעדערן גאַנץ פרי, כדי אויסצופילן די פּראָגראַם פון טאָג. צוערשט האָבן מיר באַזוכט דעם העברעאישן אוניווערזיטעט, וואָס געפינט זיך איצט ניט אין זיין היים, אויף דעם הר־הצופים, נאָר אין צייטווייליקע דירות. ווי באַוואוסט, איז דער הר־הצופים איצט ניט אין אידישע הענט. לויט פּראָפעסאָר מיכאָעלס, וועלכער האָט אונז אויפגענומען, איז די לאַגע פון אוניווערזיטעט אַ דאָפּלט־שווערע: ערשטנס, דער געראַנגל אין וואוין־פּלאַץ פאַר די קורסן און שטודיר־צימערן, לאַבאָראַטאָריעס א. אַ. וו. צווייטנס, דער מאַנגל אין געלט־מיטלען. די סובסידיע פון דער רעגירונג — האָט פּראָפעסאָר מיכאָעלס אונז אינפאָרמירט — איז קוים אין דריטל פון די אויסגאַבן פון אוניווערזיטעט, און דאָס איבעריקע דאַרף מען שאַפן אין חוץ־לארץ. איז ווען די סומעס ווערן ניט געשאַפן, קלייבט זיך אָן אַ דעפיציט און עס פעלן אויס מיטלען אויף זייער נויטיקע זאַכן. פונדעסטוועגן — האָט פּראָפעסספאָר מיכאָעלס געזאָגט — לערנט מען דאָ מיט התמדה. אמת, עס איז שווער, די סטודענטן האָבן ניט די באַקוועמלעכקייטן, וועלכע זיי דאַרפן, אָבער מיר טוען אַלץ, וואָס מיר קענען אונטער די באַדינגונגען, און לערנען אַלע טיילן פון דער וויסנשאַפט.

אין נאָמען פון אונזער דעלעגאַציע רעדט דר. ראובן שאַרענזאָן, פון באָסטאָן. ער האַלט אַ שיינע רעדע אין עברית. ער דאַנקט פאַר דער פיינער אויפנאַמע און דריקט אויס די האָפענונג, אַז די פריינט פון אוניווערזיטעט, וועלכע געפינען זיך אין אַ סך שטעט פון אַמעריקע, וועלן טיכטיקער אַרבעטן צו העלפן שאַפן דעם בודזשעט, כדי דער אוניווערזיטעט זאָל קענען פונקציאָנירן נאָרמאַל און טאָן זיין גרויסע און וויכטיקע אַרבעט.

פאַרטיק געוואָרן מיט דער אויפנאַמע אין אוניווערזיטעט, פאָרן מיר צו דער סוכנות־געביידע (אידישע אַגענץ), וואו עס געפינען זיך די ביוראָס פון דער אַגענטור, קרן־קימת און די אָפּטיילונג פון „דזשאָינט". עס רעדט צו אונז בערל לאָקער, דער פאָרזיצער פון דער אַגענטור. צוערשט באַגריסט

ער די גרויסע גרופּע אַמעריקאַנער חברים, וועלכע שטעלן צוזאַמען די דעלעגאַציע. ער איז שטאַרק צופרידן, וואָס אַמעריקאַנער אידן, אידן פון אַלע שיכטן און קרייזן, קומען קיין ישראל אַלס געסט, אָנקוקן וואָס די מדינה האָט געשאַפן, ווי אַזוי זי אַרבעט. און דאַן זאָגט ער פאָלגנדיקס:

„מיר זיינען די גליקלעכסטע מענטשן אויף דער וועלט, און גלייכצייטיק די אומגליקלעכסטע. די גליקלעכסטע, ווייל מיר לעבן ווי אונז געפעלט. ביז דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה איז אונזער פליכט געווען צו ברענגען וואָס מער אידן און מיר האָבן דאָס ניט געקענט, ווייל די מאַנדאַטן־מאַכט האָט ניט געלאָזט; איצט, ווען מיר האָבן די שליסלען פון לאַנד, און יעדער וואָס וויל קען קומען; ווען מיר דאַרפן ניט קיין סערטיפיקאַטן פון הויך־קאָמיסאַר און עס איז אַפילו פאַרזיכערט דורך דעם געזעץ פון דער כנסת, אַז יעדער איד האָט דאָס רעכט צו קומען קיין ישראל (אויסער פאַרברעכער קעגן דעם אידישן פאָלק) — זיינען פאַראַן עקאָנאָמישע שטערונגען.

„ביז איצט האָבן מיר גענומען אידן — אַלץ און אַלעמען, קראַנקע און אַלטע. בלויז אויף הוצאות הדרך האָבן מיר אויסגעגעבן 35 מיליאָן דאָלער. אייניקע לענדער האָבן מיר געמאַכט „אידן־ריין", ווי תימן און אַנדערע. אָבער מיר זעען, אַז די רייכע אידן זיינען געבליבן און קומען ניט צו אונז. משמעות, אַז זיי ווילן אונז נאָר שיקן די קראַנקע און אַלטע און אַראָפּוואַרפן פון זיך זייערע סאָציאַלע פאַראַנטוואָרטלעכקייטן. מיר דאַרפן מענטשן צום בויען, מענטשן וואָס קענען אַרבעטן צו פאַרדינען אויף זייער חיונה. ביז גאָר ניט לאַנג צוריק פלעגן די נייע עולים זיצן אין די בתי־עולים און גאָרניט טאָן, און מיר האָבן זיי געדאַרפט שפּייזן און אויסהאַלטן. איצט פּרובירן מיר, ווי ווייט מעגלעך, צו שאַפן פאַר זיי אַרבעט, אַז זיי זאָלן זיין נוצלעך פאַר דעם לאַנד און ווערן זעלבסטשטענדיק פאַר זיך.

„אין די לעצטע פינף יאָר האָבן מיר דערגרייכט מער ווי אין די 60 יאָר פון פּאָליטישן ציוניזם. זינט דער באַפרייאונגס־קריג האָבן מיר געשאַפן 390 נייע דערפער און דאָס איז בלויז אַן אָנהויב. אין דער גרויסער עליה און בויאונגס־אַרבעט זענט איר, אַמעריקאַנער אידן, געווען אונזערע שותפים. דאַרפן מיר זיין אמת׳ע שותפים, מיר דאַרפן מאַכן מדינת ישראל פאַר אַ צירונג פאַר דעם גאַנצן אידישן פאָלק".

זלמן שזר (רובאַשאָוו) האַלט אַ קורצע רעדע און צווישן אַנדערן זאָגט ער, אַז איצט איז כמעט ניטאָ קיין שטאָט אין גלות, וואָס זאָל ניט זיין

פאַרבונדן מיט ארץ ישראל. „דעריבער, ווען איר קומט קיין ישראל דאַרפט איר זיך באַטראַכטן אַלס אַזעלכע, וואָס האָבן אַ פּאָזיטיווע שייכות צו דער מדינה. איר דאַרפט אין זינען האָבן צוויי מאָמענטן: זען ארץ ישראל און זיך צוקוקן צו אַלץ, וואָס דאָ ווערט געטאָן, און דאָס, וואָס איז אייך ניט פאַרשטענדלעך, זאָלט איר זיך ניט שעמען צו פרעגן, בכדי איר זאָלט אַלץ וויסן און קענען איבערגעבן צו אַלע ביי אייך, אין אַמעריקע, וואָס ווילן אייך פרעגן. איר דאַרפט ווערן אמת'ע שליחים. דאָס וועט ברענגען נוצן פאַר אייך און פאַר דער מדינה".

פון דער אויפנאַמע מיט בערל לאָקער און זלמן שזר אין דער סוכנות, זיינען מיר אַריינגעגאַנגען אין דער צענטראַלע פון קרן־קימת, וואָס געפינט זיך טאַקע אין דער זעלבער געביידע. דאָרט זיינען מיר אויפגענומען געוואָרן פון דעם דירעקטאָר, דר. שלמה לוי. דאָס וואָס ער האָט אונז דערציילט איז געווען וויכטיק און זייער אינטערעסאַנט. ער האָט פאַר אַ סך פון אונז, גלויב איך, פאַרענטפערט קשיות און ספיקות אין באַצוג צו דער טעטיקייט פון קרן קימת (אידישער נאַציאָנאַל־פאָנד), וואָרעם זייער אַ סך אַמעריקאַנער אידן זיינען געווען אונטער דעם איינדרוק, אַז מיט דעם אויפקום פון דער אידישער מדינה האָט זיך די פונקציע און נוצלעכקייט פון דעם פאָנד געענדיקט. אונטער דער מאַנדאַטן־מאַכט, ווען דער פרייער פאַרקויף פון באָדן צו אידן איז געווען פאַרבאָטן, איז נויטיק געווען די אַרבעט פון דעם קרן־קימת, אָבער מיט דעם אויפקום פון דער מדינה, וואָס אונטער איר רשות איז דאָס גאַנצע לאַנד, פרעגט זיך, צו וואָס דאַרף מען האָבן די טעטיקייט און באַזונדערע געלט־זאַמלונגען פון דעם נאַציאָנאַל־פאָנד? אָבער ווען מען הערט זיך צו וואָס דר. לוי האָט צו דערציילן, ווערן קלאָר די זייער וויכטיקע און נויטיקע טעטיקייטן, וואָס דער נאַציאָנאַל־פאָנד פירט אויס און האָט נאָך אויסצופירן. ניט אַלץ, וואָס ער האָט אונז געזאָגט, איז פאַר פובליקאַציע, אָבער דאָס מעג יעדער איינער וויסן, אַז אַפילו איצט, ווען די מדינה עקזיסטירט, געהערט נאָך ניט דער גאַנצער באָדן צו אידן. עס זיינען פאַראַן גרויסע שטחים לאַנד, וואָס געפינען זיך אין אַזעלכע הענט, וואָס ניט קיין פריוואַטע אידן, און געוויס ניט די רעגירונג, קען צוקומען צו דעם. עס איז דעריבער די פונקציע פון דעם נאַציאָנאַל־פאָנד דאָס לאַנד צו באַזעצן.

דר. לוי האָט אונז געוויזן טעלעכע ביישפילן, וואָס, ווי געזאָגט, קענען ניט פאַרעפנטלעכט ווערן. אָבער אַפילו דער באָדן, וואָס איז שוין אין באַזיץ

פון קרן־קימת, איז אויך אַ גרויסע אַרבעט עס צו פאַרטיילן און קולטי־ווירן. די טויזנטערביימער, וואָס ווערן יערלעך געפלאַנצט פון דעם קרן־קימת, באַוועלדערט דאָס לאַנד און באַשאָטנט שטחים קעגן דער ברענענדיקער היץ. איצט — האָט דר. לוי געזאָגט — שטייען מיר פאַר אַ גרויסער אונטערנעמונג — אַ גרויס ווערק וואָס מיר שאַפן צום אָנדענק פון די זעקס מיליאָן קדושים, דער יער הקדושים, וואָס וועט פאַרנעמען אַ פּלאַץ פון 32 טויזנט דונאַם באָדן.

אין נאָמען פון דער דעלעגאַציע רעדט ח' מאַקס ניגראַש, פון באָסטאָן, אַ וועטעראַן אין דער אַרבעט פון קרן־קימת. ער דריקט אויס צופרידנקייט צו זען די אַרבעט פון זיין באַליבטן פאָנד, און וואָס דער קרן־קימת טוט פאַר דער מדינה און פאַר דעם פאָלק ישראל.

אונזער דעלעגאַציע פאַרלאָזט די סוכנות און מיר פאָרן צו דער „עמל״־פאַך־שול, וואָס געפינט זיך נאָענט פון דער עבר־הירדן גרענעץ, אַזוי נאָענט, אַז מען קען מיט דעם נאַקעטן אויג זען די וואַך און די ישראל־שכנים פון יענער זייט.

עס איז מערקווירדיק, ווען מיר קומט אויס צו באַזוכן אָט די „עמל״־שול, וועלכע געפינט זיך אַזוי האַרט ביי דער גרענעץ, וואונדער איך זיך צי עס איז געווען קלוג אָדער ראַטזאַם צו בויען אַ שול אַזוי נאָענט נעבן שכנים, וואָס האָבן ליב פון צייט־צו־צייט אַ שאָס צו טאָן אַזוי זיך, פון פאַרגעניגן וועגן. אָט די שול (די שילער זיינען געווען אויף „חפש״ — וואַקאַציע) איז אַ סך פאַרגרעסערט געוואָרן, זינט איך האָב זי באַזוכט אין 1951, און האָט איצט אַ סך מער שילער, וואָס לערנען זיך מעכאַנישע אַרבעטן. אַזעלכע פאַך־שולן זיינען פאַראַן איצט אין ישראל אַ היפּש ביסל, פון וועלכע די באַדייטנדסטע איז די מאַקס פיין שול אין תל־אביב. די הסתדרות שענקט גרויס אויפמערקזאַמקייט צו אַזעלכע שולן, ווייל דאָס לאַנד נויטיקט זיך זייער שטאַרק אין געשולטע מעכאַניקער. וואָס מער מדינת ישראל אַנטוויקלט זיך, אַלץ מער מעכאַניקער דאַרף זי האָבן. באַזונדערס נויטיקט זיך דאָס לאַנד זייער שטאַרק אין עלעקטריקער, שלאָסער, פּלאָמבערס און הונדערטער אַנ־דערע. דעריבער איז די הסתדרות אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט אין די פאַך־שולן, און אַלע פּראָיעקטן און פאַרוואַלטונג איבער די שולן איז איבער־געגעבן געוואָרן צו אַזאַ קאָמפּעטענטן מענטשן, ווי ישראל מערעמינסקי (מירום). אַ סך נייע געביידעס און פאַרשידענע אינסטאַלאַציעס און מאַשי־

נעריי ווערן געמאַכט פון אַמעריקאַנער פריינט און חברים, וואָס גיבן ספּעציעלעביישטייערונגען פאַר דעם צוועק. דאָס איז ווירקלעך זייער אַ נאָבעלער צוועק. יונגע בחורים ווערן דאָ געלערנט צו זיין נוצלעכע אַרבעטער און פירן אַ זעלבסטשטענדיק לעבן.

די „עמל"-שול אין ירושלים איז צושטאַנדגעקומען מיט דער הילף פון דער אַמאַלגאַמאַיטעד קלאָדינג וואָירקערס. אונזער יעקב בלום, פון באָסטאָן, האָט אין דער שול אַ צימער אויף זיין נאָמען. די חברים פון דער דעלעגאַציע זיינען געווען פאַראינטערעסירט צו זען אַלע צימערן און די אויסשטעלונג פון די פאַרשידענע מעכאַנישע אַרבעטן, וואָס די שילער מאַכן, און מיט אַ געפיל פון דרך־ארץ און דאַנקבאַרקייט פאַר דער גרויסער דער־ציערישער אַרבעט און מעכאַנישער בילדונג, וואָס די מערסטע עולים קריגן, האָבן מיר באַדאַנקט דער פאַרוואַלטונג, און זיך אומגעקערט אין דעם מלך־דוד האָטעל פאַר מיטאָג און אַביסל רו, בכדי מיר זאָלן דערנאָך קענען פאָרזעצן אונזער שפּאַציר אין ירושלים.

אין דער פּראָגראַם פאַר דעם טאָג איז נאָך געווען אָנגעצייכנט אַרויפ־צוגיין אויף דעם הר־הרצל, אָפּגעבן כבוד און לייגן אַ קראַנץ בלומען אויף דעם קבר פון דעם פאָטער פון פּאָליטישן ציוניזם, דר. טעאָדאָר הערצל ע"ה. אויך צו זיין אויף דעם קבר פון דעם ניט־לאַנג פאַרשטאָרבענעם אליעזר קאַפּלאַן, וואָס איז באַערדיקט געוואָרן אויף דעם מיליטערישן בית־עולם, אויף דעם זעלבן באַרג, ניט ווייט פון דר. הערצל'ס קבר — און פאַרענדיקט דעם טאָג מיט אַ באַזוך אין דעם זאָאָלאָגישן גאָרטן פון ירושלים און אָפיציעל צו פּרעזענטירן צו די פאַרוואַלטער און קוראַטאָר פון דעם שטאָט־גאָרטן די קאָלעקציע פון חיות און רעפּטיליען, וואָס די שטאָט ניו־יאָרק האָט דורך אונזער דעלעגאַציע געשיקט פון דעם בראָנקסער „זו".

זיינען מיר צוגעפאָרן מיט אונזערע באָסעס צום הר־הרצל. אָבער מחמת עס זיינען נאָך ניט געווען קיין געשניטענע וועגן צו דעם גרויסן בית־עולם, זיינען מיר אַרויף צופוס אויף דעם באַרג, פריער צום קבר פון דר. הערצל, וועמענסביינער עס זיינען גלייך נאָך דעם באַפרייאונגס־קריג געבראַכט געוואָרן קיין ישראל פון ווין, און מיט גרויס צערעמאָניע און כבוד מקבר געווען אויף דעם הר־הרצל. דוב קדם האָט אין קורצן דערציילט דעם עולם וואָס פאַר אַ גרויסע ראָל דער נפטר האָט געשפּילט אין ציוניזם. זיין פלוצלונגדיקע דערשיינונג אויף דעם גאַנץ טונקעלן אידישן האָריזאָנט, האָט

ווי אַ ליכטיקער בליץ דורכגעשניטן דעם הימל און געגעבן דעם ערשטן אָנזאָג אויף האָפענונג, אויף אויסלייזונג פון דעם לאַנגן, לאַנגן גלות.

דער גרויסער קראַנץ בלומען, וואָס איז געטראָגן געוואָרן פון חברים און חברות, מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע — טראַכטענבערג, סאָניע טיקמאַן און סעידי שניידער — איז געלייגט געוואָרן אויף דעם קבר. דאַן זיינען מיר געגאַנגען אָפּגעבן כבוד דעם צווייטן נפטר, וואָס איז גאַנץ פרי אין יאָרן צוגענומען געוואָרן אינמיטן פון זיין גרויסער אַרבעט פאַר דער מדינה און אידישן פאָלק.

אליעזר קאַפּלאַן, דער ערשטער פינאַנץ־מיניסטער פון דער אויפגעקו־מענער מדינה, האָט באַלאַנגט צו דער ערשטער גרופּע חלוצים, וועמענס נעמען עס וועלן אַריינגיין אין דער געשיכטע אַלס די פונדאַמענט־לייגער פון דעם פּראַקטישן ציוניזם, פון דעם פּעריאָד, ווען די דאָזיקע מאָדערנע אידן האָבן זיך מער ניט געוואָלט פאַרלאָזן אויף דעם פּאָליטישן ציוניזם און וואַרטן ביז די מאַנדאַטן־מאַכט אָדער די אַנדערע מושלים איבער ארץ ישראל וועלן באַשליסן צו געבן אַ היים פאַר דעם פאָלק ישראל. זיי זיינען געקומען צו דער מסקנה, אַז נאָר דאַן וועט די ערד און לאַנד געהערן צו דעם אידישן פאָלק, ווען זיי וועלן אויף דעם זיצן און זי באַאַרבעטן. צו דעם צוועק האָט ער, און זיינע חברים, געווידמעט זייך גאַנץ לעבן, און געוויזן אַ ביישפּיל מיט דעם, וואָס זיי האָבן מיט זייערע אייגענע הענט געאַרבעט אויף דעם לאַנד, געהאַקט שטיינער, געבויט וועגן א. אַ. וו. זיי זיינען דאָס די וואָס האָבן זיך אָרגאַניזירט אין קאָאָפּעראַטיוון, געגרינדעט קיבוצים און מושבים — דער רוקן־ביין פון דער איצטיקער מעכטיקער הסתדרות העובדים.

אליעזר קאַפּלאַן איז געווען אַ ריז אין קערפּער און אין גייסט. ער, מער פון אַלע אין זיין מיניסטאָרן קאַבינעט, האָט געהאַט די גרויסע און שווערע אויפגאַבע צו מאַניפּולירן מיט די פינאַנסן פון דער מלוכה. פריער איז ער געווען דער קאַסירער פון דער אידישער אַגענטור, און מיט דעם אויפקום פון דער מדינה, האָט ער, זיצנדיק פּאַקטיש ביי אַ ליידיקער קאַסע, געדאַרפט זען אַז עס זאָל זיין געלט פאַר ברויט און טויזנטער אַנדערע באַדערפענישן, וואָס מען האָט געדאַרפט ברענגען פון אויסלאַנד, אויסהאַלטן אַן אַרמיי און איינשאַפן די נויטיקע וואָפן א. אַ. וו. אָט די גרויסע אויפגאַבן, וואָס ער האָט געטראָגן אויף זיינע פּלייצעס, האָבן אפשר אים איינגעבראָכן און פאַרקירצט זיינע יאָרן.

אָט־דעם גרויסן אידן, דעם בויער פון דער מדינה, זיינען מיר געגאַנגען אָפּגעבן כבוד און לייגן אַ קראַנץ בלומען אויף זיין פרישן קבר. די חברים דר. לואיס סילווער און דוד גרעי האָבן געהאַלטן קורצע רעדעס. מיר האָבן זיך דאַן אומגעקערט צו אונזערע באָסעס דורך דעם גרויסן מיליטערישן בית־עולם, וואו עס ליגן אין אייביקער רו טויזנטער קדושים, וועלכע האָבן אַוועקגעגעבן זייערע יונגע לעבנס אין דעם באַפרייאונגס־קריג פאַר זייער לאַנד און פאָלק.



# אַ באַזוך ביי לוי אשכול און גאָלדע מייערסאָן

מאָנטיק, דעם 27טן יולי, אונזער לעצטער טאָג אין ירושלים, האָבן מיר געהאַט אַ גאַנץ לאַנגע פּראָגראַם דורכצופירן. ניט נאָר איז דער גאַנצער טאָג געווען אָנגעפּאַקט מיט באַזוכן און אויפנאַמעס, נאָר אַפילו אין אָונט האָבן מיר געהאַט אַ געזעגענונגס־אָונט מיט חשובע געסט צו אונזער אָונט־סעודה. אָבער פון דער גאַנצער פּראָגראַם האָבן זיך אַרויסגעהויבן צוויי זייער וויכטיקע באַזוכן — באַזוכן וואָס קיינער פון אונזער גרויסער גרופּע וואָלט ניט געוואָלט דורכלאָזן אָדער פאַרבייטן אויף עפּעס אַנדערש. און דאָס איז געווען די באַגעגעניש מיט דעם פינאַנס־מיניסטער לוי אשכול און מיט דער אַרבעטס־מיניסטאָרין גאָלדע מייערסאָן.

ויינען מיר גאַנץ פרי, באַלד נאָך פרישטיק, צוגעפאָרן צום פינאַנס־מיניסטעריום פאַר דער באַגעגעניש מיט לוי אשכול. אין זיין הויפּט קאַבינעט ביי דעם אַרבעטס־טיש איז ער געזעסן און מיר, די דעלעגאַציע פאָלקס־מענטשן, האָבן אָנגעפילט דעם צימער און אויסגעפילט יעדן ברעקל פּלאַץ וואו מען האָט נאָר געקענט שטעלן אַ בענקל צו זיצן און זיך צוגעהערט וואָס דער חבר אשכול האָט צו זאָגן וועגן דעם צושטאַנד פון דער מדינה.

אשכול פּטר׳ט זיך אָפּ מיט דער צערעמאָניאַלער באַגריסונג זייער גיך, און גייט באַלד איבער צו תכלית. ער ווייזט אָן אויף צוויי ישראל־מאַפּעס וואָס הענגען ביי אים אויף דער וואַנט. אויף איינער זיינען אָנגעצייכנט אַלע נייע פּונקטן, נייע דערפער, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן ביז איצט, נאָך דעם באַפרייאונגס־קריג. דאָס איז אַ גאַנץ היפּשע דערגרייכונג, אָבער דאָס איז בלויז ווייניקער פון אַ העלפט פון די דערפער וואָס דאָס לאַנד האָט געהאַט איידער די אַראַבער זיינען פון לאַנד אַנטלאָפן. ביי די בעסטע באַדינגונגען קענען די אַלע אַגראַר־פּונקטן אונז ניט געבן די שפּייז וואָס דאָס לאַנד דאַרף פאַרברויכן, אַז מיר זאָלן ניט דאַרפן אָנקומען פאַר דעם קיין חוץ־לארץ. מיר מוזן האָבן אַמווייניקסטנס נאָך זעקס הונדערט דאָרפישע זידלונגען — האָט אשכול געזאָגט — בכדי זיך אַליין צו קענען שפּייזן. האָבן מיר ביידע זאַכן, סיי לאַנד און אויך מענטשן־קראַפט, פעלט אונז אָבער די נויטיקע קאַפּיטאַלן פאַר איריגאַציע, פּאַיפּס, ברונעמער, אינוועטאַר א. אַ. וו. דאָס איז ניט־באַוועגלעכער קאַפּיטאַל וואָס דאַרף אינוועסטירט

ווערן אויף אַ גאַנץ לאַנגער צייט. מיר האָבן, זאָגט ער, אין אונזערע הענט אַ גאַנץ רייכן פאַרמעגן, אָבער אַזעלכן צו וועלכן מען דאַרף האָבן נאָך קאַפּיטאַלן אים צו באַוועגן, אַז ער זאָל טראָגן ריווחים.

מיר האָבן — האָט אשכול געזאָגט — גרויסע שטרעקעס אין נגב וואָס מען דאַרף באַוואַסערן און קולטיווירן. אויך האָבן מיר שוין אַ קלאָרן באַגריף פון די נאַטירלעכע אוצרות פון פאָספאַטן, קופּער, אייזן און אַנדערע מינע־ראַלן. יאָ, די אַלע אוצרות ליגן אָבער באַגראָבן אין דער ערד און עס פאָדערט זיך קאַפּיטאַל זיי פון דער ערד אַרויסצובאַקומען.

מיר טרעטן שוין צו — זאָגט ער ווייטער — צו גראָבן נאַפט (אויל), וואָס לויט די עקספּערטן און געאָלאָגן איז ניטאָ איין פּלאַץ וואָס עס לוינט זיך ניט צו זוכן. זוכן אָבער קאָסט געלט. עס דאַרפן אין דעם אַריינגעלייגט ווערן גרויסע קאַפּיטאַלן. דאָס מערקווירדיקסטע איז, וואָס אין די גראָבונגען פאַר נאַפט, וואָס וועלן זיך באַלד אָנהויבן, באַטייליקט זיך מער ניט־אידישער קאַפּיטאַל ווי אידישער. מיר ווילן ניט מאַכן קיין סוד פון די שוועריקייטן וואָס שטייען פאַר אונז. די מדינה איז נאָך אַלץ אין דעם צושטאַנד פון קריג. מיר דאַרפן אָפּהיטן און פאַרטיידיקן אונזערע גרענעצן, איינגלידערן און אַבסאָרבירן אַזויפיל נייע עולים, וועלכע זיינען צו אונז געקומען נאַקעטע און באָרוועסע, אָן אַ גראָשן געלט. דאָס איז אַ גיגאַנטישע אַרבעט, וועלכע מיר קענען אַליין ניט טאָן אָן דער הילף פון די אידן פון דער וועלט און באַזונדער פון אַמעריקאַנער אידן.

ער באַרירט און שטעלט זיך אָפּ אויף די פאַלשע קלאַנגען וועלכע ווערן פאַרשפּרייט וועגן די 51 פּראָצענט וואָס די רעגירונג אָדער די הסתדרות זאָלן פאָדערן פון די וועלכע ווילן אינוועסטירן אין אונטערנעמונגען אין ישראל. עס איז אין דעם ניטאָ קיין האָר פון אמת. אדרבא, זאָל קומען פּריוואַטער קאַפּיטאַל. ער וועט זיין שטאַרק ווילקאָמען. מיר דאַרפן אים זייער בויטיק האָבן. יעדער פּריוואַטער דאָלער וואָס ווערט אינוועסטירט איז אַ גרויסע ווירטשאַפטלעכע הילף פאַר אונזער לאַנד.

אשכול האָט געענדיקט און געבעטן אויב עס איז עמעצן ניט פאַר־שטענדלעך אָדער אויב עמעצער וויל עפּעס וויסן וועגן פראַגן וואָס ער האָט אין זיין רעדע ניט באַרירט, קען מען פרעגן און ער וועט מיט פאַרגעניגן ענטפערן. דר. פּינסקי, אַ מיטגליד פון דער דעלעגאַציע, האָט געפרעגט: ווי וועט דער מצב אויסזען אין לאַנד, אויב די קאַמפּעינס זאָלן זיך אָפּשטעלן?

אויף אַזאַ מעגלעכקייט — האָט אשכול געזאָגט — איז דאָ איין ענטפער: אונזער סטאַנדאַרט פון לעבן וועט מוזן אַראָפּגעזעצט ווערן און מיר וועלן מוזן לעבן ווי עס לעבט דער אַראַבער אָדער דער תּימנ׳ער. אַלס פּאָרזיצער פון דער גרופּע, האָב איך באַדאַנקט חבר אשכול פאַר דער אויפנאַמע וואָס ער האָט אונז געגעבן און פאַר דער זייער וויכטיקער אינפאָרמאַציע.

„מיר זיינען אַהער ניט געקומען — האָב איך געזאָגט — אייך צו געבן עצות ווי אַזוי איר זאָלט פירן אייערע געשעפטן; מיר זיינען געקומען זען און לערנען. מיר זיינען געקומען זיך אָננעמען מיט ענטוזיאַזם און באַגייס־טערונג, אַז מיר זאָלן קענען ווייטער אָנפירן אונזער אויפקלערונגס־אַרבעט, אונזערע קאַמפּעינס, אייך צו שטאַרקן און דערמוטיקן אין אייער גיגאַנטישער אָנשטרענגונג צו בויען און אַנטוויקלען די מדינה צו זעלבסטשטענדיקייט און זיין אַ שטאָלץ פאַר יעדן אידן אין דער וועלט.

„מיר ווייסן, אַז איר, און אויב אירווילט — מיר אויך, פירן אַ באַרג־אַרויף־קאַמף. עס ווערט שווערער פון טאָג צו טאָג, אָבער מיר קענען ניט און וועלן ניט בלייבן אינמיטן. די צוקונפטיקע דורות וואָלטן אונז קיינמאָל ניט פאַרגעבן, ווען אַזעלכעס זאָל חלילה פּאַסירן. מיר וועלן די שותּפות קיינמאָל ניט אויפגעבן...“

מיט דעם איז אונזער באַזוך אין פינאַנס־מיניסטעריום מיט לוי אשכול געווען צו ענדע.

⁂

אַרום 12 אַזייגער מיטאָג־צייט, נאָכדעם ווי מיר האָבן געהאַט אַרום אַ שעה און אַ האַלב צייט אַרומצוגיין אין די געשעפטן פון ירושלים און קויפן סואווענירס און מתּנות צו ברענגען אַהיים, זיינען מיר געקומען אין אַרבעטס־מיניסטעריום צו זאָגן שלום צו גאָלדע מייערסאָן. צו זען און הערן גאָלדע׳ן איז אַלעמאָל אַ נחת. עס זיינען דאָ ווייניק מענטשן, ספּעציעל פרויען, וואָס זאָלן זיין אַזוי באַליבט און פּאָפּולער ווי גאָלדע, סיי דאָ אין אַמעריקע און סיי אין ישראל, וואו זי פאַרנעמט דעם וויכטיקן אַמט פון אַרבעטס־מיניסטער.

זי האָט אונז אויפגענומען זייער וואַרעם, מיט אַ שמייכל אויף איר פּנים, פּונקט ווי אַ מאַמע איז גרייט אויפצונעמען קינדער, וועלכע זיינען געקומען פון ווייטע מקומות זי צו זען.

עס זיינען ווירקלעך געווען זייער ווייניק אין אונזער דעלעגאַציע, וועמען

גאָלדע קען ניט און וועלכע זי האָט ווען עס איז אין אירע אָפטע רייזעס צו אונז אין אַמעריקע ניט באַגעגנט. זי האָט יעדן איינעם האַרציק באַגריסט און אַרומגענומען מיט ליבע און פריינטשאַפט.

„נו, וואָס קען איך אייך זאָגן, מיינע ליבע חברים און חברות — האָט זי אָנגעהויבן — איר פאָלגט דאָך מסתמא נאָך אַלץ וואָס ביי אונז טוט זיך און איר ווייסט פון די שווערע פּראָבלעמען וואָס מיר האָבן צו לייזן. ביי אונז איז אָפּטימיסט אַזוי ווי מיט דער בייזער שוויגער. זעט מען ביי אונז פּראָגרעס און גוטע זאַכן, פרעגט מען אונז צו וואָס מיר דאַרפן נאָך געלט; טאָמער חלילה פאַרקערט, איז די פראַגע: וואָס טוט איר מיט אונזער געלט? איך וויל אייך ראַטן, אַז איר זאָלט אויף אייער שפּאַציר אין לאַנד זיך צוקוקן צו אַלץ וואָס איר זעט; זיך ניט שטאַרק באַגייסטערן, אָבער אויך ניט אַנטוישט ווערן. אויב איר וועט פּלוצלונג הערן אַ פּאָר שאָסן, זאָלט איר זיך ניט שטאַרק דערשרעקן. דאָס ווייזט, אַז מיר האָבן ניט קיין גאָר־פריינטלעכע שכנים — צוליב דעם דאַרפן מיר זיין שטאַרק. וואָס שטאַרקער מיר וועלן זיין, אַלץ גיכער וועט אויפהערן די שיסעריי. אויסער די געלט־פּראָבלעמען האָבן מיר זייער ערנסטע פּראָבלעמען, נאָך וויכטיקערע ווי די עקאָנאָמישע. מיר האָבן אין אַ קורצער צייט אַריינגענומען צענדליקער טויזנטער אידן, וואָס דאַרפן צעמענטירט און אינטעגרירט ווערן אין דעם ישוב, אַז זיי זאָלן זיין נוצלעכע בירגער פון לאַנד. מיר אַליין זיינען ניט קיין קבצנים און דאַרפן ניט קיין צדקה. דאָס לאַנד איז אָרעם נאָר אַזוי לאַנג ביז עס וועלן זיך אַנטוויקלען און אויסאַרבעטן אַלע אוצרות און רעסורסן וואָס מען קען דאָ אין לאַנד געפינען. מיר דאַרפן אייך און אייערע קינדער. קומט צו אונז וואָס מער, זעט אויך אונזערע חסרונות און העלפט אונז זיי אויסבעסערן".

גאָלדע מייערסאָן האָט דאַן געבעטן, אַז מען זאָל איר שטעלן פראַגן. אַ צאָל חברים זיינען געווען נייגעריק צו וויסן וועגן דער אַרבעטסלאָזיקייט אין לאַנד. זי האָט געענטפערט, „אַז קיין גענויע סטאַטיסטיק האָבן מיר ניט, ווייל ניט אַלע וואָס אַרבעטן ניט זיינען פאַררעגיסטרירט, אָבער מיר שאַצן, אַז די צאָל איז בערך פון 16 ביז 20 טויזנט. עס איז פאַראַן אַרבעט — האָט זי געזאָגט — נאָר עס פעלן די נויטיקע קאַפּיטאַלן, אַז די אַרבעט זאָל קענען דורכגעפירט ווערן פאַר דער אַנטוויקלונג פון לאַנד, וואַסער, שיכון און עליה. פאַר דעם וואָלטן מיר געדאַרפט האָבן אַרום 165 מיליאָן דאָלער, אָבער ווען

מיר זאָלן אַפּילו האָבן פּופּציק מיליאָן וואָלט, פֿאַרזיכער איך אייך, קיין אַרבעטסלאָזיקייט ניט געווען. מיר באַגרענעצן דאָס אַריינפֿירן פֿון מאַשינען, רוי־שטאָפֿן, ביז אַ מינימום, ווייל מיר האָבן קיין געלט ניט״.

די אויפֿנאַמע האָט זיך געענדיקט. מיר האָבן גענומען אָפּשייד פֿון גאָלדע׳ן ווינטשנדיק איר אריכת ימים און געזונט. איך בין זיכער, אַז יעדער האָט ביי זיך אין האַרצן שטילערהייט צוגעזאָגט צו טאָן מער, אַרבעטן אינטענסיווער צו העלפֿן אָט דער איבערגעגעבענער אידעאַליסטין און קעמפֿערין אין איר שווערער און הייליקער אַרבעט.



# אַ באַזוך אין ביבלישן זאָאָלאָגישן גאָרטן

מיט אַ פּאָר טעג פריער, איידער אונזער דעלעגאַציע איז אָפּגעפלויגן פון ניו־יאָרק קיין לאָנדאָן אויף אונזער וועג קיין ישראל, האָט מען אונז געלאָזט וויסן, אַז די שטאָט ניו־יאָרק האָט באַשטימט צו שיקן דער שטאָט ירושלים אַ קאָלעקציע פון חיות, פויגלען און רעפּטילן אַלס מתנה פאַר דעם ביבלישן „זו" דאָרטן.

די קאָלעקציע איז צוגעגרייט געוואָרן פון דעם קוראַטאָר דר. לעאָנאַרד דזש. גראָס, פון דעם זאָאָלאָגישן פּאַרק אין די בראָנקס, און איז איבער־געגעבן געוואָרן צו אונזער דעלעגאַציע, אַז מיר זאָלן די מתנה אָפיציעל איבערגעבן די פאַרוואַלטער פון דעם „זו" אין ירושלים. וועגן דער אָפיציע־לער צערעמאָניע, ווען דער דעפּיוטי־מעיאָר פון ניו־יאָרק, טשאַרלס האָראָ־וויץ, און די פאַרוואַלטער פון פּאַרק האָבן די מתנה פּרעזענטירט, האָבן מיר שוין דערציילט אין אונזער בוך, און בילדער דערפון זיינען דערשינען כמעט אין אַלע ענגלישע צייטונגען פון ניו־יאָרק. דאָ וויל איך איבערגעבן וועגן אונזער באַזוך אין דעם זאָאָלאָגישן גאָרטן אין ירושלים, ווען מיר האָבן די קאָלעקציע פון חיות אָפיציעל פּרעזענטירט.

אָבער פריער זאָל מיר דערלויבט זיין צו פאַרריכטן אַ טעות וואָס איך האָב געמאַכט אין „פאָרווערטס" פון 30טן יולי, וואו איך האָב דערציילט וועגן דער קאָלעקציע פון חיות וואָס איז אונז געגעבן געוואָרן פון דער שטאָט ניו־יאָרק. איך האָב דאָרטן געשריבן, אַז די ביבלישע „זו" איז מסתמא געגרינדעט געוואָרן נאָך דעם אויפקום פון דער מדינה. האָט מיר וועגן דעם אויפמערקזאַם געמאַכט פּריינט מ. איסקאָלסקי פון דער „אגודת ידידי החיות התנ"כי בירו־שלים (געזעלשאַפט פון פּריינט פון „זו" אין ירושלים) אין „אַ שטימע פון פאָלק" וואָס איז דערשינען אין „פאָרווערטס" דעם 17טן סעפּטעמבער. ער שרייבט, אַז אין אמת'ן איז דער ביבלישער „זו" נאָך געגרינדעט געוואָרן אין 1940 אונטער דעם בריטישן מאַנדאַט.

וויל איך, קודם־כל, דאַנקען פּריינט איסקאָלסקי פאַר איבערגעבן די פאַקטן און פאַרריכטן דעם טעות. אגב, דערציילט איסקאָלסקי אַ זייער אינ־טערעסאַנטע געשיכטע פון דעם ביבלישן „זו" פון דער צייט פון זיין גרינדונג ביז איצט, און די פאַרשידענע עטאַפּן וואָס ער האָט דורכגעמאַכט ביז ער איז

געקומען צו דער איצטיקער שטופע. דאָס איז אין פיל פאַלן כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ סך פון ישראל׳ס אונטערנעמונגען און אינסטיטוציעס, וועלכע גייען דורך אַזעלכע גלגולים ביז זיי דערשלאָגן זיך צום צוועק צו וועלכן זיי זיינען געגרינדעט געוואָרן.

אָבער וועגן אַזעלכע מעטאַמאָרפאָזן און פאַרוואַנדלונגען פון איצטיקע גאָר גרויסע אונטערנעמונגען וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן זייער קליין, כמעט פון גאָרנישט, וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערציילן. איצט וויל איך נאָר איבערגעבן וועגן אונזער באַזוך אין דעם ביבלישן זאָאָלאָגישן גאָרטן און די פּרעזענטאַציע פון דער קאָלעקציע פון חיות וואָס מיר האָבן דער פאַרוואַלטונג איבערגעגעבן.

דאָס האָבן מיר געטאָן אַזוי גיך ווי מיר זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט לייגן די קרענץ בלומען אויף די קברים פון דר. הערצל און אליעזר קאַפּלאַן. עס איז שוין געווען שפּעט נאָך מיטאָג, ווען מיר זיינען צוגעפאָרן צום פעלזן־באַרג, וואו דער גאָרטן געפינט זיך. דאָרטן ביים אַריינגאַנג זיינען מיר באַ־געגנט געוואָרן פון דר. אהרן שולוב, און אַ פאַרטרעטער פון ירושלים׳ער עיריה, אַמדאַר. זיי האָבן אונז געזאָגט אַ האַרציקן „שלום״, און דר. שולוב האָט אונז געפירט ווייזן דעם גאָרטן און די פאַרשידענע מינים חיות, פויגלען און שרצים וואָס געפינען זיך דאָרט אונטער זיין אויפזיכט.

פון דר. שולוב׳ס רייד און זיין ענטוזיאַזם פאַר אַ גרויסן „זו״, האָבן מיר געקענט זען, אַז ער איז אין דעם פאַרטאָן מיט לייב און לעבן. זיין אַמביציע איז צונויפצוזאַמלען אַלע חיות, עופות און רעפּטילן וואָס האָבן ווען געלעבט אין ארץ ישראל. דאָס איז אים אויך שוין אין אַ גרויסער מאָס געלונגען. ער האָט שוין דאָרט אַזעלכע מינים וואָס זיינען שוין אין ערגעץ ניט בנמצא און אין געוויסע פאַלן האָט ער נאָר איינציקע און קען שוין אַפילו קיין פּאָר צו זיי ניט קריגן.

אָבער דאָס אינטערעסאַנטסטע פון אַלץ, וואָס מיר האָבן געהערט פון אים, איז זיין טראַנספאָרמירן, איבעראַנדערשן די געוואוינהייטן פון דער אכילה פון די חיות. ווי עס איז באַקאַנט, איז פלייש גאָרניט קיין ביליקער מאכל אין ישראל. דאָס איז אַן אַרטיקל וואָס איז קיינמאָל ניטאָ לרוב; און דער „זו״ אין ירושלים האָט ניט קיין גרויסע בודזשעטן. נו, טוט זיך דר. שולוב (אגב איז ווערט צו באַמערקן, אַז ער איז פּראָפעסאָר פון זאָאָלאָגיע אין דעם העברעאישן אוניווערזיטעט) אַן עצה: ער געוואוינט אָפּ זיינע פלייש־

עסנדיקע חיות פון עסן פלייש. ער האָט אין דעם, זאָגט ער, גרויס דערפאָלג מיט אַ סך פון די חיות. אָבער דער קעניג פון די חיות — דער לייב — און אייניקע וועלף זיינען נאָך אַלץ איינגעשפאַרט. זיי ווילן נאָך אַלץ זייער פּאָרציע פלייש און ווילן פון אַנדערע מאכלים ניט וויסן...

דער פּאַרק, אָדער גאָרטן, וואו דער „זו" געפינט זיך, איז אַביסל אַנדערש פון אַזעלכע פּאַרקס וואָס מיר קאָנען פון אַמעריקע. דאָ איז נאָך דערוויל גאָרניט קולטיווירט. עס איז, ווי מען זאָגט, „רויע נאַטור" — בערגלעך און שטיינער, וואָס מאַכט גאַנץ שווער אַרומצושפּאַצירן. אָבער פאַר דער יונג־וואַרג איז דאָס אַן אויסגעצייכנטער פּלאַץ, ספּעציעל ווען עס איז אַרום ירושלים קיין ים־ברעג ניטאָ וואו די קינדער זאָלן זיך קענען באָדן; און שפּאַצירן אין אַנדערע בערגיקע געגנטן אַרום ירושלים איז אַ סכנה צוליב די אַראַבישע אָנפאַלן.

פאַר די חיות אָבער, גלויב איך, איז דאָס שוין גאָר אַ גוטע לאַנדשאַפט און אַטמאָספערע — אַ לאַנדשאַפט וואָס איז ענלעך צו די פּלעצער פונוואַנען זיי זיינען אָריגינעל געקומען.

אונזער הויפּט־אינטערעס, נאַטירלעך, איז נישט געווען צו באַזוכן אַ „זו", נאָר הויפּטזעכלעך איבערגעבן די מתנה וואָס די שטאָט ניו־יאָרק האָט דורך אונז געשיקט. און ווען מיר זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט דעם שפּאַציר איבער דעם פּאַרק און געזען אַלע חיות, וואָס געפינען זיך אונטער דער אויפזיכט פון דעם געלערנטן דר. שולוב, האָבן מיר זיך צוזאַמענגעקליבן נעבן דער קאָלעקציע און פּרעזענטירט די חיות, אַלס סימבאָל און צייכן פון גוטן ווילן און פריינטשאַפט פון דער גרעסטער שטאָט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, צו דער אייביקער שטאָט — ירושלים. דר. שולוב און ה׳ אמדאר האָבן האַרציק געדאַנקט פאַר דער מתנה דער שטאָט ניו־יאָרק, איר מעיאָר אימפּעליטערי, דעם דעפּיוטי־מעיאָר טשאַרלס האָראָוויץ, דעם קוראַטאָר דר. גראָס פון דעם בראָנקס־„זו".

ווען מיר האָבן פאַרלאָזן דעם גאָרטן איז שוין געווען שפּעט, די זון האָט געהאַלטן אין פאַרגיין, אָבער אַ טייל פון איר האָט נאָך אַרויסגעשטעקט גענוג צו באַפאַרבן מיט טונקל־רויטע קאָלירן דיביימער און פעלזן פון גאָרטן. מערסטע פון אונז זיינען געווען מיד און דערשעפּט פון שווערן טאָג אַרומפאָרן און אַרומגיין, און זיינען געווען צופרידן און נייגעריק זיך אומ־

קערן אין דעם מלך־דוד האָטעל פאַר דעם לעצטן מאָלצייט און נאַכט אין ירושלים.

***

צו אונזער סעודה אין מלך־דוד האָטעל אין ירושלים זיינען געקומען זייער חשובע געסט. עס זיינען געקומען מיט אונז זיך זעגענען און אונז זאָגן צאתכם לשלום: יוסף שפּרינצאַק, דער יושב־ראש פון כנסת; בערל לאָקער, פּרעזידענט פון דער אידישער אַגענטור; בעבאַ אידעלסאָן, פירערין פון די פּיאָנערן־פרויען; עדה פישמאַן און אַ רייע אַנדערע פּערזענליכ־קייטן. עס פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלע פון די חשובע געסט האָבן געקענט האַלטן רעדעס. דאָס וואָלט זיך פאַרצויגן ביז טאָג. האָט דעריבער חבר שפּרינצאַק געהאַלטן די הויפּט־רעדע און אונז געזאָגט אַ סך אינטערעסאַנ־טעס. ער האָט גאָרנישט געוואָלט באַהאַלטן, ווי טרויעריק עס זאָל נישט זיין.

ער האָט פאַר אונז געמאָלן אַ בילד, אמת, מיט אַ סך פּאָזיטיווע דער־גרייכונגען, אָבער אויך פון ראַנגלעניש מיט שווערע פינאַנסיעלע, עקאָנאָ־מישע און פּאָליטישע פּראָבלעמען. נישט אַלעמאָל, האָט ער געזאָגט, זיינען אונזערע סכסוכים דאָ מיט די אַראַבער, און די צרות וואָס די אַראַבער טוען און ווילן טאָן. זייער אָפט, זעט עס אויס, זיינען אונזערע וויכוחים גאָר מיט וואַשינגטאָן און מאָסקווע. מיר דאַרפן זען אַכטונג געבן אויף דעם פּאָליטישן ווינט, וואָס בלאָזט אין יענע מקומות. מיר זיינען באַשאָנקען מיט אַלערליי פּראָבלעמען און פראָנטן. אונזער איבערפירן דעם אויסלענדישן דעפּאַרטמענט פון תל־אָביב קיין ירושלים האָט אַרויסגערופן אַ רעאַקציע ביי אייך אין אַמעריקע. איז, ווי איר זעט, פעלן אונז חלילה נישט קיין צרות. מיר האָבן אַפילו אַן אייגענעם פראָנט דאָ, צווישן אידן — אידן וואָס דעמאָנסטרירן און בלאָזן שופר אויף די גאַסן פון ירושלים... וואָלטן מיר קודם וועלן, אַז איר זאָלט זיין ריכטיק אינפאָרמירט; איר זאָלט וויסן וואָס איז וואָס; איר זאָלט קענען אָפּטיילן די פסולת פון דעם עכטן.

אָבער נישט צוליב רעדעס זיינט איר אַהער געקומען — האָט ער פאַר־געזעצט — איר זיינט געקומען צו זען וואָס דאָ ווערט געטאָן; דאַרפט איר אַלץ זען מיט אָפענע אויגן, מיט אַ אידיש האַרץ און אידישן שכל. דאָס, וואָס מיר האָבן ביז איצט געטאָן און געשאַפן, איז בלויז אַ כזית — אַ מינימום פון דעם וואָס מיר דאַרפן טאָן. אָבער מיר קענען עס נישט מאַכן

אָן אייך. איר דאַרפט אונז העלפן. איר זיינט אונזערע שותפים. איר, אַמע־ריקאַנער אידן, זיינט די איינציקע וועלכע קענען עס טאָן. דער אייראָפּעאישער רעזערוואואַר האָט זיך אויסגעשעפּט. פאַר דעם קריג האָבן מיר דאָרט געהאַט 80 טויזנט חלוצים, וועלכע האָבן זיך צוגעגרייט עולה צו זיין צו אונז. איצט איז אין גאַנץ אייראָפּע נישטאָ מער ווי דריי טויזנט. מיר דאַרפן מענטשן — דאָס לאַנד דאַרף באַזעצט ווערן. אַמאָל זיינען געווען אידן פאַר דעם לאַנד; איז קיין לאַנד נישט געווען. איצט איז דאָ גענוג לאַנד, אָבער עס פעלן אונז די מיטלען — סיי אידן, סיי געלט — דאָס לאַנד צו קולטיווירן און באַזעצן.

חבר שפּרינצאַק האָט געענדיקט זיין האַרץ־צו־האַרץ רעדע צו אונז מיט דעם פאַרלאַנג, אַז מיר זאָלן די אמת׳ע פאַקטן דערציילן צו אונזערע פריינט און חברים אין אַמעריקע; אַז זיי זאָלן רעאַגירן, זאָלן העלפן אין דער גרויסער און היסטאָרישער אַרבעט צו קרעפטיקן און פאַרשטאַרקן די מדינה און דאָס פאָלק ישראל.

בערל לאָקער האָט שוין געהאַט צו אונז גערעדט, ווען ער האָט אונזער דעלעגאַציע אויפגענומען אין דער סוכנות. ער איז בלויז געקומען זיך מיט אונז זעגענען און זאָגן „להתראות!“. אונטער די טענער פון „התקוה“ האָט זיך פאַרענדיקט דער אינטערעסאַנטער אָוונט — די נאַכט אײדער מיר האָבן פאַרלאָזן ירושלים, אויף דעם וועג קיין חיפה.



# אויפן וועג פון ירושלים קיין חיפה

דינסטיק, דעם 28טן יולי, אין דער פרי, באַלד ווי מיר האָבן אָפּגעגעסן פרישטיק, האָבן מיר דערליידיקט אונזערע רעכענונגען אין דעם מלך־דוד האָטעל, די פּאָרטערס האָבן אַרויסגעטראָגן אונזער באַגאַזש און עס אַריינ־געטראָגן אין די „תיור־וטיול"־אויטאָבוסן; מיר האָבן פאַרנומען אונזערע פּלעצער און זיינען באַלד ווייטער געוועזן אויף די וועגן איבערן לאַנד. דאָס מאָל איז אונזער אָפּשטעל־פּונקט געוועזן די שטאָט חיפה.

אָבער איידער מיר זיינען אַרויסגעפאָרן פון ירושלים, האָבן מיר נאָך געדאַרפט מאַכן אַ פאַרשפּעטיקטן וויזיט ביים פּרעזידענט פון ישראל, דעם נשיא יצחק בן־צבי. אונזער באַזוך ביי אים האָט זיך פאַרשפּעטיקט, ניט מחמת מיר האָבן אים געוואָלט לאָזן צו לעצט, אָדער ווייל ער האָט אונז ניט געוואָלט אויפנעמען אין די ערשטע טעג פון אונזער זיין אין ירושלים. ניין! דאָס איז ניט געווען די אורזאַך. ער האָט אונז ניט געקענט זען ווייל ער איז די טעג ניט געווען אין שטאָט, ער האָט גראָד די פּאָר טעג פאַרבראַכט ביי זיין מוטער, וועלכע איז שטאַרק קראַנק געווען. מיר האָבן דעריבער געמוזט אָפּלייגן אונזער וויזיט צולעצט, שוין ביים פאַרלאָזן ירושלים.

די מערסטע חברים פון אונזער גרופּע זיינען געווען באַקאַנט מיט דעם פּרעזידענט פון זיינע באַזוכן אין אַמעריקע, און ער איז געוויס ניט פרעמד צו די חברים וועלכע האָבן באַזוכט ישראל מיט די פריערדיקע הסתדרות־דעלעגאַציעס. די לעצטע פיר יאָר, יעדן זומער ווען אַ הסתדרות־גרופּע פלעגט קומען קיין ירושלים, האָט בן־צבי קיין איינמאָל ניט פאַרפעלט צו קומען באַגריסן די חברים און מיט זיי פאַרברענגען אַן אָוונט.

איז, ווי געזאָגט, בן־צבי נישט קיין פרעמדער. אייניקע פון אונז האָבן אים פיל מאָל געזען אין ישראל און אין אַמעריקע, און אים געהערט ריידן. פונדעסטוועגן איז די באַגעגעניש דאָס מאָל ניט געווען פון דעם געוויינט־לעכן שטייגער. עס האָט אונז אַלע באַהערשט גאָר אַן אַנדער געפיל — אַ געפיל פון יראת־הכבוד צו דעם נשיא פון דער מדינה, צו דער פּערזאָן, וועלכער איז אויסגעקליבן געוואָרן צו שטיין אין דער שפּיץ, ניט נאָר פון די בירגער פון מדינת ישראל, נאָר פון אַ גרויסער צאָל אידן פון די תפוצות. אָט דעם געפיל, געמישט מיט אַן אמת'ן נשמה־ציטער, האָבן מיר אין זיך

ניט געקענט אונטערדריקן, ווען אַפילו מיר האָבן געוואָלט. מיר האָבן גע־וואוסט, אַז מיר גייען זאָגן „שלום" צו אַ באַקאַנטן חבר, וועלכן מיר קאָנען און ווייסן, אַז ער האַלט זיך פשוט, פאָלקסטימלעך און חבריש... אָט אין דער שטימונג זיינען מיר אַלע געווען איידער מיר זיינען אַריינגעגאַנגען אין „ווייסן הויז" פון מדינת ישראל, וואו דער פרעזידענט וואוינט און אַרבעט.

מיר האָבן שוין פון לאַנג געוואוסט, אַז ער, יצחק בן־צבי און זיין פרוי רחל, האָבן געוואוינט ווי באַשיידענע חלוצים, אין אַ צריף — אַ הייזקע צונויפגעקלאַפּט פון הילצערנע קאַסטנס. אין לויט ווי מען דערציילט, האָט מען אויף זיי שטאַרק געדאַרפט אַרבעטן ביז מען האָט זיי איבערגערעדט, אַז זיי זאָלן פאַרלאָזן זייער אַלטע הייזקע און זיך אַריינקלייבן אין אַ לייטישער דירה, ווען ער איז דערוויילט געוואָרן פרעזידענט.

קענען מיר איצט עדות זאָגן, אַז די נייע דירה, דאָס „ווייסע הויז" פון ישראל, וואו ער און זיין פרוי וואוינען און דאַרפן אָפטמאָל אויפנעמען דיפּ־לאָמאַטישע געסט, איז אויך זייער באַשיידן. דאָס איז אַ געוויינטלעך צוויי־עטאַזשן־הויז, און דער שטח פון אַלע זייערע צימערן איז נישט גרעסער ווי אַ געוויינטלעך פיר־צימער אַפּאַרטמענט, שוין איינגעשלאָסן דאָס אַר־בעטס־צימער וואו ער, דער ראש פון דער מדינה, דאַרף אַרבעטן און אויספירן פונקציעס פון אַ פרעזידענט.

פאַר אונזער גרויסער גרופּע פון 60 פערזאָן איז בכלל נישט געווען גענוג פּלאַץ. מיר האָבן זיך געדאַרפט אָנשטרענגען, אַז ער זאָל אַמווייניקסטנס קענען אַלעמען זען און זאָגן „שלום".

אָבער מיר האָבן דאָס געמאַכט, און עס איז באמת אַרויסגעקומען זייער אַן איינדרוקספולע און האַרציקע באַגעגעניש. דאָס מעבל פון זיין אַרבעטס־צימער איז צונויפגעדריקט געוואָרן, אַז עס זאָל זיין גענוג פּלאַץ פאַר אַלעמען און מיר זאָלן זיך קענען ווי עס איז באַוועגן. דער פרעזידענט און זיין פרוי זיינען געשטאַנען ביי זייער שרייב־טיש און מיר אַלע האָבן זיי אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. אונזער סעקרעטאַר, פייגענבוים, האָט אונז פאָרגעשטעלט, און אין קורצן דערציילט פון וועלכע שטעט און שטאַטן פון אַמעריקע מיר קומען און האָט בשעת מעשה פרעזענטירט דעם פרעזידענט מיט אַ זייער שיינעם שרייב־צודעק פאַר זיין שרייב־טיש, וואָס איז געשיקט געוואָרן פון דער גרויסער אַמאַלגאַמעיטעד קלאָדינג־וואָירקערס פון אַמעריקע. איך האָב באַגריסט דעם פרעזידענט אין נאָמען פון אונזער דעלעגאַציע און אים גע־

בראַכט אַ גרוס פון דער הסתדרות אַרבעטער־באַוועגונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

דער פּרעזידענט, בן־צבי, האָט אונז האַרציק געדאַנקט, געבעטן צו באַזוכן ישראל וואָס אָפטער און אין גרעסערע צאָלן. ער האָט אויך אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט, וואָס מיר זיינען אים געקומען זען און אונז געוואונטשן אַ גליקלעכע רייזע איבערן לאַנד און בשלום קומען צוריק קיין אַמעריקע. און מיט דעם האָבן מיר פאַרלאָזן דאָס הויז פון דעם נשיא פון דער מדינה אין דער הויפּט־שטאָט ירושלים.

**
*

אַ געוויינטלעכע רייזע פון ירושלים קיין חיפה מיט אַן אויטאָמאָביל דאַרף, בין איך זיך משער, געדויערן אַרום צוויי שעה, אָבער אין אונזער פאַל, פאָרנדיק מיט די צוויי באָסעס, וואָס פאָרן בכלל נישט אַזוי שנעל ווי עס קען זיך באַוועגן אַן אויטאָמאָביל, און דערצו נאָך ווען די „גאַידס" געפינען פאַר נויטיק זיך עטלעכע מאָל אָפּצושטעלן ביי פּלעצער, וועלכע האָבן אַ היסטאָרישע באַדייטונג, און עס איז ווערט אַז די טוריסטן זאָלן דאָס וויסן — געדויערט די רייזע אַ סך לענגער. האָט טאַקע אונזער רייזע גענומען אַ היפּשע צייט, פאָרנדיק פון ירושלים קיין לוד, יהודיה, אלהלמה, רמתים, בית־לוד און נתניה.

אין נתניה האָבן מיר זיך געדאַרפט אָפּשטעלן צו עסן מיטאָג, און דערנאָך פאָרן דירעקט קיין חיפה. זיינען מיר ווידער דורכגעפאָרן די שוין באַקאַנטע לאַנדשאַפט, דורך די וועגן וועלכע שלענגלען זיך און שניידן דורך די בערג פון יהודה. דער פרימאָרגן איז געווען קלאָר, דער הימל לויטער, אָן אַ שמץ פון אַ וואָלקן; די זון האָט געלויכטן און אָנגעפילט אונזערע באָסעס מיט ליכט און זונענשיין. עס איז געווען געשמאַק וואַרעם, אָבער מיר האָבן אויך גענאָסן פון אַ קיל ווינטעלע, וואָס די לויפנדיקע באָסעס פאַראורזאַכן ווען זיי שניידן דורך די לופט. איז אַזוי פאָרנדיק האָבן מיר געהאַט די געלעגנהייט צו באַטראַכטן די גאַנצע סביבה אַרום. ווען מיר האָבן אַראָפּגענידערט פון די הויכע בערג און אָנגעהויבן צו פאָרן איבער פלאַך לאַנד, האָט זיך אין דעם לויטערן פרימאָרגן פאַר אונז אַנטפּלעקט דער פּראַגרעס, וואָס די מדינה האָט געמאַכט אין אַגריקולטור. וואו נאָר דאָס אויג האָט געקענט כאַפּן, האָבן מיר געזען גרינע לאָנקעס, צעאַקערטע פעלדער, גערטנער אָנגעפילט מיט

גרינס און רייען פון ווייסע הייזער מיט רויטע דעכער, וועלכע האָבן גע־גלאַנצט אין דער ליכטיקער זון.

עס האָט זיך ווירקלעך ניט געקענט גלויבן, אַז דאָס איז אידישע בעל־הבתישקייט. מיר אידן זיינען ניט צוגעוואוינט צו אַסאָציאירן אַזאַ לאַנדשאַפט מיט אידן, ווייל אין דערפער מיט פעלדער און גערטנער האָבן געוואוינט גויים.

עס וואָלט, כ׳לעבן, געווען אַ גרויסע מצוה צו דערמאָנען אַ געוויסן קלאַס טוריסטן, וועלכע האַלטן אין איין קלאָגן אויף די עולים־קעמפּס, וועלכע זיינען נאָך צו אונזער גרויסן באַדויערן פאַראַן אין ישראל, און געוויס אויך אַנדערע נויטן פון דער באַפעלקערונג, אַז זייערע אויגן זאָלן אויך געווענדעט ווערן צום ריזיקן פּראָגרעס און אויפטו — צו דעם וואָס עס איז שוין געשאַפן געוואָרן. אידישע פויערים, וואָס באַאַרבעטן די ערד און ציען זייער חיונה פון זייער אַרבעט, איז דער גרויסער אויפטו פון ציוניזם — דער אַרבעטער־ציוניזם, וועלכער האָט געגעבן דער אידישער וועלט דעם חלוציזם און האָט געשאַפן און איבערגעשאַפן לופט־מענטשן און זיי געמאַכט פאַר פאַרמער. אַזעלכעס צו זען אויף אַ שפּאַציר איבער דער מדינה, פילט איינעם אָן מיט אַ סך פרייד און נחת, און מאַכט צו פילן, אַז די אַרבעט און אָנשטרענגונג איז ניט געגאַנגען לאיבוד.

די שיינע לאַנדשאַפט האָט זיך אָבער ראַדיקאַל געענדערט ווען מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן דאָס שטעטל לוד, ניט ווייט פון דעם ישראל׳דיקן לופט־פּאָרט. דאָס איז אַ טיפּיש אָרעם אידיש שטעטל, באַזעצט פון עולים, וואָס האָבן זיך אַריינגעקליבן אין אַלטע, אָפּגעריסענע הייזער — הייזער וועלכע זיינען אפשר פריער געווען די וואוינונגען פון אַראַבער. די הויפּט־גאַס אָדער מאַרק איז אָנגעפילט מיט קליינע, גראָשנדיקע קרעמלעך, וואָס נאָר איין גאָט ווייסט ווי אַזוי די קרעמער ציען פון דעם חיונה. אין לוד געפינט זיך אויך אַ גרויסע מעברה פון אַ פּאָר טויזנט נפשות, וועלכע וואוינען נאָך אין „טענטס״ אָדער אין בלעכענע הייזלעך. איך האָב דעם קעמפּ געזען מיט צוויי יאָר צוריק. מיר האָבן זיך דאָס מאָל ניט אָפּגעשטעלט, ווייל אויף אונזער פּראָגראַם איז געווען צו באַזוכן די מעברה שמונה, וועלכע געפינט זיך אויף דעם וועג, ניט ווייט פון כפר בלום, און מיר זיינען דעריבער געפאָרן אָן אַן אָפּשטעל קיין נתניה.

אין נתניה האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין אַ פּאַנסיאָן ניט ווייט פון ים. דאָרט האָבן מיר געגעסן מיטאָג, זיך אַביסל אָפּגערוט. אַ צאָל פון

אונזער גרופּע זיינען געגאַנגען זיך באָדן און אַנדערע האָבן דערווייל גע־מאַכט אַ באַזוך אין חירות ב׳, אין כפר וויטקין. אונז צו באַגעגענען אין נתניה און זען צי אַלץ איז אין אָרדענונג, זיינען געקומען דר. יוסף בורשטיין און עזריאל בראָשי. עס איז אויך געקומען אונז באַגריסן און זאָגן שלום דער מזכיר פון מועצת פועלי נתניה.

צום באַדויערן איז אונז ניט געבליבן גענוג צייט צו כאַפּן אַ שפּאַציר איבער דעם שיינעם שטעטעלע און באַזוכן אַ פּאָר פון זייערע אינדוסטריעס און דעם שיינעם פּאַרק. עס איז אָבער, גלויב איך, כדאי צו פאַרצייכענען אַ פּאָר וויכטיקע דאַטן פון דער אַנטוויקלונג פון נתניה, וואָס איז אין משך פון די לעצטע 5 יאָר אויסגעוואַקסן צו אַ באַפעלקערונג פון 35 טויזנט אידן. נתניה ליגט אויף דעם הויפּט־וועג צווישן תל־אָביב און חיפה און איז גע־גרינדעט געוואָרן אין אָנדענקען פון דעם פילאַנטראָפּ נייטען שטראַוס.

נתניה איז באַקאַנט אַלס דימענטן־צענטער און די גאַנצע אינדוסטריע פון שניידן און שלייפן דימענטן אין ישראל איז דאָרט קאָנצענטרירט. אין 1940, ווען בעלגיע און האָלאַנד זיינען אָקופּירט געוואָרן פון די נאַציס, האָבן אידישע דימענטן־שלייפער, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון די נאַציס, אַריבערגעטראָגן זייערע געשעפטן קיין נתניה און האָבן שוין געהאַט 30 פאַבריקן, באַשעפטיקט 4 טויזנט אַרבעטער. זיי האָבן געאַרבעט פאַר עקספּאָרט, באַזונדערס קיין אַמעריקע, מיט גרויס דערפאָלג.

מיט דעם מלחמה־שטילשטאַנד האָבן האָלאַנד און בעלגיע צוריק פאַר־נומען זייערע פּאָזיציעס. אָבער נאָך אַפילו היינט־צו־טאָג געפינען זיך אין נתניה איבער צוויי טויזנט אַרבעטער, וואָס זיינען באַשעפטיקט ביי דער איידעלער מלאכה פון שניידן און פּאָלירן דימענטן און איז די צווייטע אין וויכטיקייט נאָך דער ציטרוס־אינדוסטריע פון אַריינברענגען דאָלאַרן אין לאַנד.

דימענטן איז אָבער ניט פאַרבליבן די איינציקע אינדוסטריע פון נתניה. עס געפינען זיך דאָ גאַנצע 75 פאַרשידענע אינדוסטריען, צווישן זיי די מעבל־אינדוסטריע, וועלכע גיט אַרויס די פיינסטע מעבל אין לאַנד. נתניה איז אויך זייער אַ פיינער ים־רעזאָרט און פאַרמאָגט אַ גאַנצע רייע פון שיינע פּריוואַטע הייזער, אַ חוץ אַ גרויסן שיכון פאַר אַרבעטער און גרויסע האָטעלן.

אָט־די אַלע זאַכן וואָס דאָס שטעטל נתניה פאַרמאָגט, איז געוויס ווערט צו זען, אָבער עס איז אונז פאַר דעם קיין צייט ניט געבליבן, ווייל מיר האָבן געדאַרפט אין אַ באַשטימטער צייט אָנקומען אין חיפה.

# אַ שמועס מיטן פאָרשטייער פון סולל־בונה

אין חיפה זיינען מיר אָנגעקומען ווען עס האָט שוין גענומען ווערן טונקל. אונזער קוואַרטיר פאַר די פאָר טעג, וואָס מיר האָבן געדאַרפט פאַרוויילן אין דער צווייטער גרעסטער שטאָט פון ישראל, איז געווען דער האָטעל מגידו, וועלכער געפינט זיך אויף דעם הר הכרמל.

זיינען מיר אַהין פאַרפאָרן, זיך איינגעאָרדנט אין די צימערן, און קודם־כל געוואָלט דעם אָוונט רוען אַביסל, אַז מיר זאָלן האָבן כוח אויף מאָרגן פאָרצוזעצן אונזער שפּאַציר און זען אַלע שיינע און אינטערעסאַנטע פלעצער וואָס חיפה פאַרמאָגט. האָבן טאַקע אייניקע פון אונז אַזוי געטאָן, ספּעציעל די עלטערע און די קליינע צאָל וואָס איז שוין געווען אין חיפה פריער. אָבער די מערסטע פון אונזער גרופּע האָבן זיך אַנטזאָגט צו רוען. דאָס, האָבן זיי געזאָגט, וועלן זיי טאָן אין דער היים; דאָ אין ישראל, דאַרף מען אַריינכאַפּן צו זען אַזוי פיל ווי מעגלעך. און וואָס צו זען אין חיפה איז דאָ גענוג, אַפילו אין אָוונט, ווייל חיפה איז ווירקלעך איינע פון די שענסטע שטעט, ניט נאָר פון מיטל־מזרח, נאָר אפשר א־ן דער וועלט.

באַזונדערס איז ווערט אָנצוקוקן, אָדער בעסער געזאָגט אַרונטערצוקוקן אויף דער שטאָט, מיט אירע גאַסן, געביידעס און האַפן, פון דעם כרמל־באַרג. עס איז אַפילו דאָ אַ ספּעציעלער פּלאַץ פאַר דעם אויף דעם שפּיץ פון דעם הר הכרמל, וואָס די חיפה׳ער רופן פּאַנאָראַמאַ. פון דעם פּלאַץ, אַז מען קוקט אַרונטער ביינאַכט, ווען אַלע עלעקטרישע ליכט זיינען אָנגעצונדן, זעט מען באמת אַ פּאַנאָראַמע וואָס פאַרכאַפּט דאָס אויג. איר זעט ווי עס פינקלען און שימערירן צענדליקער טויזנטער ליכטער, וואָס באַלייכטן די סביבה אַרום. אַזאַ בילד קען מען נאָר זען ווען מען לאָזט זיך אין אָוונט אַרונטער מיט אַן עראָפּלאַן אין ניו־יאָרק, ווען די גרויסע וועלט־שטאָט לייכט מיט אַלע אירע פאַרבן.

עס ווערט נאָך מער פאַרכאַפּנדיק און וואַרעם אויף דער נשמה ווען מען ווייסט, אַז אָט־די שיינקייט איז אַ טייל פון דער אידישער מדינה; אַז דאָס איז אַ שטאָט פון כמעט לויטער אידן, און אַז אַלץ וואָס עס אַנטפּלעקט זיך פאַר דעם אויג — די געביידעס און דער גרויסער האַפן — איז אין אידישע

הענט. אָט־דעם געפיל און דאָס הערלעכע און גראַנדיעזע בילד קען קיין טוריסט לאַנג, לאַנג ניט פאַרגעסן.

אָבער עס דאַכט זיך מיר, אַז איך בין זיך אַליין פאַרלאָפן דעם וועג, אַז איך האָב אייך געדאַרפט פריער איבערגעבן וועגן חיפה, ווי עס האָבן אונז דערציילט אונזערע „גאַידס״, איידער מיר זיינען צוגעפאָרן צו דעם האָטעל מגידו.

חיפה איז ביז דעם פאָריקן יאָרהונדערט געווען אַ קליין שטעטעלע מיט אַ זייער קליינער באַפעלקערונג. ניט מער ווי מיט הונדערט יאָר צוריק האָט חיפה פאַרמאָגט אַ באַפעלקערונג פון קוים צוויי טויזנט איינוואוינער, צווישן זיי ניט מער ווי 50 אידן. איצט איז די באַפעלקערונג פון חיפה צוויי הונדערט טויזנט, און איז די צווייטע גרעסטע שטאָט אין מדינת ישראל.

אין חיפה און אומגעגנט איז קאָנצענטרירט כמעט די גאַנצע שווערע אינדוסטריע פון לאַנד, און חיפה האָט גאָר אַ גרויסן חשק און פערספעקטיוו צו ווערן איינע פון די גרעסטע דערהאָלונגס־פּלעצער אין דער וועלט, אַ דאַנק איר גינסטיקן און פיינעם קלימאַט און דאָס וואָס די שטאָט פאַרמאָגט ים, באַרג און טאָל.

חיפה, ווערט אין תנ״ך ניט דערמאָנט. דאָס ערשטע מאָל וואָס דער נאָמען חיפה ווערט באַגעגנט שריפטלעך, איז פון דער צייט פון צווייטן בית־המקדש, וואו עס ווערט געזאָגט, אַז דאָס איז גאָר אַ קליינער פּונקט ביים מיטללענדישן ים. און כמעט ביז אונזער צייט האָט די שטאָט קיין גרויסע ראָל ניט געשפּילט אין אידישן לעבן. אָבער מיט דעם אָנקומען פון דער צווייטער און דריטער עליה האָט חיפה זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אינ־דוסטריעל. די אידישע אַרבעטער פון דער שטאָט האָבן גאָר גרויסע פאַר־דינסטן אין אַנטוויקלען און פאַרפעסטיקן דעם נאַציאָנאַלן אַרבעטער־געדאַנק און האָבן העלדיש געקעמפט אין דעם באַפרייאונגס־קריג פאַר דער שטאָט זעלבסט און פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה.

אָט־דאָס ביסל היסטאָרישע אינפאָרמאַציע האָט מען אונז איבערגעגעבן נאָך איידער מיר האָבן עפּעס פון דער שטאָט געזען. דאָס בילד פון דער פּאַנאָ־ראַמע האָט דעריבער באַשטעטיקט, אַז די שטאָט איז ווערט אָנצוקוקן און אין איר צו פאַרברענגען. מיט דעם געפיל האָבן מיר זיך געלייגט שלאָפן, כדי מיר זאָלן זיין פּאַרטיק און גוט אויסגערוט צו מאַכן דעם שפּאַציר איבער חיפה.



מיטוואָך פרי, ווען מיר זיינען געזעסן ביי פרישטיק אין דעם האָטעל מגידו, איז צו אונז געקומען זאָגן שלום אַ זייער חשובער גאַסט, וועלכן מיר אַלע זיינען געווען זייער נייגעריק צו זען, דאָס איז געווען דער ראש העיר, דער מעיאָר פון חיפה, אבא חושי. זיין קומען צו אונז גאַנץ פרי אין האָטעל איז נאַטירלעך פאַר אונז אַלעמען געווען אַן אָנגענעמע איבער־ראַשונג און אַ גרויסער כבוד. ער, דער שטאַרק־פאַרנומענער הויפּט פון דער שטאָט, האָט געוואָלט זען צי אַלץ פאַר אונז איז אין אָרדענונג אין האָטעל, און אויך צו מאַכן זיכער, אַז מיר זאָלן קענען זען אַלץ וואָס די שטאָט פאַרמאָגט, און אַז מיר זאָלן זיין די געסט אין דער עיריה און אין אַ רייע אַנדערע פּלעצער.

גלייך נאָך דער באַגעגעניש זיינען מיר אַראָפּגעפאָרן פון כרמל, צו דעם אינדוסטריעלן צענטער פון שטאָט, וואָס ליגט ניט ווייט פון האַפן, צו באַ־זוכן די גרויסע גלאָז־פאַבריק „פיניציע". אָט־די פאַבריק באַלאַנגט איצט צו דער בוי־געזעלשאַפט „סולל־בונה" פון דער הסתדרות און האָט אַן אינטערע־סאַנטע פאַרגאַנגנהייט און אַ גאָר גרויסע צוקונפט.

אָריגינעל איז די פאַבריק געגרינדעט געוואָרן פון אונגאַרישע אידן מיט פּריוואַטן קאַפּיטאַל, אָבער קיין הצלחה האָבן זיי ניט געהאַט און די פאַבריק האָט געזאָלט פאַרקויפט ווערן צו אַראַבער, וואָס דאָס וואָלט געמיינט, אַז אַזאַ וויכטיקע אינדוסטריע וועט אַרויספאַלן פון אידישע הענט. „סולל־בונה" האָט די פאַבריק איבערגענומען, זי פאַרגרעסערט און אויסגעבעסערט איר פּראָדוקציע, אַזוי אַז היינט־צו־טאָג גיט „פיניציע" אַרויס פאַרשידענע גלאָזוואַרג, סיי פאַר געביידעס און סיי פאַר הויז־געברויך. די סחורה וואָס „פיניציע" אַרבעט אויס, ווערט אַ חוץ דעם אייגענעם מאַרק, אין ישראל גופא, אויך פאַרקויפט אין אויסלאַנד. דער אָפּזאַץ איז אַ גאַנץ באַדייטנדיקער און דאָס האָט געפאָדערט נייע אויסברייטונג פון געביידעס, אויוונס א. אַז. וו.

דער מאַטעריאַל פאַר דער פאַבריקאַציע פון גלאָז קומט פון אַ זייער פיינעם און דינינקן זאַמד, וואָס מען האָט ביז איצט געבראַכט פון אויסלאַנד. פאַר די, וואָס ווייסן וויפיל גרויסע הורבעס זאַמד עס געפינען זיך אין ישראל, וועט די מעשה פון אַריינברענגען זאַמד פון אויסלאַנד געוויס קלינגען ווי אַ קוריאָז. אָבער דאָך איז עס אַ פאַקט. איצט אָבער איז אַנטדעקט געוואָרן דער סאָרט זאַמד אין נגב, וואָס וועט זיך אויסטויגן פאַר גלאָז־פאַבריקאַציע. די

„סולל־בונה"־געזעלשאַפט האָט איצט אָנגעהויבן בויען אַזאַ גלאָז־פאַבריק אין נגב, נאָענט צו דעם פּלאַץ וואו עס געפינט זיך דער נויטיקער זאַמד.

„פיניציע" איז בלויז איינע פון די פילע אונטערנעמונגען וואָס די בוי־געזעלשאַפט „סולל־בונה" פון דער הסתדרות האָט אין לאַנד. די טשוגון־פאַבריק „וואולקאַן", די צעמענט־פאַבריק „נשר", די רערן־פאַבריקן אין מגדל גד און צענדליקער אַנדערע גרויסע אינדוסטריעס זיינען איצט דאָס גאַנצע אייגנטום, אָדער אין שותפות מיט פּריוואַטן קאַפּיטאַל, פון „סולל־בונה".

עס איז דערפאַר אַ קליינער וואונדער, וואָס אַלע טענות און פיילן וואָס ווערן געוואָרפן קעגן דער הסתדרות, איז מערסטנס געריכטעט קעגן „סולל־בונה", אַז זיי זיינען שטאַרקע קאָנקורענטן צו פּריוואַטע אונטערנעמונגען, קריגן פאָרצוג אין מאַטעריאַלן א. אַז. וו. זיינען מיר דעריבער געווען זייער צופרידן ווען מיר האָבן געהערט, אַז מיר וועלן האָבן די געלעגנהייט צו הערן פון אַ פירנדיקן חבר פון „סולל־בונה" וואָס ער האָט צו זאָגן קעגן די אַלע באַשולדיקונגען און אויסזעצונגען. אַ גרויסע גרופּע פון אונזער דעלעגאַציע האָט זיך געטראָפן מיט דוד הכהן, דער הויפּט־פאַרוואַלטער פון „סולל־בונה", וואָס איז פאַרגעקומען אין דעם גאָרטן־קאַפע „אורנים" אין חיפה.

דוד הכהן האָט אָנגעהויבן מיט די פאָלגנדיקע ווערטער: „דאַרף איך אייך, הייסט עס, דערציילן וועגן דער טעטיקייט פון „סולל־בונה". נו, גוט, אָבער איידער איך וועל עס טאָן, מוז איך אייך פריער דערציילן ווי אַזוי די געזעלשאַפט איז אַנטשטאַנען, וועלכע כוחות האָבן איר אַרויסגערופן צום לעבן, דער ערשטער דורכפאַל ביז צו דער איצטיקער אַנטוויקלונג".

ער האָט די פּאָר ווערטער אויסגערעדט מיט קראַפט, אַז מען האָט געקענט גלייך זען, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ שטאַרקע פּערזענלעכקייט און אַז וואָס ער גייט אונז דערציילן וועט זיין אינטערעסאַנט צו הערן.

„דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער דריטער עליה — האָט ער געזאָגט — ווען די ענגלענדער האָבן געקראָגן דעם מאַנדאַט איבער גאַנץ פּאַלעסטינע און זיינען געוואָרן די בעלי־בתים פון לאַנד. דעמאָלט האָבן זיי אָנגעהויבן אַ פּראָגראַם פון בויען פאַרשידענע מיליטערישע אינסטאַלאַציעס, שניידן און בויען וועגן און מאַכן פאַרשידענע איינריכטונגען. דאָס האָט גע־געבן אַ זעלטענע געלעגנהייט פאַר עפּעמען אַ פעלד פון נייע אַרבעט, פאַר טרענירן און אויסבילדן אידישע אַרבעטער אין דעם בוי־פאַך. אָבער קיין באַזונדער בוי־געזעלשאַפט האָט דאַן ניט עקזיסטירט, זיינען געוויסע אַרבעטן,

ווי בויען אַ שאָסיי קיין טבריה, אונטערגענומען געוואָרן פון אַגריקולוטורעלע אַרבעטער.

„אין 1923 האָט די הסתדרות פאַראייניקט אַלע בוי־קערפּערשאַפטן אונטער דער ניי־געגרינדעטער קאָאָפּעראַטיוו „סולל־בונה", וועלכע האָט אָנגעפירט מיט רעגירונגס און פּריוואַטע בוי־אונטערנעמונגען ביז 1927. אין דעם יאָר האָט „סולל־בונה" געמוזט איר טעטיקייט אינגאַנצן אָפּשטעלן צוליב דעם גרויסן קריזיס, וואָס האָט געהערשט אין דער בוי־אינדוסטריע, וואָס האָט פּאַקטיש פּאַראַליזירט יעדער אונטערנעמונג אין לאַנד.

„די קעגנער פון קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען האָבן דאָס אָפּשטעלן פון דער „סולל־בונה"־אַרבעט, אויסגעטייטשט, אַז דאָס איז אַ דורכפאַל, ווייל קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען קענען ניט עקזיסטירן און מוזן סוף־כל־סוף אונטערגיין.

„אָבער מיר — האָט דוד הכהן פאָרגעזעצט — זיינען געווען טיף־איבער־צייגט, אַז ניט נאָר קענען אַזעלכע קאָאָפּעראַטיוון זיין אַ דערפאָלג, נאָר זיינען אַ לעבנס־נויט פאַר דעם ישוב אין דעם קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט און פאַר דער אַנטוויקלונג און אויסבילדונג פון אידישע בוי־אַרבעטער, ווייל מיר האָבן געהאַט אין זינען ניט נאָר דעם פינאַנסיעלן דערפאָלג — האָט ער געזאָגט — נאָר הויפּטזעכלעך דאָס, וואָס מיר האָבן געדאַרפט בויען שאָסייען אַרום די אידישע דערפער, אַז עס זאָל זיין גרינגער צוקומען צו זיי אין אַ צייט פון אַן אָנפאַל.

„אַזוי שנעל ווי די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד האָט זיך אַביסל פאַר־בעסערט, האָט די הסתדרות באַשלאָסן צו באַנייען די בוי־געזעלשאַפט און טאַקע אונטער דעם זעלבן נאָמען „סולל־בונה" און די טעטיקייטן אויסברייטערן אויף אַ נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב. „סולל־בונה" האָט ווייטער אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן, האָט אונטערגענומען און אויסגעבויט די גרויסע עלעקטרישע סטאַנציע אין חיפה, האָט געבויט אַ סך הייזער, סיי פּריוואַטע און סיי רעגי־רונגס־געביידעס און איז אַזוי אַרום געוואָרן אַ גרויסער פאַקטאָר אין דער בוי־אינדוסטריע, וואָס איז אַוודאי ניט געווען צום האַרצן פון די אַראַבער און ניט פון דער מאַנדאַטן־מאַכט".

עס איז נאַטירלעך שווער איבערצוגעבן יעדע פאַזע פון דער אַנטוויקלונג פון „סולל־בונה" אין דער קורצער צייט, וואָס דוד הכהן האָט געהאַט, הגם ער האָט פאַר אונז גערעדט איבער אַ שעה און אַ האַלב, אָבער זיין ציל איז

געווען, אַז מיר זאָלן פאַרשטיין די פּיאָנערישע ראָלע פון „סולל־בונה״ פאַרן ישוב, אין בויען און אַנטוויקלען אינדוסטריעס אין פּלעצער, וואו קיין פּריוואַט־קאַפּיטאַל האָט ניט געוואָלט אָדער ניט געקענט אונטערנעמען צו טאָן.

דורך דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען היטלער׳ס גענעראַל ראָמעל איז שוין געשטאַנען ביי די טויערן פון מצרים און, פאַרשטייט זיך, אויך געשטעלט אין סכנה ארץ־ישראל, האָט „סולל־בונה״ געשפּילט אַן אומגעהויערע ראָלע אין העלפן דער בריטישער רעגירונג דורכפירן כלערליי פּראָיעקטן, ניט נאָר אין ארץ־ישראל, נאָר אויך אין עגיפּטן, איראַק און טערקיי.

איצט האָט פּריוואַט־קאַפּיטל טענות צו „סולל־בונה״, אַז זיי קאָנקורירן און מאָנאָפּאָליזירן, ווען אַפילו איצט, אונטער דער אידישער רעגירונג, איילן זיי זיך ניט צו אינוועסטירן און אונטערנעמען, ספּעציעל אין די ווייטע ניט־אַנטוויקלטע געגנטן. דוד הכהן האָט אַ פּאָר מאָל ווידערהאָלט אין זיין ריידן, אַז ער באַשולדיקט ניט דעם פּריוואַט־קאַפּיטאַל, וואָס ער האָט מורא צו אינוועסטירן אין פּיאָנערישע אונטערנעמונגען. ישראל, האָט ער געזאָגט, איז אַ שווער, אָרעם לאַנד און וועט אפשר פאַר נאָך אַ לאַנגער צייט ניט געבן קיין גרויסע פּראָפיטן צו פּריוואַט־קאַפּיטאַל, וואָס אינוועסטירט נאָר דאָרט וואו עס זיינען פאַראַן זיכערע אויסזיכטן אויף פאַרדינסטן. דאָס מיינט אָבער ניט, אַז די פּיאָנערישע אַרבעט דאַרף ניט געטאָן ווערן פון אַזעלכע געזעלשאַפטן ווי „סולל־בונה״, וואָס האָט קודם כל אין זינען דעם נאַציאָנאַלן מאָטיוו פון דער גאַנצער מדינה, אַפילו וואו עס זיינען קיין פּראָפיטן ניטאָ.

דוד הכהנ׳ס רעדע איז פון אונז אויסגעהערט געוואָרן מיט אויסערגעוויינטלעכן אינטערעס; זיינע רייד זיינען געווען אויפריכטיק, דירעקט און איבערצייגנדיק. עס איז פאַר אונז קלאָר געוואָרן אַ סך פראַגן, וואָס מיר האָבן פריער ניט קלאָר פאַרשטאַנען און די לעגענדע, אָדער בעסער געזאָגט — סטראַשידלע, וואָס די קעגנער פון דער הסתדרות האָבן אויפגעשטעלט קעגן „סולל־בונה״.

צופרידענע פון דער זייער־אינטערעסאַנטער באַגעגעניש, האָבן מיר זיך אומגעקערט אין האָטעל פאַר אַ נאַכט־רו. מיר זאָלן אויף מאָרגן קענען פאַרזעצן אונזער שפּאַציר איבער דער אינטערעסאַנטער שטאָט חיפה.

# חיפה — ישראל׳ס האַפּן־שטאָט און אירע אינדוסטריעס

אין מיין פריערדיקן קאַפּיטל האָב איך אין קורצע שטריכן פּרובירט צו געבן אַ באַגריף וועגן דער גרויסער און פּראַכטפולער שטאָט חיפה, מיט אירע פאַרשידענע אינדוסטריעס, מיט איר גרויסן האַפּן און פּראַכטפולן קלימאַט.

איך האָב אָבער דעם געפיל, אַז דאָס איז ניט גענוג. די מערקווירדיקע שטאָט, וועלכע איז אין אַ קורצער צייט אויסגעוואַקסן צו אַזאַ גרויסער פּראָ־פּאָרציע, פאַרדינט אַז מען זאָל וועגן איר מער ריידן און שרייבן. ניט נאָר איז איצט חיפה די צווייטע גרעסטע שטאָט אין מדינת ישראל, נאָר אין קאָמערץ און אין אינדוסטריע איז זי די ערשטע; און וואָס אַנבאַלאַנגט אַלס אַ האַפּן־שטאָט, איז זי די גרעסטע אין מיטל־מזרח.

דעריבער דאַרפן די אידן וויסן אַביסל מער סיי וועגן דער שטאָט גופא און סיי וועגן איר גרויסער באַפעלקערונג, די גרויסע אַרבעטער־מאַסן, וועלכע אַרבעטן און שאַפן אין די פאַבריקן און אין דעם האַפּן.

אָבער מער פאַר אַלעמען איז זיך ווערט צו באַקענען מיט דעם ראש־העיר, דעם מעיאָר פון חיפה — דאָס איז אבא חושי, דער זייער פעאיקער און קלוגער אַרבעטער־פירער, דער דינאַמישער מענטש, וואָס איז באַשאָנקען מיט גרויס טאַלאַנט און פעאיקייטן צו פירן, פאַרוואַלטן און בויען.

די וואָס זיינען מיט אים באַקאַנט און האָבן פאַר אַ לענגערער צייט באַ־אָבאַכטעט זיין אַרבעט און פירונג, קענען באמת מיט אַ ריינעם געוויסן זאָגן, אַז אַ דאַנק זיין אומאויפהערלעכער און אומדערמידלעכער אַרבעט און זיין ליבשאַפט און גרויס איבערגעבנקייט צו דער שטאָט און פון דעם פּאָסטן וואָס ער פאַרנעמט, האָט חיפה אַזוי מצליח געווען און אַזוי ריזיק אויסגעוואַקסן.

אָבער עס בעט זיך צו באַמערקן, אַז די שטאָט חיפה איז ניט געוואַקסן ווילד, אָן אַ סדר, ווי עס זיינען געוואַקסן אין די פריערדיקע יאָרן שטעט אין אַמעריקע. חיפה איז געוואַקסן ווי אַ שיינע בלום. דערויף זאָגן עדות די שיינע גאַסן און בולוואַרן אויף דעם הדר און הר הכרמל. עס איז זעלטן צו באַגעגענען אין ערגענד־וועלכער שטאָט אַזוי פיל שיינע פּאַרקן ווי איר

זעט אין חיפה — פּאַרקן און בולוואַרן אין די צענדליקער, וועלכע זיינען פּאַרטיק געוואָרן אין לעצטן יאָר.

וועגן אייניקע פון זיי וועט מיר נאָך אויסקומען צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער, ווען איך וועל דערציילן ווי מיר זיינען געווען די געסט פון מעיאָר אין דעם פּאַרק „העס״, וואו עס איז אָפיציעל אויפגענומען געוואָרן די מאַנשאַפט פון אַן אַרגענטינער קריגס־שיף, וועלכע האָט באַזוכט די וואַסערן אַרום ארץ־ישראל. אַ פּאָר ווערטער וועט אויך ווערט זיין צו פאַרלירן וועגן דעם שיינעם פּאַרק, וואָס מען האָלט איצט אין פאַרענדיקן פונקט אַנטקעגן דער עיריה (סיטי־האָל) אין חיפה.

דערווייל וויל איך דערציילן אַביסל מער וועגן דער אינדוסטריעלער חיפה, וועגן די פאַבריקן וואָס געפינען זיך אין דער שטאָט, איר אַרבעטער־שאַפט א. אַז. וו.

ניט אַלץ האָבן מיר אַליין געזען, און ניט אַלע פאַבריקן האָבן מיר צוליב מאַנגל אין צייט, געקענט באַזוכן. אָבער וואָס מיר האָבן יאָ געזען, איז באמת ווערט צו פאַרצייכענען. איינע פון די גאָר גרויסע אונטערנעמונגען, וואָס מיר האָבן באַזוכט, איז די גרויסע טעקסטיל־פאַבריק „אטא״.

„אטא״ איז אַ הונדערט־פּראָצענט פּריוואַטע פאַבריק. און איז וואָס מען רופט אויף דעם אינדוסטריעלן לשון אַ „ווערטיקאַלער איינס״; ניט נאָר פּראָדוצירט די פאַבריק די שטאָפן פון פאַרטיקן בוימוואָל, נאָר פּראָדוצירט די בוימוואָל אַליין. זי קויפט אין אַמעריקע אָדער אין אַן אַנדער לאַנד די רויע שטאָפן — בוימוואָל, שפּינט אַליין די „יאַרן״ און וועבט די שטאָפן. פון דעם פאַרטיקן שטאָף, ווידער, פאַבריצירט זי קליידער, הויזן און רעגן־מאַנטלען.

דאָס איז ווירקלעך אַ ריזיקע אונטערנעמונג, וואָס וואָלט זיך ניט געדאַרפט שעמען איינצושטיין דאָ אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ניט אַלץ וואָס „אטא״־פאַבריק פאַבריצירט קען זי פאַרקויפן אויף דעם היימישן מאַרק. זי קען דאָס ניט טאָן, ווייל יעדע אונטערנעמונג אין ישראל מוז האָבן אויס־לענדישע געלט צו קענען קויפן די בוימוואָל, וואָס וואַקסט נאָך ניט דערווייל אין מדינת ישראל.

פאַרקויפט דעריבער „אטא״ וואָס עס איז נאָר מעגלעך קיין אויסלאַנד, און אַפילו אַמעריקע באַשטעלט ביי איר געוויסע רעגן־מאַנטלען, וועלכע ווערן אויסגעאַרבעט אין דער פאַבריק און געשיקט צו אונזערע דעפּאַרטמענט־סטאָרס.

אינטערעסאַנט ביז גאָר איז אָבער די געשיכטע ווי אַזוי די פאַבריק האָט זיך געגרינדעט און ווער אירע באַלעבאַטים זיינען. עס ווערט איבער־געגעבן, אַז די איצטיקע פאַבריקאַנטן — די מאלער־ברידער — האָבן געהאַט גרויסע טעקסטיל־פאַבריקן אין טשעכאָסלאָוואַקיע איידער היטלער האָט דאָס לאַנד פאַרכאַפּט. די אינטואיציע האָט איינעם פון די ברידער אונטערגעזאָגט, אַז עס איז לעבנס־געפערלעך צו פאַרבלייבן אַזוי נאָענט, וואו עס האָט געבו־שעוועט דער היטלעריזם, און ער האָט זיך געבעטן ביי די ברידער, אַז זיי זאָלן אַרויסציען וואָס גיכער זייער געלט און אַנטלויפן פון טשעכאָסלאָוואַקיע.

זיינע ברידער האָבן זיך צו אים נישט געוואָלט צוהערן, האָט ער זיי איבערגעלאָזט און איז אַליין אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל און זיך דאָ גענומען צום זעלבן געשעפט, אָבער אויף אַ קליינעם מאַסשטאַב. מיט דער צייט איז אים געלונגען אויך אַריבערצוברענגען די אַנדערע ברידער, אָבער שוין אָן ד'עם געלט וואָס זיי האָבן געהאַט אינוועסטירט אין די טעקסטיל־פאַבריקן אין טשעכאָסלאָוואַקיע. זייער געשעפט דאָ אין חיפה איז געוואַקסן און זיך שטאַרק אויסגעברייטערט. און אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז די בריטישע רעגירונג געווען אַ גוטער קונה, וואָס האָט דער פאַבריק געגעבן גוטע רווחים.

אָבער צו פירן גרויסע געשעפטן אין ישראל, ווען מען דאַרף באַציען רויען מאַטעריאַל פון חוץ־לארץ, איז ניט אַזוי לייכט. אַזאַ גוטער קוואַל פון רוי־מאַטעריאַל פאַר אַ קאַטן־פאַבריק, ווי מצרים, איז אינגאַנצן פאַר־שלאָסן, און דער מאַטעריאַל מוז דעריבער קומען פון די פאַראייניקטע שטאַטן, פאַר וועלכע מען דאַרף צאָלן מיט דאָלאַרן. אַרבעט טאַקע די גרויסע פאַבריק ניט אין איר גאַנצער קאַפּאַציטעט צוליבן מאַנגל אין קאַטן — אַן אַרטיקל וואָס איז פאַראַן אַזוי פיל אין אַמעריקע, אַז מען ווייסט ניט וואָס צו טאָן מיט דעם.

די „אטא“־פאַבריק אַליין איז ווערט אָנצוקוקן, ווייל זי איז אויסגעשטאַט און אָרגאַניזירט אויף דעם מאָדערנסטן שטייגער. אַלץ איז דאָרטן ריין און ציכטיק. הגם דאָס איז אַ הונדערט־פּראָצענט הסתדרות־אָרגאַניזירטע פאַבריק, איז די דיסציפּלין אַ מוסטערהאַפטע. ניט נאָר קען קיינער ניט רויכערן אין די געביידעס ביי דער אַרבעט, נאָר אַפילו אויף דעם הויף פון די געביידעס

טאָר מען ניט רויכערן, ביז מען פאַרלאָזט ניט דעם גרויסן אַריינגאַנג און דעם הויף פון דער פאַבריק.

די „אטא"־פאַבריק געפינט זיך עטלעכע קילאָמעטער אויסער דער שטאָט חיפה. די אַרבעטער פון דער פאַבריק וואוינען אין חיפה גופא, אָדער אין קרית חיים, אַרום חיפה. קומען זיי צו דער אַרבעט אין באָסעס אָדער אויף באַיסיקלס. איז אינטערעסאַנט צו זען ווי די ברידער מאלער, די אייגנטימער פון דער פאַבריק, האָבן אויסגעבויט גרויסע גאַראַדזשעס פאַר די באַיסיקלס, וואו זיי ווערן אין גוטער אָרדענונג, לויט די נומערן, געהאַלטן בשעת זייערע אייגנטימער זיינען באַשעפטיקט ביי דער אַרבעט.

די גרויסע „אטא"־פאַבריק איז זייער אַ ווערטפולע אונטערנעמונג — אַ שטאָלץ פאַר די אינדוסטריעס אין חיפה. מיר האָבן ניט געהאַט גענוג צייט צו באַזוכן מער פון אַזעלכע אונטערנעמונגען. כדי דאָס צו טאָן, וואָלטן מיר געוועזן געדאַרפט זיין אין חיפה אַליין פאַר אַ פּאָר וואָכן. האָבן מיר דעריבער געגעבן אַביסל צייט דאָ און דאָרט, וואו מיר האָבן נאָר געקענט.

זייענדיק די געסט פון דער הסתדרות, האָבן מיר נאַטירלעך געוואָלט זען וואָס מערער פון די אַנשטאַלטן וואָס ווערן אויסגעהאַלטן און געשטיצט פון דער הסתדרות אין ישראל און אין אַמעריקע.

האָבן מיר מיטוואָך נאָכמיטאָג אָפּגעשטאַט אַ וויזיט אין דעם קופּת חולים דערהאָלונגס־פּלאַץ „בית באַראַכאָוו". אַזעלכע דערהאָלונגס־פּלעצער, „קאָנוואַלעסענט"־הייזער, ווי מען רופט זיי ביי אונז אין אַמעריקע האָט קופּת חולים אין אַ סך שטעט און פּונקטן אין ישראל. מיטגלידער פון קופּת חולים, וועלכע מאַכן דורך אַ קראַנקייט אָדער אַן אָפּעראַציע און זיינען נאָך ניט גענוג שטאַרק זיך אומצוקערן צו זייער באַשעפטיקונג, ווערן אַריינגענומען אין אַזעלכע דערהאָלונגס־אַנשטאַלטן פאַר רו, ביז זיי פילן זיך פאָלקאָם געזונט און קענען ווייטער אַרבעטן.

„בית־באָראָכאָוו" איז זייער אַ פיינער פּלאַץ. די לאַנדשאַפט אַרום די געביידעס איז אָנגעפילט מיט גרינס און בלומען, וואָס מאַכט זייער אַן אָנגענעמען איינדרוק. אין דעם בית־האכל, אַרום געדעקטע טישן, איז אונזער גרויסע גרופּע אויפגענומען געוואָרן פון דער פאַרוואַלטונג און באַגריסט אין נאָמען פון קופּת חולים פון חיפה פון דר. רעזניק. דר. רעזניק רעדט מיט מער איינצלהייטן וועגן דער גרויסער מעדיצינישער אָרגאַניזאַציע, וואָס

באַדינט שוין איצט אַרום אַ מיליאָן מענער, פרויען און קינדער אין דער מדינה. ער ווייזט־אָן ווי אַזוי קופּת חולים איז איצט פאַרצווייגט איבערן גאַנצן לאַנד און האָט אויף דעם שטייגער געלייזט אַ געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעם, וואָס איז אין אַ סך לענדער ערשט אין סטאַדיע פון דיסקוסיעס, ווי ביי אונז אין אַמעריקע די פראַגע וועגן „סאָשעלאַיזד מעדיסין". אין נאָמען פון אונזער דעלעגאַציע ריידן דר. לואיס סילווער און חבר רובינאָף. זיי דאַנקען פאַר דער פיינער און וואַרעמער אויפנאַמע, און מיר פאַרלאָזן „בית באָראָ־כאָוו" און פאָרן פאַר אַ באַזוך אין דער קינדער־היים „אמנה" פון דער מועצת הפועלות.



# די קינדער־היים אמנה און די אויפנאַמע
# אין „גן־העם״ אין חיפה

אין דער קינדער־היים „אמנה״, וועלכע געפינט זיך אויף דעם הדר־הכרמל אין חיפה, האָבן מיר פאַרבראַכט אַ קורצע צייט. אַט־די קינדער־היים, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון דער מועצת הפועלות און „ארגון אמהות עובדות״, און ווערט אויסגעהאַלטן מיט דער מיטהילף פון קאַנאַדער פיאָנערן־פרויען, איז זייער אַ ווערטפולע אינסטיטוציע. דאָס איז אַ היים פאַר יתומים, אָדער קינדער פון עלטערן, וועלכע האָבן ניט קיין שלום־בית און מוזן צעברעכן זייער היים. עס זיינען דאָרט אויך פאַראַן קינדער פון עלטערן, וועלכע קענען קיין ריכטיקע היים ניט אָנהאַלטן צוליב דעם וואָס ביידע, סיי דער פאָטער און סיי די מוטער, דאַרפן אַרבעטן שווער צו פאַרדינען זייער ברויט און זיי מוזן די קינדער האַלטן אין אַ קינדער־היים.

אַ היפּשע צאָל פרויען פון אונזער דעלעגאַציע זיינען אַקטיוו אין דער פיאָנערן־פרויען־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. זיינען זיי דעריבער געווען נייגעריק און ניט ווייניק שטאָלץ צו זען אַט־די קינדער־היימען, וועלכע זיינען צעשפּרייט איבערן לאַנד און פירן־אויס אַ זייער וויכטיקע און נויטיקע פונקציע פון סאָציאַלער הילף, דערמיט וואָס זיי היטן־אָפּ און גיבן אַ היים די קינדער וואָס קענען ניט האָבן קיין היים ביי זייערע עלטערן.

נאָכדעם ווי אונזער גרופּע האָט באַזוכט די שלאָף־צימערן פון דער גרויסער „אמנה״־געביידע, געזען ווי אַזוי די קינדער ווערן אָפּגעהיט און זיך דורכגעשמועסט מיט די „נוירסעס״ און אויפזעער, זיינען מיר צוגעפאָרן צום פּאַרק וואָס רופט זיך „גן־האם״ (מוטערס־גאָרטן), וואָס איז ניט לאַנג צוריק פאַרפלאַנצט געוואָרן אויפן הר־הכרמל, צו זיין די געסט פון דעם חיפה׳ער מעיאָר אבא חושי און בייוואוינען אַ צערעמאָניע פון אויפנעמען די מאַנשאַפט פון דער אַרגענטינער קריגס־שיף „באַהיאַ עטיס״, וועלכע האָט באַזוכט דעם האַפן, זייענדיק אין די וואַסערן פון מדינת ישראל.

עס איז ווערט צו באַצייכענען, אַז אונזער באַזוך אין דעם שיינעם פּאַרק אויף דעם כרמל, אַלס געסט פון מעיאָר אבא חושי, איז געווען איינער פון די אינטערעסאַנטסטע אין אונזער שפּאַציר איבער דעם לאַנד. מיר האָבן דאָ פאַרבראַכט אַ זייער אָנגענעמע פּאָר שעה.

די געלעגנהייט, ווי אבא חושי האָט אונז דערקלערט, איז געווען פּאָלגנ־דיקע: לויט דער דיפּלאָמאַטישער אָנגענומענער עטיקעט און העפלעכקייט האָט דער ישראל־פּלאָט איינגעלאַדן די מאַנשאַפט פון דער אַרגענטינער קריגס־שיף, וועלכע האָט זיך געפונען אין די וואַסערן אַרום מצרים און ישראל, צו באַזוכן דעם חיפה׳ער האַפן און זיין די געסט פון דער שטאָט. אויסער דעם מעיאָר זיינען געקומען זיי באַגעגענען אויך אַן אָפּטיילונג פון אָפיצירן פון דעם ישראל־פּלאָט, און דער רעזולטאַט איז געווען אַ זייער קאָלירפולער ספּעקטאַקל, וואָס איז באמת ווערט געווען צו זען. אבא חושי האָט ביי דער געלעגנהייט ניט פאַרגעסן זיינע געסט — חברים פון דער הסתדרות פינפטער פאָלקס־דעלעגאַציע, וועלכע האָבן זיך אין דער צייט געפונען אין חיפה, און האָט אונז אַלע איינגעלאַדן בייצוואוינען די צערעמאָניע פון סאַלוטירן די אַרגענטינער געסט פון דער קריגס־שיף, און ביי דער געלעגנהייט אויך צו באַטראַכטן אָט־דעם שיינעם פּאַרק, אויף וועלכן דער מעיאָר, אבא חושי, און די שטאָט זיינען מיט רעכט שטאָלץ. מיר האָבן די איינלאַדונג מיט פאַרגעניגן אָנגענומען, און מיר זיינען מיט אונזערע אויטאָבוסן צוגעפאָרן צום פּאַרק און אַריינגעמאַרשירט אין דעם גאָרטן נאָך איידער די אַרגענטינער און די ישראל־מאַנשאַפטן זיינען אָנגעקומען.

מיר זיינען אויפגענומען געוואָרן מיט שמחה פון אבא חושי, זיין פרוי, טאָכטער און אייניקלעך, ווי אויך פון אַ סך פּראָמינענטע חברים און חברות פון חיפה, און פון זייער באַגייסטערונג און פרייד אונז צו באַגריסן, האָבן מיר געקענט זען, אַז זיי זיינען אפשר געווען מער צופרידן צו באַגעגענען אונז דאָ, אין דעם שיינעם גאָרטן, ווי די אַרגענטינער מאַטראָסן און אָפיצירן.

אַלץ איז געווען גרייט פאַר דער באַגעגעניש: אַן אָרקעסטער האָט גע־שפּילט, לאַנגע טישן מיט צובייסן פאַר די געסט זיינען געווען אויסגעשטעלט — און דאָס אַלץ אונטער דעם פרייען הימל, אַרומגערינגלט מיט קאָלירפולע בלומען און פאַרשידענע טראָפּישע פלאַנצונגען און געוויקסן, וואָס האָבן דע־קאָרירט די סביבה, באַפאַרבט מיט רויטע זונענשטראַלן, וועלכע האָבן זיך דורכגעשלאָגן דורך די בוימער און געשאַפן אַ בילד פון העכסטער אַנטציקונג...

מיר האָבן אַלע אַרומגעשפּאַצירט אין גאָרטן, באַוואונדערט דאָס פּראַכט־פולע בילד און זיך צוגעהערט וואָס אונזער פריינטלעכער חבר חושי האָט אונז דערציילט. דאָס בילד איז געווען אַזוי פאַרכאַפּנדיק, אַז אַלע פון

אונזער דעלעגאַציע, וואָס האָבן מיט זיך געהאַט פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן און מואווי־קאַמערעס, האָבן געהאַלטן אין איין אַראָפּנעמען בילדער...

און אָט האָט אַריינגעמאַרשירט די ישראל־אָפּטיילונג פון מאַטראָסן און אָפיצירן, אַלע אָנגעטאָן אין זייערע פּאַראַדנע, ווייסע יוניפאָרמען. מיר האָבן אין אָנפאַנג ניט געוואוסט צי זיי זיינען ישראלים אָדער די אַרגענטינער, ווייל פון די יוניפאָרמען אַליין איז שווער געווען צו דערקענען, אָבער אונזערע חיפה׳ער חברים האָבן אונז שוין וועגן דעם אויפגעקלערט. מיר האָבן אויף די אַרגענטינער לאַנג ניט געדאַרפט וואַרטן. די אַרגענטינער האָבן אַריינגעמאַרשירט, אַ גוטע פּאָר הונדערט, און זיי זיינען סאַלוטירט געוואָרן פון די הויכע באַאַמטע פון דעם ישראל־פלאָט און פונעם מעיאָר פון דער שטאָט חיפה.

די מאַנשאַפטן פוןביידע פלאָטן זיינען באַלד געווען פריי צו שפּאַצירן אין גאָרטן און זיך אָפּפרישן מיט אַ קאַלטן טרונק און פאַרבייסן, וואָס איז סערווירט געוואָרן ביי די צוגעגרייטע טישן.

דער מעיאָר אבא חושי אַליין איז געווען שטאַרק פאַרנומען, שמועסנדיק מיט די אַרגענטינער געסט און ענטפערנדיק אויף זייערע פראַגן, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך ניט, חלילה, פאַרגעסן און ניט פאַרנאַכלעסיקט זיינע איינגעלאַדענע חברים — אונזער דעלעגאַציע.

עס האָט אָנגעהויבן ווערן טונקל. די אָפיציעלע צערעמאָניע און די אויפנאַמע האָבן זיך געענדיקט. די אַרגענטינער פאָן איז אַרויפגעצויגן געוואָרן און דער אָרקעסטער האָט געשפּילט זייער נאַציאָנאַלן הימן, און אין אַ מיליטערישער פאָרמאַציע האָבן זיי אַרויסגעמאַרשירט פון גאָרטן.

מיר האָבן זיך געזעגנט און באַדאַנקט דעם מעיאָר פאַר זיין פריינטלעכקייט און פאַר געבן אונז די געלעגנהייט בייצוואוווינען די באַגעגעניש און צערעמאָניע, וואָס אַן־און־פאַר־זיך און ביי אַנדערע פעלקער איז דאָס פון די געוויינטלעכע זאַכן, אָבער ביי אונז אידן איז דאָס נאָך אַלץ פאַנטאַסטיש, אומגלויבלעך. אַ אידישער פלאָט מיט אידישע שיפן, מאַטראָסן און אָפיצירן — וואָלט עמעצער דאָס געקענט גלויבן אַפילו מיט זעקס יאָר צוריק?...

מידע, אָבער צופרידענע פון וואָס מיר האָבן געזען און געהערט דעם טאָג, זיינען מיר צוריקגעקומען אין האָטעל „מגידו". געגעסן אָוונט־ברויט און נאָך אַ נאַכט רו זיינען מיר ווידער געווען גרייט פאַר ווייטערדיקע שפּאַצירן אין און אַרום חיפה.

**
*

דאָנערשטיק, דעם 30טן יולי, זיינען מיר אַרויסגעפאָרן פון חיפה און געקומען צום עמק־יזרעאל, צו באַזוכן דעם קאָאָפּעראַטיוון דאָרף — דעם מושב נהלל.

אונזער פּראָגראַם איז געווען זייער געפּאַקט. מיר האָבן געהאַט אַזוי ווייניק צייט און אַזוי פיל פּלעצער צו זען, אַז מיר האָבן ניט געקענט באַזוכן מער ווי די דערפער וועלכע מען רופט־אָן דאָ „מושבים".

אַ מושב איז אַ קאָאָפּעראַטיווער דאָרף וואָס אונטערשיידט זיך אין אַ סך פּרטים פון אַ קיבוץ. אין אַ קיבוץ איז ניטאָ קיין פּריוואַט־אייגנטום. אַלע אַרבעטן און געניסן גלייך, קיינער האָט ניט מער און ניט ווייניקער. דאָס גאַנצע אייגנטום, אַלץ וואָס דער קיבוץ פאַרמאָגט אין באָדן, הייזער, אינ־ווענטאַר, באַלאַנגט צו אַלע מיטגלידער אַזוי לאַנג ווי זיי זיינען מיטגלידער פון דעם קיבוץ.

אין אַ מושב איז די פירונג און דאָס לעבן אַנדערש. די איינוואוינער פון אַזאַ דאָרף האָבן זיך זייערע פּריוואַטע הייזקעס, יעדער איינער באַאַרבעט זיך זיין אייגן שטיקל ערד און גאָרטן וואָס איז אים צוגעטיילט. ער האָט זיין אייגענעם אינווענטאַר, ווי קי, עופות א. אַז. וו. אָבער זיי אַלע קויפן און פאַרקויפן די פּראָדוקטן אויף אַ קאָאָפּעראַטיוון אופן. זיי האָבן אַלגעמיינע שולן, קולטור־הייזער א. אַז. וו. און לויט באַשטימטע סטאַטוטן העלפן זיי איינער דעם אַנדערן אַרויס אין נויט. מערסטנס זיינען די מושבים אָנגעשלאָסן אין דער הסתדרות און זיי געניסן פון די קאָאָפּעראַטיוון: פון „תנובה", פאַר מאַרקעטן די פּראָדוקטן וואָס זיי שאַפן, און פון „המשביר המרכזי", פאַר איינקויפן די פּראָדוקטן וואָס זיי דאַרפן נוצן. אַזעלכע דערפער געניסן אויך פון דער סאָציאַלער מעדיציניִשער באַדינונג פון קופּת־חולים. אָט אויף אַזאַ שטייגער זיינען געבויט די מושבים, ווי ס'איז נהלל אין עמק־יזרעאל.

נהלל איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1920, אויף דעם קרן קימת־באָדן, פון גאָר אַ קליינער גרופּע חלוצים, 40 מאַן. ביים איצטיקן טאָג ציילט שוין נהלל איבער 1,200 נפשות. אין נהלל קען מען איצט טרעפן אַ ציידע און זיין אייניקל ביי דער זעלבער אַגריקולטורעלער אַרבעט.

נהלל פאַרמאָגט איצט אַרום 8,000 דונאַם באָדן, 1,000 קי, איבער 60,000 הינער און אַ פאַרשפּרייטע בינען־צוכט, וועלכע ליפערט אַ סך האָניק.

די ערד אין נהלל ווערט שוין איצט באַאַרבעט מיט מעכאַניזירטע מיטלען,

מיט טראַקטאָרס. נהלל האָט אויך אַן אַגריקולטור־שולע, געגרינדעט דורך „הדסה“ פון קאַנאַדע.

אונזערע אויטאָבוסן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין צענטער פון דאָרף, כדי צו געבן אונזער דעלעגאַציע אַ געלעגנהייט אַרומצוגיין און באַטראַכטן די הייזער און באַלעבאַטישקייט, און דערנאָך זיינען מיר אַלע אַריינגעגאַנגען אין דעם קולטור־הויז, וואו מיר זיינען אויפגענומען געוואָרן פון חברה נאַדי יהודה און פון חבר שמואל דיין. נאַדי יהודה האָט באַגריסנדיק אונז דער־ציילט אַביסל געשיכטע פון דער גרינדונג פון מושב און האָט אָנגעוויזן אויף אליעזר יפה׳ס בילד, וואָס הענגט אויף דער וואַנט, דער וואָס איז געווען דער שאַפער פון מושב.

אליעזר יפה איז געקומען קיין ארץ־ישראל פון אַמעריקע אין 1920. זיין דערפאַרונג אין אַגריקולטור האָט ער געקראָגן אין וואודביין, ניו־דזשוירזי, ביי דער קאָלאָניע וואָס איז דעמאָלט געגרינדעט געוואָרן פון דער געזעלשאַפט פיק״א. פיק״א האָט געוואָלט מאַכן פאַרמערס פון אַ טייל אידישע אימי־גראַנטן, וועלכע האָבן דעמאָלט ווי אַ מעכטיקער שטראָם זיך געצויגן קיין אַמעריקע. אליעזר יפה האָט, ווייזט אויס, ניט געהאַט קיין גרויס צוטרוי, אַז פון דער אידישער פאַרמעריי אין וואודביינער קאָלאָניע וועט עפּעס ווערן, איז ער געקומען קיין ארץ־ישראל און איז געווען פון די אָנהויבער פון דעם איצט־גרויסן דאָרף נהלל.

נהלל איז ווירקלעך אַ מוסטער־ישוב. ער איז דער באַליבטסטער דאָרף אין ישראל, און איז געווען דער ליבלינג פון דר. חיים ווייצמאַן ז״ל.

דער דאָרף זעט אויס אַזוי ווי אַן איינגעפונדעוועטע טשעכישע אָדער דייטשע קאָלאָניע, וואָס מען באַגעגנט אין יענע לענדער.

שמואל דיין, איינער פון די עלטסטע מיטגלידער פון נהלל און דער פאָטער פון באַרימטן גענעראַל פון צבא ההגנה לישראל, משה דיין, איז, אגב, מיט אַ קורצער צייט צוריק געווען אין אַמעריקע אין די אינטערעסן פון קאָלאָניזאַציע אין ישראל. ער האָט גערעדט צו אונז און געזאָגט, אַז כאָטש דער פּרינציפּ פון די מושבים איז אַ קאָאָפּעראַטיווער, ווילן זיי פונ־דעסטוועגן, אַז מענטשן זאָלן לעבן אַזוי פּריוואַט ווי זיי ווילן. אונזער געדאַנק — האָט ער געזאָגט — האָט אויסגעטראָטן אַ וועג. ביים איצטיקן טאָג איז שוין דאָ אין לאַנד 110 מושבים. די אַלטע שוין־איינגעפונדעוועטע מושבים שיקן זייערע חברים צו די ניי־געגרינדעטע דערפער, צו די עולים, און זיי

לערנען זיי ווי צו באַאַרבעטן די ערד און ווי צו מאַכן אַ לעבן פון פאַרמעריי. שמואל דיין באַקלאָגט זיך און באַדויערט, אַז דאָס באַזעצן פון דעם נגב גייט צו־לאַנגזאַם. בלויז 20־25 פּראָצענט פון לאַנד־באָדן איז באַזעצט. ניט־באַזעצטער באָדן ביי אונזערע אומשטענדן איז גאָרניט קיין פּאָליטישע מעלה. און ער אַפּעלירט צו אונז, אַז מיר זאָלן אין אַמעריקע שאַפן אַ באַוועגונג צווישן די אידישע פֿאָלקס־מאַסן און באַוועגן די וואָס האָבן אַ נייגונג זיך צו באַזעצן אויף לאַנד און ווערן פאַרמערס, אַז זיי זאָלן קומען קיין ישראל.

מיטגלידער פון אונזער דעלעגאַציע שטעלן פראַגן. זיי ווילן וויסן אַ סך איינצלהייטן, ווי אַזוי עס לעבט זיך די מיטגלידער פון נהלל, וואָס איז ביי זיי דער עקאָנאָמישער און קולטורעלער צושטאַנד א. אַז. וו. חברה נאַדי יהודה און שמואל דיין ענטפערן, און מיר מאַכן נאָכדעם אַלע אַ שפּאַציר אין דאָרף. מיר האָבן באַזוכט אייניקע הייזער פון די קאָלאָניסטן, און מיר זיינען אָפּגעפאָרן פון נהלל קיין נצרת.



# באַזוך אין נצרת און אין קיבוץ „גשר הזיו"

פון נהלל, וואו מיר האָבן פאַרבראַכט כמעט דעם גאַנצן פרימאָרגן, זיינען מיר געפאָרן קיין נצרת, מיט דעם וועג וואָס שלענגלט זיך אין די בערג פון גליל התחתון.

איך געדענק, אַז ווען מיר האָבן אין יאָר 1949, מיט דער ערשטער הסתדרות־דעלעגאַציע, באַזוכט אָט־די שטאָט וואָס איז הייליק פאַר קריסטן, זיינען אונזערע אויטאָבוסן אָפּגעשטעלט געוואָרן פון אַ מיליטערישער וואַך איידער מיר האָבן געקענט אַריינפאָרן אין שטאָט. דעמאָלט איז נצרת, אָדער ווי זי הייסט אין ענגליש, נאַזאַרעט, געווען אונטער אַ שטרענגן מיליטערישן רעזשים, אַזוי אַז קיין אויטאָמאָביל אָדער אויטאָבוס איז ניט אַריינגעלאָזט געוואָרן אין שטאָט ביז די מיליטערישע וואַך האָט דורכגעקוקט און איבער־קאָנטראָלירט ווער די אַריינפאָרער זיינען — צי עס זיינען צווישן זיי ניטאָ עפּעס פאַרדעכטיקע פערזאָנען.

היינט איז די זאָנע פריי, קיין מיליטער זעט מען ניט, און מען קען אין שטאָט אַריינפאָרן אָדער אַריינגיין ווען מען וויל. דאָס מיינט אָבער ניט, אַז די רעגירונג האַלט ניט אַ וואַך אויג אויף דער גאַנצער געגנט. עס וואוינען אין נצרת און אין דער ארומיקער געגנט צופיל אַראַבער, אַז מען זאָל ניט אַכטונג געבן אויף זיי. דער פאַקט וואָס אַ סך פון די אַראַבער וואָס וואוינען אין נצרת און אין דער געגנט אַרום, געהערן צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, איז שוין גענוגנדע סיבה צו דאַרפן האַלטן אויף זיי אַן אויג...

ווי געזאָגט, האָבן מיר ניט געהאַט קיין שטערונג אַריינצופאָרן אין דער אַלטער היסטאָרישער שטאָט, וואָס ווערט געהאַלטן הייליק פון די מיליאָנען קריסטן איבער דער גאַנצער וועלט, די שטאָט, וואָס לויט דער קריסטלעכער לעגענדע האָט דאָרט זייער נביא ישו פאַרבראַכט זיינע אינגלשע יאָרן.

נצרת איז שטענדיק אַ צוציאונגס־קראַפט פאַר פרומע קריסטן, וועלכע זיינען עולה־רגל צו באַזוכן די הייליקע פּלעצער: דעם „וואוירדזשין מערי קוואַל", די „טשוירטש אָוו אַנאַונסיעישאָן", די סטאָלעריי פון יוסף, און אַנדערע קלויסטערס און מאָנאַסטירן. דער אינטערעס פון אַזאַ גרופּע ווי מיר, צו באַזוכן די שטאָט, איז, ערשטנס, אַ ריין־היסטאָרישער, כדי צו באַטראַכטן

די קריסטלעכע הייליקטימער, און, צווייטנס, צו זען ווי עס לעבט אונטער דער ממשלה פון ישראל די באַפעלקערונג וואָס איז מערסטנס אַראַביש.

אין דער שטאָט נצרת וואוינען אַרום 20 טויזנט אַראַבער, פון זיי זיינען צוויי־דריטל קריסטן און איין־דריטל מוסולמענער. דער צענטער פון דער שטאָט דינט אַלס מאַרק פאַר די אַרומיקע דערפער. די איינוואוינער זיינען מערסטנס קליין־הענדלער און בעלי־מלאכה׳ס. די לעצטע באַשעפטיקן זיך הויפּטזעכלעך מיט שטיין־האַקן און סטאָלעריי. אין דער שטאָט געפינען זיך אויך אייניקע קליינע פאַבריקן, וואָס פּראָדוצירן פאַרן לאָקאַלן געברויך.

נצרת ווערט איצט רעגירט פון אַ געוויילטן מוניציפּאַלן־קאָמיטעט, וואָס פאַרוואַלטעט מיט דער שטאָט און זאָרגט אויך פאַר דער אָרדענונג אין די הייליקטימער. און, ווי געזאָגט, גיט נאָך די מיליטערישע מאַכט גוט אַכטונג פון דערוויטנס אויף די זיכערקייטס־ענינים אין דעם פּלאַץ.

עס געפינען זיך אין נצרת עטלעכע קאָאָפּעראַטיוון, וואָס זיינען אָרגאַ־ניזירט געוואָרן פון דער הסתדרות. זינט די הסתדרות האָט באַשלאָסן אַריינ־צונעמען אַראַבער אַלס פולע מיטגלידער, האָט זיך דאָרט געבילדעט דורך איר אַ שטיין־האַקער יוניאָן, און די אַראַבישע מיטגלידער זיינען אַקטיוו אין אַלע סאָציאַלע טעטיקייטן פון דער הסתדרות, ווי קופּת חולים, ליי־קאַסעס א. אַז. וו.

די שטאָט נצרת דינט אַלס גייסטיקער און קולטורעלער צענטער פאַר דער אַראַבישער באַפעלקערונג אין ישראל. די נצרת׳ער אַראַבער קענען מערסטנס לייענען און שרייבן, אַ דאַנק דער אונטערשטיצונג וואָס זיי האָבן שטענדיק באַקומען פון דער דרויסנדיקער קריסטלעכער וועלט.

מיר זיינען דורכגעפאָרן דעם מאַרק, וואָס געפינט זיך אין מיטן שטאָט, און זיך אָפּגעשטעלט אין הויף פון דער „טשוירטש אָוו אַנאַונסיעישאָן". דאָרט זיינען מיר איבערגענומען געוואָרן פון אַראַבישע וועג־ווייזער, וועלכע האָבן אונז אַרומגעפירט צו אַלע הייליקע פּלעצער און דערקלערט זייער באַדייטונג. ווען מיר זיינען פאַרטיק געוואָרן, האָבן מיר די אַראַבישע „גאַידס" באַצאָלט פאַר זייער טרחה, און מיר זיינען צוריקגעפאָרן קיין חיפה עסן מיטאָג.

**
*

נאָך מיטאָג. די דעלעגאַציע האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט זיך אַביסל אָפּצורוען, איז מען שוין ווידער געווען אויפן וועג. דאָס מאָל איז מען געפאָרן אין גליל העליון צו באַזוכן דעם יונגן קיבוץ „גשר הזיו״.

איך בין מיט דער דעלעגאַציע ניט מיטגעפאָרן. איך בין געווען מיד פון דעם ערשטן טייל פון טאָג באַזוכנדיק נצרת, האָב איך באַשלאָסן זיך אַביסל אָפּצורוען און זיך באַנוגענען מיט דעם וואָס די חברים וועלן מיר דערציילן פון גשר הזיו, ווי דער קיבוץ זעט איצט אויס און וויפיל עס האָט זיך דאָרט געענדערט דורך די צוויי יאָר, זינט מיר זיינען דאָרט געווען מיט דער דריטער דעלעגאַציע, אין יאָר 1951.

גשר הזיו געפינט זיך אין מערב־גליל, ביים מיטללענדישן ים, אויף אַ בערגל, אַנטקעגן די בערג פון לבנון. אָט־דער קיבוץ איז נאָך גאָר אַ יונגער; עס איז בלויז פינף יאָר זינט אַ טייל פון די וואָס האָבן באַאַרבעט אַ פאַרם ביים ים־המלח און זיינען אין דעם באַפרייאונגס־קריג עוואַקויִרט געוואָרן פון דאָרט, האָבן זיך באַזעצט אויפן באָדן אין גשר הזיו, וואו עס זיינען צופעליק אויך געווען באַראַקן וואָס די בריטישע אַרמיי האָט איבער־געלאָזט, ווען זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן אין יאָר 1948.

די וואָס האָבן אַ שטיקל באַגריף ווי אַזוי אַ נייער קיבוץ אַנטוויקלט זיך, זיינע עקאָנאָמישע שוועריקייטן און די אומגעהויערע פּראַצע וואָס זיי מוזן אין דער ווירטשאַפט אַריינלייגן, איידער מען קען פון דעם ציען אַ לעבן ווי עס איז אויף אַ מענטשלעכן סטאַנדאַרט, קענען זיך פאָרשטעלן ווי אַזוי דער קיבוץ גשר הזיו האָט אויסגעזען נאָך דריי יאָר עקזיסטענץ, ווען מיר האָבן אים באַזוכט אין אויגוסט 1951.

אמת, זיי האָבן געהאַט גענוג ערד וואָס דער קרן־קימת האָט זיי גע־געבן, און אויך אַביסל אינווענטאַר. זיי האָבן שוין אויך געהאַט אַ מעכאַנישע סטאָלעריי און האָבן פּראָדוצירט פענסטער און טירן פאַר געביידעס. אָבער פאַר זייער אַלטעגלעכן לעבן האָט געפעלט זייער פיל. זיי האָבן זייער נויטיק געדאַרפט אַ הויז פאַר די קינדער, טראַקטאָרס, טראָקס א. ד. גל. מיר, באָס־טאָנער, האָבן דאַן פאַראינטערעסירט אַ גרופּע יונגע מענער און פרויען, וועלכע רופט זיך „פרענדס אָוו הסתדרות״, און זי האָט זיך אונטערגענומען אָט־דעם קיבוץ צו העלפן. אויך אַזוי האָבן אַנדערע באָסטאָנער געהאָלפן כפר בלום מיט הלוואות און מאַטעריאַלן, כדי זיי זאָלן וואָס פריער קענען שטיין אויף אַ פעסטערן באָדן.

אין די צוויי יאָר זינט מיר זיינען דאָרט געווען, האָט זיך די באַפעלקערונג אין דעם קיבוץ פאַרדאָפּלט און באַשטייט איצט פון 150 דערוואַקסענע און 180 קינדער. גשר הזיו איז איינער פון די ערשטע קיבוצים וואָס האָט איינגעפירט, אַז קינדער אין עלטער פון פיר יאָר און מער, זאָלן וואוינען מיט די עלטערן.

די ווירטשאַפט פון דעם קיבוץ איז באַזירט אויף געמישטער אַגריקולטור, און אויסער דעם האָבן זיי די מעכאַנישע סטאָלערײ און זיי אַראַנזשירן אויך אַ מעבל־פאַבריק אין נהריה, וואו זייערע מיטגלידער וועלן קענען אַרבעטן. זיי האָבן ניט לאַנג אויסגעבויט אַ גרויסן און באַקוועמען עס־זאַל, און כמעט אַלע חברים האָבן שוין געבויטע וואוינונגען מיט לויפנדיקן וואַסער און וואַש־צימערן.

אונזער דעלעגאַציע האָט זיך דאַן אומגעקערט קיין חיפה, אָפּשטעלנדיק זיך בלויז אין דער היסטאָרישער פעסטונג עכו. אונזער וועגווייזער, דב קדם, האָט דערציילט וועגן דער אַלטער היסטאָרישער פעסטונג, וואָס שטייט דאָרט ביים ברעג פון מיטללענדישן ים, און וועגן די שלאַכטן וואָס נאַפּאָלעאָנ׳ס אַרמיי האָט דאָרט מיטגעמאַכט. און אָפּגעפרישט אַביסל פון אַ קיל ווינטל וואָס האָט דאַן געבלאָזן פון ים, איז די גרופּע צוריקגעקומען אין האָטעל „מגידו" אין חיפה.

***

פרייטיק פרי, דעם 31טן יולי, האָבן מיר באַזוכט דעם חיפה׳ער טעכניקום. מיר זיינען דאָרט אויפגענומען געוואָרן פון אַ באַסטאַנער לאַנדסמאַן, מר. קאַראָל אַלפּערט, וואָס אַרבעט אין טעכניקום.

מר. אַלפּערט האָט אונז דערציילט, אַז אין יאָר 1912 האָט אַ גרופּע אידן, ניט קיין ציוניסטן, געגרינדעט דעם טעכניקום. אין אָנהויב האָבן דאָרט געלערנט בלויז 30 סטודענטן. היינט אַנטהאַלט דער טעכניקום גאַנצע 2000 סטודענטן. פאַר די גרינדער איז געשטאַנען אַ שווערע פּראָבלעם: אויף וועלכער שפּראַך זאָל מען לערנען אין טעכניקום? די מערהייט פון די גרינדער זיינען געווען דייטשע אידן, און זיי, צוזאַמען מיט דעם רעקטאָר, האָבן געפאָדערט אַז די אונטעררי‏כטס־שפּראַך זאָל זיין דייטש. ציוניסטן האָבן פאַרלאַנגט העברעאיש. און מיר זעען, אַז געבליבן איז עס ווי די ציוניסטן האָבן געוואָלט.

די לערע אין טעכניקום איז פיר יאָר, און היינט־צו־טאָג גראַדואירן פון דאָרט יערלעך אַרום 250 סטודענטן און זיי קריגן אינזשינער־דיפּלאָמען. אַ קליינע טייל פון זיי ווערט געשיקט קיין אויסלאַנד זיך צו פּאַרפּאָלקאָמען דורך פּראַקטישער אַרבעט אין פאַבריקן א. ד. גל.

אונזערע חברים שטעלן פראַגן: דר. ל. סילווער וויל וויסן צי אַלע גראַדואירטע אינזשינערן קריגן באַלד אַרבעט. דער ענטפער איז: יאָ, און עס פעלן נאָך אויס אינזשינערן. חבר גרעי וויל וויסן ווי גרויס איז דער בודזשעט פון טעכניקום. דער ענטפער איז: אַרום 900 טויזנט פונט; דערפון ווערט 10 פּראָצענט געדעקט פון די סטודענטן אַליין, איין דריטל פון דער ישראל־רעגירונג, און דאָס איבעריקע פון פּריוואַטעביישטייערונגען, וואָס קומען פון אידן אין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער.

ווען מיר זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט דער אינפאָרמאַציע פון דעם דאָזיקן וויכטיקן בילדונגס־אַנשטאַלט, האָט אונז מר. אַלפּערט געפירט אין די פאַרשידענע אָפּטיילונגען פון טעכניקום און אונז געוויזן די קלאַסן און די מאַשינען־צימערן. ער האָט אונז אויך דערציילט, אַז אין זיינע איצטיקע געביידעס האָט ניט דער טעכניקום גענוג פּלאַץ פאַר אַלע אָפּטיילונגען, און אַז עס ווערט איצט געזאַמלט אַ ספּעציעלער פאָנד צו בויען נייע געביי־דעס אויפן כרמל, וואו דער טעכניקום וועט פיל פאַרגרעסערט ווערן.

מיר האָבן באַדאַנקט מר. אַלפּערט'ן פאַר זיין גאַסטפריינטלעכקייט, און פון דאָרט זיינען מיר געפאָרן אין חיפה'ער שטאָט־ראַט צו אַן אויפנאַמע פאַר אונז פון דעם מעיאָר הושי.



# דער עונג שבת אין „גן־אורנים" אין חיפה

אונזער דעלעגאַציע ווערט אויפגענומען פון מעיאָר פון חיפה

ווען אונזער דעלעגאַציע איז פאַרטיק געוואָרן מיט דעם באַזוך אין חיפה׳ער טעכניקום, זיינען מיר געפאָרן צום סיטי־האָל און זיינען דאָרט געווען די געסט פון חיפה׳ער ראש־העיר — דעם זייער פּאָפּולערן און דינאַמישן פירער, אבא חושי.

מיר האָבן זיך אַלע אויסגעזעצט אין דעם אויסערגעוויינלעך שיינעם און באַקוועמען זאַל פון דער חיפה־מוניציפּאַליטעט צו הערן וואָס דער מעיאָר פון שטאָט האָט אונז צו דערציילן וועגן דער מדינה בכלל און וועגן דער שטאָט חיפה בפרט.

צוערשט האָט ער אונז פריינטלעך און חבריש באַגריסט, אין זיין אייגענעם נאָמען און אין נאָמען פון דער גרויסער חיפה׳ער באַפעלקערונג וואָס ער רעפּרעזענטירט, און האָט אונז אויפגענומען מיט אַ האַרציקן און צוגלייך אָפיציעלן „ברוכים הבאים".

ער האָט אונז דערציילט פון ריזיקן וואוקס פון דער שטאָט און פון איר גרויסער און פאַרצווייגטער אינדוסטריע; איר האַפן וואָס איז איצט דער וויכטיקסטער און בעסטער פּאָרט אין דעם גאַנצן מיטל־מזרח, און פון די קאָלאָסאַלע, כמעט אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייטן, וואָס די שטאָט חיפה האָט פאַר איר אַנטוויקלונג, ווייל זי איז באַשאָנקען פון דער נאַטור מיט בערג, טאָלן, און דעם מיטללענדישן ים, וואָס פליסט ביי אירע ברעגן.

אַזוי ווי אַ געטרייער, איבערגעגעבענער פאָטער רעדט מיט ליבע פון זיינע געראָטענע קינדער, אַזוי רעדט און דערציילט אבא חושי די מעלות פון זיין שטאָט, אין וועלכער ער איז פאַרליבט אָן אַ שיעור.

אמת, עס איז דאָ אין וואָס זיך צו פאַרליבן. די שטאָט וואַקסט, בויט זיך, און ווערט אַלץ שענער און אימפּאָזאַנטער. דער וואָס האָט אַן אויג פאַר אינדוסטריעלע מעגלעכקייטן, קען לייכט זען און זיך פאָרשטעלן די פּאָטענצן פון דער שטאָט, ווען די אַלע נאַטירלעכע אוצרות, וואָס ווערן איצט אַנטדעקט און אַנטוויקלט אין מדינת ישראל, וועלן אָנהויבן פּראָדוצירט ווערן און וועלן דאַרפן דורכגיין דורך דעם חיפה׳ער האַפן; ווען די ריזיקע

ראַפּינעריעס, וואָס שטייען איצט דריי־פערטל ליידיק, זאָלן אָנהויבן צו אַרבעטן נאָכדעם ווי דער נאַפט (אויל), וואָס אַזוי פיל גלויבן, אַז ער געפינט זיך אין דעם באָדן פון ישראל, וועט סוף־כל־סוף אויסגעגראָבן ווערן.

אָט־די אַלע מעגלעכקייטן זעט קלאָר און דייטלעך אבא חושי, דער מעיאָר פון חיפה. אויב די פּלענער זיינען נאָך ביי אים ניט אויסגעשריבן און אויסגעלייגט אַרכיטעקטאָריש אין „בלו פּרינטס״, זיינען זיי שוין אויסגעלייגט אין זיין מוח, און ער פּרובירט זיי שטופּנווייז צו פאַרווירקלעכן.

אַזוי, צום ביישפּיל, ווערט שוין באַלד פאַרענדיקט די פאַרברייטערונג פון האַפן ביז צו דער טייך קישון, און דאָס וועט געבן דעם האַפן מער פּלאַץ פאַר אָנקומענדיקע שיפן, ווען דער האַנדל מיט אויסלאַנד וועט זיך מער פאַרגרעסערן. וועגן דעם האַפן גופא וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערציילן אין מיינע וויטערדיקע איינדרוקן. דאָ וויל איך נאָר באַצייכענען וואָס מעיאָר אבא חושי האָט אונז דערציילט וועגן דער שטאָט, וועגן די ריזיקע שטחים פון פּלאַץ לאַנד אַרום דעם האַפן, וואָס זיינען גינסטיק פאַר קאָמערץ מיט אינדוסטריע; וועגן דעם באָדן אויפן הדר־הכרמל און אויפן הר־הכרמל מיט זייער געזונטער און פרישער לופט פאַר פּריוואַטע וואוינונגען; וועגן דער מעגלעכקייט פאַר טוריסטיק אין חיפה, וואָס האָט סיי באַרג־לופט און סיי דעם בלויען ים.

אבא חושי האָט צו אונז אויך גערעדט וועגן דער פּאָליטישער לאַגע און וועגן דער געענדערטער שטעלונג און פּאָליסי פון אַמעריקאַנער סטעיט־דעפּאַרטמענט לגבי ישראל. ער האָט באַטאָנט, אַז די אַמעריקאַנער אידן דאַרפן איצט מער ווי ווען־עס־איז זיין אויף דער וואַך און ריכטיק רעאַגירן אויף דער אַמעריקאַנער געענדערטער פּאָליטיק אין דעם מיטעלן מזרח.

ווען אבא חושי האָט געענדיקט, האָב איך אים, אין נאָמען פון אונזער דעלעגאַציע, באַדאַנקט פאַר זיין גאַסטפריינטלעכקייט און אמת־חבר׳ישער אויפנאַמע. אָט די פריינטלעכקייט מאַכט אונזער באַזוך אין דער שיינער שטאָט זייער אָנגענעם און היימיש, און מיר וועלן זי געדענקען אַ לאַנגע צייט.

אַרויסגייענדיק פון די צימערן פון דער שטאָט־ראַט־געביידע, זיינען מיר געגאַנגען באַטראַכטן דעם שיינעם פּאַרק, וואָס איז אָקאָרשט געעפנט געוואָרן פונקט אַנטקעגן דעם סיטי־האָל.

נאָך דער אויפנאַמע פון מעיאָר אין דער שטאָט־ראַט־געביידע, זיינען

מיר געפֿאָרן צו דער „מועצת פּועלי חיפה" (דער חיפה׳ער אַרבעטער־ראַט) אין דעם בית־הפּועלים. דאָס איז אַ גרויסע זעקס־שטאָקיקע געבײַדע, וואו עס געפֿינען זיך פֿאַרשידענע ביוראָס פֿון דער הסתדרות. דאָרט איז אונזער דעלעגאַציע אויפֿגענומען געוואָרן פֿון חבר ניר, וועלכער האָט אונז געגעבן אינפֿאָרמאַציע וועגן דער אַרבעט פֿון דער הסתדרות אין חיפה. די באַפֿעל־קערונג אין חיפה ציילט איצט איבער 200 טויזנט נפשות, 120 טויזנט פֿון זיי זײַנען אַרבעטער־פֿאַמיליעס. 80 פּראָצענט פֿון דער חיפה׳ער באַפֿעלקע־רונג זײַנען אײַנגעשריבענע מיטגלידער פֿון דער הסתדרות, וועלכע פֿירט אין חיפה אַ ברייטע טעטיקייט אויף די געביטן פֿון קולטור, סאָציאַלער און מעדיצינישער הילף, א. ד. גל.

פֿיל אויפֿמערקזאַמקייט ווערט געגעבן צו העלפֿן און אַנטוויקלען די נײַע עולים. צענדליקער חברים באַזוכן די מעברות (צײַטווײַליקע וואוינונגס־פּלעצער פֿון די עולים) אַרום חיפה און לערנען זיי ווי צו ווערן גוטע אַרבעטער און זעלבסטשטענדיקע בירגער פֿון דער מדינה.

אָט־דער בית־הפּועלים, וואו מיר האָבן די אינפֿאָרמאַציע געהערט, האָט געשפּילט גאָר אַ וויכטיקע ראָלע בײַ דער אַנטשטייאונג פֿון דער מדינה. פֿון דאַנען איז אָנגעפֿירט געוואָרן די פֿאַרטיידיקונג פֿון חיפה און פֿון די געגנטן אַרום דער שטאָט.

נאָכדעם ווי אייניקע חברים פֿון אונזער דעלעגאַציע האָבן געשטעלט פֿראַגן, וואָס זײַנען געענטפֿערט געוואָרן פֿון חבר ניר, האָבן מיר פֿאַרלאָזן דעם בית־הפּועלים און מיר זײַנען געפֿאָרן צוריק אין האָטעל עסן מיטאָג און זיך אַביסל אָפּרוען. שפּעטער אין אָוונט — עס איז געווען פֿרײַטיק — האָבן מיר געדאַרפֿט זײַן די געסט צו אַן „עונג־שבת" פֿון חיפה׳ער הסתדרות אין אַ פֿאַרק אויף דעם הדר־הכרמל וואָס הייסט „גן אורנים".

אין דעם באַזונדערן עס־צימער פֿון האָטעל „מגידו" האָבן מיר פֿרײַטיק־צו־נאַכט געפּראַוועט אונזער שבת׳דיקע סעודה, אין דער אָנוועזנהייט פֿון אייניקע געסט — חברים פֿון חיפה און דוד פּינסקי, אונזער באַרימטער שרײַפֿטשטעלער און דיכטער. דוד פּינסקי האָבן מיר מיט אַ פּאָר טעג צוריק באַזוכט אין זײַן היים, און איצט איז ער געקומען עסן מיט אונז און פֿאַר־ברענגען דעם אָוונט.

זײַנען מיר געזעסן בײַ די פֿײַן־געדעקטע טישן, מיט געשמאַקן ראשון־

לציון ווייך, און חבר רובינאָוו — אַ מיטגליד פון אונזער דעלעגאַציע פון טאָראָנטאָ, קאַנאַדע — האָט געמאַכט קידוש. דער באַליבטער דוד פּינסקי, די שבת׳דיקע מאכלים און די גאַנצע אַטמאָספּערע דאָרט האָבן אונז פאַרשאַפט אַ גרויסן נחת־רוח...

אָבער דער קלימאַקס אין גייסטיקן געַנוס איז געקומען שפּעטער, ביי דער „עונג־שבת" אויפנאַמע פון דער מועצת פּועלי חיפה אין גאָרטן פון קאַפע „אורנים" אויף דעם הדר־הכרמל.

צו דעם גאָרטן „אורנים" זיינען מיר צוגעפאָרן מיט אונזערע אויטאָבוסן גלייך ווי מיר זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט אונזער סעודה אין האָטעל „מגידו". ניט וויסנדיק גענוי וואָס און וואו די אויפנאַמע און „עונג־שבת" וועט זיין, האָבן מיר דערוואַרטעט אַ געוויינלעכן זאַל וואו חברים וועלן אונז באַגריסן.

אָבער געווען איז דאָס גאַנץ אַנדערש. אַנשטאָט אין אַ זאַל האָט מען אונז אַריינגעפירט אין אַ גאָרטן, וואָס איז געווען באַלויכטן פון גרויסע עלעקטרישע לאָמפּן, און מיר האָבן פאַר זיך דערזען אַ ריזיקן עולם פון אַ פּאָר טויזנט מענער, פרויען און יונגוואַרג, וועלכע זיינען געקומען זיך באַטייליקן אין דער אויפנאַמע פאַר דער דעלעגאַציע. אַלע פּלעצער זיינען שוין געווען באַזעצט און דער עולם האָט נאָך געהאַלטן אין איין אַריינשטראָמען, אָנפילנדיק דעם גאָרטן. הונדערטער האָבן געמוזט בלייבן שטיין.

אין צענטער פון גאָרטן איז געווען אַ גרויסע פּלאַטפאָרמע, וואו אַ היפּשער כאָר פון מענער און פרויען, אָנגעפירט פון אַ כאָר־מייסטער, האָבן געגעבן אַ קאָנצערט און געזונגען אַלטע און נייע ארץ־ישראל׳דיקע קאָמפּאָזיציעס. ווי עס איז אונז געזאָגט געוואָרן, באַשטייט דער כאָר ניט פון פּראָפעסיאָנעלע זינגער, נאָר פון אַרבעטער, הסתדרות־מיטגלידער, וואָס זיינען ליבהאָבער פון מוזיק. פונדעסטוועגן האָט זייער זינגען געמאַכט אַ זייער אָנגענעמען איינדרוק, סיי די שטימען און סיי די האַרמאָניע. דעם עולם איז קאָנטיק שטאַרק געפעלן זייער זינגען; זיי זיינען הויך און געשמאַק אַפּלאָדירט געוואָרן.

ווען דער גרויסער אַרבעטער־כאָר האָט געענדיקט אויספירן זיין פּראָגראַם, איז די פּלאַטפאָרמע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רעדנער־טריבונע, וואו דער מעיאָר אבא חושי און סעקרעטאַר אשד (אייזענשטאַט) האָבן באַגריסט די דעלעגאַציע אין נאָמען פון סעקרעטאַריאַט פון מועצת פּועלי חיפה.

אשד האָט געזאָגט, אַז צייטנווייז ווערט דער אָטעם פון אונזערע חלוצים אַביסל קורץ, ווייל מען האַלט שוין אַ היפּשע פּאָר יאָר אין איין קלעטערן באַרג־אַרויף, און צום שפּיץ איז נאָך גאַנץ ווייט. מען דאַרף נאָך אַלץ האָבן די מאָראַלישע און פינאַנסיעלע הילף פון די אידן אין אַמעריקע. די אַרבע־טער אין ישראל זיינען זייער צופרידן וואָס חברים פון אַמעריקע קומען זען וואָס עס ווערט געטאָן. ער האָט געבעטן איבערגעבן אַ האַרציקן גרוס די פריינט און חברים אין אַמעריקע.

דער שריפטשטעלער דוד פינסקי, וועלכער איז איצט אַ ישראל׳דיקער תושב און וואוינט אין חיפה, איז אויפגענומען געוואָרן פון עולם מיט שטור־רעמדיקע אַפּלאָדיסמענטן. ער האָט אין קורצע ווערטער אָנגעוויזן אויף די דערגרייכונגען פון דער מדינה ביז איצט און די אויסזיכטן אין דער צוקונפט. ער איז געווען זייער צופרידן צו זען אַזאַ גרויסע דעלעגאַציע פון אַמערי־קאַנער אידן וואָס איז געקומען באַזוכן ישראל, און די מערהייט פון זיי זיינען חברים און קאַמפּעין־טוער פאַר דער הסתדרות, וועלכע ער קען נאָך פון אַמעריקע.

נאָך די רעדעס און באַגריסונגען האָט זיך די רעדנער־טריבונע ווידער פאַרוואַנדלט אין אַ בינע, וואו געזאַנג און טענץ האָבן אויסגעפילט דעם רעשט פון פּראָגראַם. איבערהויפּט האָבן זיך זייער שטאַרק אויסגעצייכנט די אָנטייל־נעמער פון אַן אימפּראָוויזאַציע־טאַנץ וואָס הייסט „אַ שערעלע״. אין דעם טאַנץ האָבן זיך באַטייליקט פיר מענער און פיר פרויען, וועלכע זיינען געווען אָנגעטאָן און גרימירט פאַרשידנאַרטיק ווי אידישע טיפּן פון אַמאָל אין פוילן, אוקראַינע, רוסלאַנד און רומעניע. דאָס טאַנצן איז אויך געווען פאַרשידנ־אַרטיק, פון אַ געוויינלעך „שערעלע״ ביז אַ „כשר־טאַנץ״ (וואו די באַרירונג פון מאַן און פרוי איז וואָס ביידע האַלטן־אָן דאָס טיכעלע). דער טאַנץ איז אויסגעפירט געוואָרן אמת׳דיק קינסטלעריש מיט פיל טאַלאַנט און געשמאַק, און האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן.

מיט דעם האָט זיך די פּראָגראַם פון דעם אָוונט געענדיקט. דער גרויסער עולם האָט אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן דעם גאָרטן, ווער צופוס, אייניקע אין טראַקס און אויטאָבוסן. מיר האָבן געזאָגט „שבת־שלום״ צו אונזערע חברים און זיי געדאַנקט פאַר דער זייער וואַרעמער אויפנאַמע דאָ אין דעם „גן־אורנים״, און זיינען אין אונזערע ספּעציעלע „תיור־וטיול״ אויטאָבוסן צוריק־געפאָרן אין אונזער האָטעל.

נאָך לאַנג האָבן די חברים פון דער דעלעגאַציע געהאַלטן אין איין ריידן פון דעם וואונדערבאַרן אָוונט און פון דעם גרויסן פּובליקום פון אַן ערך 3.000 מענטשן וואָס זיינען געקומען צום „עונג־שבת“. די יוגנטלעכע ווי די עלטערע האָבן, ווי עס שיינט, אַלע שטאַרק הנאה געהאַט. אַזאַ פאַר־זאַמלונג איז זעלטן צו זען ביי אונז אַמעריקע. דאָס איז ניט נאָר „קיבוץ גלויות“, נאָר אויך — „המשך“...



# אונזער באַזוך אין דרוזן־דאָרף „איסיפיע"

שבת, דעם 1טן אויגוסט, אין חיפה. שבת איז דער טאָג פון רו אַפילו אין אָט־דער אינדוסטריעלער „רויטער" אַרבעטער־שטאָט, וואָס אין אַלגעמיין איז מען דאָרט ניט אַזוי שטאַרק מקפּיד אויף דער רעליגיעזער זייט פון שבת, יעדנפאַלס ווייניקער ווי אין ירושלים און אַפילו ווי אין תל־אָביב. שבת אַלס דער רו־טאָג איז שטאַרק קאָנטיק אין חיפה. אַלע געשעפטן און פאַבריקן אַרבעטן ניט און זיינען געשלאָסן. דער שטאָט־פּאַרקער איז דאָרט ניט אָפּגעשטעלט, אַזוי ווי אין ירושלים און תל־אָביב, אָבער פונ־דעסטוועגן איז די באַוועגונג אַ סך שטילער. דאָ און דאָרט באַמערקט מען אידן גיין דאַווענען, און אַלץ איז רואיק, שבת׳דיק...

אָבער מיר, דעלעגאַטן־טוריסטן, וואָס זיינען אַזוי נייגעריק אַלץ צו זען און אַריינכאַפּן אַזוי פיל ווי נאָר מעגלעך — פאַר אונז איז שבת אויך ניט געווען קיין רו.

מיר זיינען אויפגעשטאַנען פרי, אַזוי ווי יעדן טאָג, און אין אונזער עס־צימער אין האָטעל, וואָס איז געווען ספּעציעל רעזערווירט פאַר אונזער דעלעגאַציע פאַר דער גאַנצער צייט וואָס מיר האָבן געדאַרפט זיין אין חיפה, איז אונז גלייך סערווירט געוואָרן פרישטיק. און איידער נאָך מיר האָבן אָפּגעגעסן, האָבן מיר געקראָגן אַ זייער אָנגענעמען סורפּריז: אבא חושי, דער מעיאָר פון חיפה, איז געקומען צו אונז און האָט אונז איינגעלאַדן צו מאַכן מיט אים אַ שפּאַציר אויפן כרמל און באַזוכן דאָרט אַ דרוזן־שבט. אגב, די דרוזן זאָגן, אַז זיי זיינען מיט אונז שטיקלעך מחותנים, ווייל זיי שטאַמען אַרויס פון יתרו, משה רבינו׳ס שווער...

און אַז דער מעיאָר, חבר אבא חושי, לאַדט־איין, זיינען, נאַטירלעך, דאָ געווען בעלנים. דער גרעסטער טייל פון אונז האָט מיט באַגייסטערונג אָנגענומען די איינלאַדונג. נאָר אַ קליינער טייל מענער האָט פאָרגעצויגן צו גיין אין די בתי־מדרשים און זען ווי מען דאַוונט אין חיפה.

האָבן מיר זיך ווידער אויסגעזעצט אין דעם אויטאָבוס פון „תיור־וטיול", וועלכער איז אַלע מאָל געשטאַנען גרייט פאַר אונז, און זיינען אַרויפגעפאָרן אויף דעם שפּיץ כרמל, בעסער געזאָגט, אויף דעם „דאַך" פון הר־הכרמל, און דאָרט דורך שמאָלע, ניט געפּלאַסטערטע וועגן האָבן מיר זיך

פאַרנומען צום דרוזישן דאָרף, וועלכער געפינט זיך אויף דעם העכסטן פּונקט פון באַרג און איז ווייט, אַן ערך אַ האַלבע שעה פאָרן פון דער שטאָט חיפה. דאָס איז געווען דער דרוזן־דאָרף „איסיפיע".

אָבער איידער מיר זיינען צוגעקומען צום דאָרף, האָבן אבא חושי און זיין געהילף אונז געבעטן אַ פּאָר מאָל זיך אָפּצושטעלן, אַרויסגיין פון אויטאָ־בוס און באַטראַכטן די סביבה, די שיינע לאַנדשאַפט, די אַרומיקע בערג און די טאָלן. דאָס איז אַ גראַנדיעזע לאַנדשאַפט וואָס פאַרכאַפּט ממש דאָס אויג און איז ווירקלעך אַן אוצר פאַר פאָטאָגראַפיסטן און מאָלער.

אויסער דעם וואָס אבא חושי האָט אונז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געוואָלט ווייזן די שיינקייט פון כרמל און פון דער געגנט, האָט ער אונז, ווייזט אויס, געוואָלט ווייזן די פּלענער מיט וועלכע ער טראָגט זיך אַרום, צו מאַכן די שטאָט אָנציענדיק פאַר טוריסטן, אַז זיי זאָלן וועלן קומען פאַרברענגען זייער וואַקאַציע אין חיפה.

ער האָט אָנגעוויזן אויף אַ געוויסן שטח לאַנד, וועלכער באַלאַנגט צו דער שטאָט, וואו מען וואָלט געדאַרפט, לויט זיין מיינונג, בויען קינדער־קעמפּס אויף זומער, און אידישע עלטערן אין אַמעריקע זאָלן שיקן זייערע קינדער אויף זומער־וואַקאַציעס אין די קעמפּס אויפן כרמל. אויף דעם פּלאַץ איז אַן אויסערגעוויינלעכע ריינע און קלאָרע לופט, און דאָרט איז באמת געווען קיל אַפילו אין דער ברענענדיקער זומער־היץ ווען מיר זיינען דאָרט געווען.

אבא חושי איז פעסט איבערצייגט, אַז דאָס איז מעגלעך. ביי היינטיקער קאָמוניקאַציע, ווען אין 30 שעה פליען קען מען מיט אַן עראָפּלאַן קומען קיין אַמעריקע, וואָלט אַזאַ זאַך געקענט צושטאַנד־קומען. ער, אונזער אבא חושי, ווי אויך אַנדערע פירנדיקע חברים אין ישראל, וואָלטן זייער וועלן, אַז אַמעריקאַנער אידישע קינדער זאָלן פאַרברענגען אַ שטיקל צייט אין ישראל, זיך באַקאָנען מיט דעם לעבן, זיטן און שפּראַך, כדי זיי זאָלן ניט פאַרפרעמדט ווערן פון אידישן פאָלק. דאָס איז ניט קיין נייער שטרעבן פון די וואָס לעבן אין ישראל. זיי רעדן דערפון ביי יעדער געלעגנהייט. מיר הערן אַלע מאָל דעם רוף: „שיקט אונז אייערע קינדער!" אָבער דאָ האָבן מיר געזען, אַז דאָס זיינען ניט בלויז רייד. און אַזאַ רעאַליסט און פּראַקטי־שער מענטש ווי אבא חושי, האָט שוין אַפילו אויסגעקליבן אַ פּלאַץ פאַר אַזאַ אונטערנעמונג.

מוז איך זיך מודה זיין, אַז ווי איך האָב ניט געוואָלט זיין ברוטאַל און צעשטערן אַזאַ שיינע פאַנטאַזיע וואָס ווערט געפּלאַנט אין דעם מעיאָרס מוח, האָב איך פונדעסטוועגן אים געזאָגט, אַז עס גלויבט זיך מיר ניט, אַז אַמעריקאַנער אידישע עלטערן וועלן שיקן זייערע קינדער אין קעמפּס וואָס געפינען זיך 6,000 מייל ווייט פון זיי. ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די קינדער וועלן האָבן גוטע אויפזיכט און אַלץ וואָס מען דאַרף האָבן אָפּצוהיטן זייער געזונט, וועט עס זיין זייער אַ שווערער ענין צו באַוועגן אַמעריקאַנער אידישע עלטערן זיי זאָלן דאָס טאָן.

קיינער קען ניט לייקענען, אַז קלימאַטיש איז דאָס דער בעסטער פּלאַץ צו פאַרברענגען אין ישראל. אָבער עס זעט אויס, אַז אַ גרויסער האָטעל פאַר אַמעריקאַנער טוריסטן, מיט אַ שווים־באַסעין און אַפילו מיט אַ גאָלף־קאָורט, וואָלט זיך דאָרט בעסער באַצאָלט, ווייל עס וואָלטן געווען מער בעלנים אויף דעם.

אָבער דער וויכוח איז בלויז געווען בדרך־אגב. דער מעיאָר פאַרפעלט קיינמאָל ניט צו ריידן מיט אַמעריקאַנער פון אינוועסטירונגען און אונטער־נעמונגען, האָט ער געוואָלט ווייזן מעגלעכקייטן.

מיר האָבן פאַרגעזעצט אונזער רייזע. פאַר אונזער גרויסן אויטאָבוס איז געפאָרן דעם מעיאָרס אויטאָמאָביל צו ווייזן דעם וועג.

דערנענטערנדיק זיך צום דרוזישן דאָרף, האָבן מיר געזען אַרום אונז זייערע פעלדער און גערטנער און ווי זיי דרעשן זייער תבואה. אבא חושי האָט אונז דערציילט, אַז אין דער געגנט זיינען דאָ צוויי דרוזישע דערפער, און יעדעס מאָל וואָס ער קומט באַזוכן די דרוזן, קאָנקורירן ביידע מוכטאַרן (עלטסטע) פון די דערפער צווישן זיך און יעדער פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל זיין דער גאַסט פון זיין דאָרף. דאָס מאָל זיינען מיר געפאָרן צום דאָרף „איסיפיע", וואָס האָט אומגעפער 2,000 איינוואוינער, מערסטנס דרוזן.

עס איז אַפילו געווען ניט גאָר קיין לייכטע רייזע פאַר אונזער גרויסן און שווערן אויטאָבוס, וואָס האָט געמוזט קריכן אויף די בערגלעך אין שמאָלע און ניט־איבעריק ריינע געסלעך פון דאָרף, ביז מיר זיינען צוגעקומען צו דעם גרויסן הויז וואו עס וואוינט דער מוכטאַר.

עס ווערט אָנגעגעבן, אַז די דרוזן האָבן איינגעוואַנדערט אין ארץ־ישראל אין דעם 17טן יאָרהונדערט און האָבן זיך באַזעצט אויף דעם כרמל־באַרג.

עס זיינען אַמאָל געווען דאָרט גאַנצע אַכט דרוזישע דערפער, אָבער ביז היינט זיינען פאַרבליבן בלויז צוויי. זיי האַלטן זיך ניט פאַר אַראַבער. זיי זאָגן, אַז זיי שטאַמען פון אַן אַנדער ראַסע, פון פעלקער וועלכע זיינען געקומען אין מיטעלן מזרח פון קאַווקאַז. זייער רעליגיע איז אַ מאַכמעדאַנישע, עטוואָס ענלעך צו דער „שיע"־סעקטע.

די איינוואוינער פון דעם דאָרף „איסיפיע" זיינען מערסטנס פויערים, פאַרמערס. די הייזער זיינען ווי צונויפגערוקט איינס לעבן אַנדערן, די געס־לעך זיינען שמאָלע, אַזוי אַז די מענטשן, עופות, ציגן, שאָף און הינט זיינען אַלע צוזאַמען.

אונז האָט מען אַריינגעפירט אין דעם גרויסן הויז פון מוכטאַר, און מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אין אַ געראַמען צימער וואָס איז געווען ריין און מיט אַ גרויסן דיוואַן אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן צימער. צווישן אונז איז געזעסן אבא הושי, פאַר וועמען די דרוזן האָבן גרויס דרך־ארץ. אַ קורצע צייט זיינען מיר געזעסן שווייגנדיק, ווי עס איז דער מנהג ביי זיי. אַ היפּשע צאָל מענער (פרויען האָבן זיך ניט געוויזן, לויט זייער מנהג) האָבן זיך געפּאָרעט מיט אַריינטראָגן כיבוד פאַר אונז — געטראַנקען און פאַרשידענע פרוכטן.

דער מוכטאַר האָט אונז באַגריסט אויף אַראַביש און האָט פאַר אונז פאָרגעשטעלט זיין זון, וועלכער האָט אונז באַגריסט אין ענגליש. דער זון האָט שטודירט אין דעם העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים און קען אויך העברעאיש. זיי שטאַמען פון דער מענסואַר־פאַמיליע, און זיינען די גרעסטע לאַנד־באַזיצער פון דאָרף.

אין זיין באַגריסונגס־רעדע האָט אונז דעם מוכטאַר׳ס זון געזאָגט, אַז דאָס דרוזישע פאָלק איז אַלע מאָל פריינטלעך צו אידן, און אין דעם באַפריי־אונגס־קריג זיינען זיי געווען אויף דעם אידישן צד. די דרוזן, האָט ער דער־קלערט, זיינען צעשפּרייט אין פאַרשידענע געביטן. עס זיינען דאָ פון זיי אין סיריע, אין לבנון, און אַ באַדייטנדיקע צאָל פון זיי געפינט זיך אויך אין אַמעריקע. ער האָט באַדויערט וואָס די וועלט ווייסט ווייניק פון זייער לעבן, זיטן און רעליגיע. עס זיינען יאָ דאָ אייניקע ביכער וועגן זיי, אָבער אויך דאָרט זיינען די געשילדערטע פאַקטן ניט גאַנץ ריכטיק.

אין דער צייט, וואָס מיר זיינען געזעסן אין דעם מוכטאַר׳ס גרויסן צימער און זיינע לאַנדסלייט האָבן זיך מתעסק געווען מיט דעם כיבוד פאַר

אונז, איז יעדע פּאָר מינוט צוגעגאַנגען אַן אַנדער דרוז צו אבא חושי און זיך מיט אים שטילערהייט דורכגערעדט. זיי באַטראַכטן אים פאַר זייער איבערגעגעבענעם פריינט און פּאָטער. אין דער צייט פון קריג, ווען די ענגלענדער — איידער זיי האָבן זיך פון ארץ־ישראל צוריקגעצויגן — האָבן געזוכט אבא חושי אים צו אַרעסטירן, האָבן די איסיפיער דרוזן אים באַהאַלטן און געשיצט. זיי אַליין זיינען געבליבן נייטראַל־סימפּאַטיש צום אידישן צד. דורך דעם איז אויסגעהיט געוואָרן דער עמק, ווייל פון זייער הויכן פּונקט וואָלט מען געקענט איבערשניידן די ליניעס פון דאָרט צו דער שטאָט חיפה.

אַזוי ווי אַנדערע שטעט און דערפער אונטער דער ממשלה פון ישראל, הויבן אויך אָן די דרוזן צו קריגן אַריינגעפירט עלעקטריציטעט פאַר זייערע הייזער.

אונזער באַזוך ביי די דאָזיקע גאַסט־פריינטלעכע מענטשן האָט זיך גע־ענדיקט מיט אונזער באַדאַנקען זיי פאַר דער אויפנאַמע און מיט נעמען אַ סך פאָטאָגראַפישע בילדער פון דעם אַלטן מוכטאַר, פון זיין זון און פון אַנדערע דרוזן וואָס זיינען געווען אַרום אונז. מיר האָבן דורכגעשפּאַצירט זייער דאָרף און באַזוכט זייערע געבעט־הייזער, און זיינען צוריקגעפאָרן אין האָטעל „מגידו".

***

אָפּגעגעסן מיטאָג און אַביסל זיך אָפּגערוט, האָבן מיר, אַ קלענערע גרופּע פון דער דעלעגאַציע, מיט אונזער סעקרעטאַר פייגענבוים בראש, באַזוכט די היים פון די חושי׳ס. עס איז שוין כמעט אַ טראַדיציע, אַז ווען אַ הסתדרות־דעלעגאַציע פון אַמעריקע געפינט זיך אין חיפה אין אַ שבת, זאָל מען קומען צו די גאַסט־פריינטלעכע הושי׳ס, און דאָס מאָל איז, נאַטירלעך, ניט געווען קיין אויסנאַם.

די חושי׳ס וואוינען אין אַ זייער באַשיידענעם, ניט גאַנץ־געראַמען אַפּאַרטמענט אויף דעם הדר־הכרמל, און מיר האָבן זיך ווי־עס־איז געמיטלט און האָבן פאַרבראַכט אַ פּאָר אָנגענעמע שעה מיט אבא און זיין פרוי, חנה חושי. זיי זיינען צוויי ליבנסווירדיקע, אינטעליגענטע מענטשן, וואָס האָבן געווידמעט זייער גאַנצן לעבן פאַר דעם אויפבוי־ווערק פון דער אידישער מדינה.

אָט־דעם אויפבוי־ווערק בכלל און חיפה בפרט דינען זיי מיט יעדן חוש

און נערוו, מיט דער גאַנצער אומדערשעפּלעכער ענערגיע וואָס דער מענטש חושי פֿאַרמאָגט. ער האָט צו אונז גערעדט, ווי מען זאָגט ביי אונז אין אַמע־ריקע, „אָוו דהי רעקאָרד״, און דערציילט אַ סך אינטערעסאַנטע מאָמענטן, וואָס ער האָט בייגעוואוינט אינעם קריג און אין די פֿאַרשידענע סטאַדיעס פֿון דער גרויסער אַרבעט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף ביטערע פּראָב־לעמען וואָס שטייען איצט פֿאַר דער מדינה דורך דעם וואָס עס האָט זיך געענדערט די פּאָליסי פֿון סטעיט־דעפּאַרטמענט לגבי מדינת ישראל.

מיר האָבן פֿאַרבראַכט ביי די חושי׳ס ביז עס איז געוואָרן טונקל, און האָבן זיך האַרציק געזעגנט און געוואונטשן זיך נאָך און נאָך מיט זיי צו באַגעגענען.



# אַ באַזוך אויף דער שיף „ארצה" אין האַפן פון חיפה

זונטיק, דעם 2טן אויגוסט, האָבן מיר זיך שוין געגרייט צו פאַרלאָזן חיפה. עס איז אונז נאָך פאַרבליבן צו באַזוכן דעם חיפה׳ער האַפן — דער וויכטיקסטער נאַוויגאַציע־פּונקט פון מדינת ישראל. די מיטגלידער פון אונזער דעלעגאַציע, וואָס האָבן דעם האַפן נאָך ניט געזען (מיר זיינען אָנגעקומען קיין ישראל מיט אַן עראָפּלאַן) זיינען געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אַהין צו גיין, ווייל זיי האָבן אַזוי פיל געהערט ריידן פון אָט־דעם פּאָרט, וואָס רעכנט זיך אַלס דער בעסטער אין מיטעלן מזרח. איך אַליין בין אויך געווען נייגעריק צו זען ווי דער האַפן זעט איצט אויס, וועלכע נייע אינסטאַלאַציעס און אויסברייטערונגען עס זיינען אין דער צייט געמאַכט געוואָרן, זינט איך בין פאַר צוויי־יאָרן דאָרט געווען מיט דער דריטער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע.

מיר האָבן באַדאַרפט באַלד אין דער פרי דערליידיקן אַלע אונזערע רעכע־נונגען מיט דעם האָטעל „מגידו" און צוגרייטן אונזער באַגאַזש, ווייל עס איז געווען באַשטימט, אַז מיר זאָלן זיך מער ניט צוריקקערן אין האָטעל, נאָר גלייך נאָך דעם באַזוך אין האַפן זאָלן מיר גלייך פאָרן קיין צפת, וואו מיר האָבן געדאַרפט פאַרברענגען אַ פּאָר טעג.

אַלס אונזער פירער און וועג־וויַיזער אין פּאָרט, אויסער די שטענדיקע „גאַידס", איז באַשטימט געוואָרן דער מזכיר פון דער הסתדרות אין חיפה, יוסף אלמוגי — אַ ליבער חבר, וועלכן די מערסטע פון אונזער דעלעגאַציע האָבן געקענט פון זיין באַזוך אין אַמעריקע מיט ניין מאָנאַטן צוריק.

חבר אַלמוגי און נאָך אַ חבר, אַ פאָרשטייער פון פּאָרט, האָבן אונז אין קורצן איבערגעגעבן אַביסל געשיכטע פון אָט־דעם זייער וויכטיקן האַפן פון לאַנד נאָך איידער זיי האָבן אונז גענומען אין אַ מאָטאָר־שיפל צו מאַכן אַ טור אין די וואַסערן אין און אַרום דעם פּאָרט. זיי האָבן אָנגעדייטעט, אַז ביז דעם באַפרייאונגס־קריג — ווען דער האַפן איז געווען אונטער דער הערשאַפט פון דער בריטישער מאַנדאַטן־מאַכט — זיינען דאָרט די אַרבעטער געווען מערסטנס אַראַבער. אידישע אַרבעטער זיינען זייער ניט גערן אָנגענומען

געוואָרן אין פּאָרט, און דער אידישער ישוב אין ארץ־ישראל האָט די גאַנצע צייט געמוזט פירן אַ קאַמף פאַר רעכט פאַר אידן צו אַרבעטן אין האַפן. איצט אַרבעטן דאָרט מערסטנס אידן — איבער 4,000 אידישע אַרבעטער, פון טרעגער ביז פּילאָטן — מיט איין וואָרט, זיי זיינען באַשעפטיקט ביי אַלע אַרבעטן וואָס זיינען דאָ אין אַ האַפן.

דער חיפה׳ער פּאָרט רעכנט זיך ווי דער גרעסטער און מאָדערנסטער איינגעריכטעטער אין די מזרח־מיטללענדישע וואַסערן. דער ישראל׳דיקער האַפן אין יפו און אויך דער גאָר נייער האַפן אין תל־אביב זיינען בלויז הילפס־האַפנס. די שיפן וואָס גייען קיין ישראל קומען מערסטנס קיין חיפה.

ניט לאַנג צוריק האָט די פאַרוואַלטונג פון פּאָרט פאַרענדיקט אַ גרויסן פּראָיעקט, וואָס גיט דעם האַפן מער מעגלעכקייט אַריינצונעמען אַ גרעסערע צאָל שיפן. פון ספּעציעלער וויכטיקייט איז אויך דאָס וואָס מען וועט שנעלער און בעסער קענען אָנלאָדן די ישראל׳דיקע ציטרוס־פּרוכטן פאַר עקספּאָרט. דאָס איז דערמעגלעכט געוואָרן דורך אַ פּאַסנדיקער פאַרבינדונג פון דעם קישון־טייך מיט די וואַסערן פון האַפן.

דער חבר יוסף אלמוגי און דער פאָרשטייער פון פּאָרט האָבן געוואָלט, אַז מיר זאָלן גוט באַטראַכטן אַלץ וואָס דער האַפן פאַרמאָגט, ניט נאָר די געביידעס און אינסטאַלאַציעס אין דעם האַפן גופא, נאָר אויך די וואַסערן אַרום. האָבן זיי אונז גענומען אויף אַ מאָטאָר־שיפל און אַרומגעפירט צווישן די גרויסע פּראַכט־ און האַנדלס־שיפן, וועלכע זיינען געשטאַנען געאַנקערט אין פּאָרט — שיפן פון פאַרשידענע לענדער אין אייראָפּע און אַמעריקע. צווישן אַנדערע איז געשטאַנען אַ גרויסע אויל־שיף (טענקער) פון ווענעזועלאַ, וואָס האָט אויסגעפּאָמפּעט ניט־ראַפינירטן אויל דורך אַ רער צו איינעם פון די ראַפינעריעס, וואָס געפינען זיך ניט ווייט פון האַפן.

דאָס איז נאַטירלעך ניט קיין נייעס און אוודאי ניט קיין וואונדער פאַר אַמעריקאַנער טוריסטן. גרעסערע האַפנס און מער געאַנקערטע שיפן זעט מען ביי יעדער האַפן־שטאָט אין אַמעריקע. וואָס ס׳איז יאָ אַ נייעס און קען באַטראַכט ווערן פאַר טאַקע אַ גרויס וואונדער, איז ווען מען זעט געאַנקערטע שיפן, וואָס אויף זיי פלאַטערן ווייס־בלויע מגן דוד פאָנען און אויף זייערע זייטן זיינען אָנגעשריבן מיט גרויסע פיר־קאַנטיקע אותיות: „ירושלים״, „גלילה״, „ארצה״, א. ד. גל.

די יעניקע פון אונזערע דעלעגאַטן וואָס האָבן דאָס צום ערשטן מאָל

געזען, זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן פּאַר פרייד. זיי האָבן זיך ניט געקענט אָפּ־וואונדערן און האָבן געהאַלטן אין איין ריידן פון דעם נס וואָס האָט דאָס אַלץ באַשאַפן אין אַזאַ קורצער צייט...

אונזער פרייד איז געוואָרן נאָך גרעסער, ווען נאָך דעם ווי מיר האָבן געענדיקט אונזער שפּאַציר אין די וואַסערן פון פּאָרט, האָט מען אונז מודיע געווען, אַז צו מיטאָג וועלן מיר זיין די געסט פון דער שיף „ארצה", וועלכע איז געשטאַנען געאַנקערט אין חיפה׳ער פּאָרט, גרייטנדיק זיך אָפּצופאָרן קיין מאַרסעי, פראַנקרייך.

אָבער איידער איך דערצייל פון דעם אינטערעסאַנטן „לאַנטשאָן", וואָס די מאַנשאַפט פון דער שיף „ארצה" האָט אונז סערווירט, איז כדאי, כאָטש אין קורצן, צו געבן אַ שטיקל אינפאָרמאַציע און אַ פּאָר ציפערן וועגן דער שיפס־געזעלשאַפט „צים", וואָס די „ארצה" איז איינע פון איר האַנדלס־פלאָט.

דער ישראל׳דיקער האַנדלס־פלאָט בכלל איז אַנטשטאַנען ממש איבער נאַכט, אַלס אַ רעזולטאַט פון די נויטן פון דער געשאַפענער מדינה. דער אידישער ישוב אין ארץ־ישראל אונטער דער בריטישער הערשאַפט, האָט קיין אייגענעם האַנדלס־פלאָט אָדער פּאַסאַזשיר־שיפן ניט געהאַט. ביי די דעמאָל־טיקע אומשטענדן האָבן די פרעמדע שיפס־געזעלשאַפטן געהאַלטן אין זייערע הענט דעם טראַנספּאָרט צו און פון ארץ־ישראל, און די פּרואוון וואָס זיינען דאַן געמאַכט געוואָרן צו גרינדן ארץ־ישראל׳דיקע שיפס־געזעלשאַפטן האָבן זיך געענדיקט מיט אַ דורכפאַל אָדער האָבן געמאַכט גאַנץ קליינע דערגריי־כונגען. ווען די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיקט איז שוין פון די לאָקאַלע שיפּס־געזעלשאַפטן גאָרניט געווען. אָבער ווי זאָגט דאָס אידישע ווערטל: נויט ברעכט אייזן; מיט דעם אויסברוך פון דעם באַפרייאונגס־קריג, ווען דער ישוב איז פאַרבלאָקאַדירט געוואָרן דורך די אַראַבישע שכנישע לענדער, זיינען געווען אַ פּאָר הגנה־שיפלעך וואָס פלעגן זיך ווי עס איז דורכ׳גנב׳ענען דורך דער בלאָקאַדע און אַריינפירן געווער אָדער נויטיקע מאַטעריאַלן אין לאַנד. קומען אין די ישראל׳דיקע וואַסערן אָפן, האָבן דאַן געמעגט נאָר די געטשאַרטערטע אַמעריקאַנער און אַנדערע שיפן. די שוועריקייטן דאָס צו טאָן אין יענער צייט און די מיטלען וואָס מען האָט געדאַרפט אָנווענדן דערביי, זיינען אַ באַזונדער זייער אינטערעסאַנטער קאַפּיטל, וואָס וועט מסתמא אַמאָל נאָך דערציילט ווערן.

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, זיינען די געטשאַרטערטע שיפן

צוביסלעך איבערגעגאַנגען אין דעם רשות פון ישראל'דיקע שיפס־געזעלשאַפטן.

די גרעסטע שיפס־געזעלשאַפט אין ישראל איז „צים". זי איז דאָס אייגנ־טום פון דער הסתדרות, פון דער אידישער אַגענץ און פון דער ישראל האַנדלס־ליגע (חבל ימי לישראל). אירע פּאַסאַזשיר־ און פראַכט־שיפן גייען צווישן חיפה און גענואַ, מאַרסעי, באַרי, ווענעציע און טריפּאָלי. „צים'ס" פראַכט־שיפן גייען אויך אין צפון־ים צו די באַלטישע פּאָרטן. זי האָט אויך פיר קליינע שיפן וואָס גייען צווישן חיפה און ציפּערן, גריכנלאַנד און טערקיי. ניט לאַנג האָט די געזעלשאַפט אויך אָנגעהויבן אַ פּאַרקער פון פראַכט־שיפן צווישן ישראל און אַפריקע, פון וואַנען ישראל טראַנספּאָרטירט קלעצער פאַר דער ווענעיר־האָלץ פּאַבריקאַציע וואָס אַנטוויקלט זיך איצט אין לאַנד. די געזעלשאַפט „שהם, מאריטיים סוירוויס לימיטעד" איז די אַגענץ פון „צים" פאַר אירע אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנער ליניעס, און אין אַמעריקע איז געשאַפן געוואָרן די „ישראל־אַמעריקע לאַין" אַלס די אַגענץ פון „צים". זיבן פראַכט־שיפן פון דער געזעלשאַפט גייען צווישן די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע — און חיפה. „צים" בויט איצט אַ גרויסע 25000־טאָניקע פּאַסאַזשיר־שיף וואָס וועט גיין צווישן ישראל און אַמעריקע, נאָכדעם ווי די פּאַסאַזשיר־שיף „ירושלים" האָט שוין אָנגעהויבן גיין אויף דער ליניע.

אין גאַנצן פאַרמאָגט איצט די שיפס־געזעלשאַפט „צים" 25 שיפן, פון זיי זיינען פינף פראַכט־שיפן מיט מאָדערנער עלעקטרישער ווענטילאַציע אויף צו עקספּאָרטירן ישראל'דיקע ציטרוס־פּרוכטן. אירע רווחים און אויך נייע אינוועסטיציעס פאַרווענדט די געזעלשאַפט אויף צו קויפן און בויען נייע מאָדערנע שיפן, כדי ביסלעכוויז צו פאַרבייטן די אַלטע און אָפּגענוצטע שיפן פון זייער פלאָט.

די אַלע פאַקטן און ציפערן קלינגען פאַנטאַסטיש ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז ערשט מיט פינף יאָר צוריק האָט ישראל ניט געהאַט כמעט קיין סימן פון אַ האַנדלס־פלאָט, ווער רעדט שוין פון טרענירטע מאַנשאַפטן, קאַפּיטאַנען, מאַטראָסן א. אַ. וו.

דערפאַר זיינען מיר פשוט געווען פאַרגאַפט און מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם, מיט נשמה־פלאַטערן, האָבן מיר באַטראַכט די מאַנשאַפט פון דער שיף „ארצה", ווען מיר אַלע זיינען אַרויף אויף אָט־דער שיף און זיך אויסגעזעצט אויף דעם אויבערשטן דעק.

די שיף „ארצה" וואָס גייט צווישן חיפה און מאַרסעי, איז אַ קאָמבינאַציע

פון פּראַכט־ און פּאַסאַזשיר־שיף. זי האָט פיל געדינט אין איבערפירן די מאַסן עולים, וועלכע האָבן געשטראָמט קיין ישראל אין די ערשטע פּאָר יאָר נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה.

מען האָט אונז מכבד געווען קודם־כל מיט אַ קאַלטן טרונק, מיט זאַפט פון ציטרוס־פּרוכט, און דערנאָך זיינען מיר אַלע אַראָפּגעגאַנגען אין עס־צימער פון שיף, וואו עס איז אונז סערווירט געוואָרן זייער אַ געשמאַקער מיטאָג מיט קאַלטן, גוטן ארץ־ישראל וויין.

די העכערע באַאַמטע פון שיף, דער קאַפּיטאַן און אָפיצירן, האָבן געגעסן צוזאַמען מיט אונז, ווי אויך אַ פאַרטרעטער פון דעם „צים"־געזעלשאַפט, חבר צבי יחיאלי.

נאָך דעם ווי מיר האָבן געשטילט אונזער הונגער מיט דעם זייער געשמאַקן מאַלצייט, האָבן מיר אַלע אויסגעגאָסן אונזער פרייד זינגענדיק הויך ארץ־ישראל לידער. עס איז געווען אַ פרייד צו זיין אין אַ אידישן פּאָרט, אויף אַ אידישער שיף, מיט אַ אידישער מאַנשאַפט און בכלל אין אַ אידישער אַטמאָספערע...

חבר יוסף אלמוגי האָט אונז באַגריסט און האָט באַטאָנט, אַז אָט־דער כמעט אומגלויבלעכער פּראָגרעס, וואָס איז געמאַכט געוואָרן ניט קוקנדיק אויף די אַלע שוועריקייטן וואָס די מדינה האָט פאַר זיך געהאַט און אויף די אומגעהויערע פּראָבלעמען וועלכע דאַרפן נאָך געלייזט ווערן, איז געווען מעגלעך אַ דאַנק דער אייניקייט פון די ישראל־אַרבעטער און אַ דאַנק דער הילף פון די אידישע פאָלקס־מאַסן אין אַמעריקע.

אין נאָמען פון דער געזעלשאַפט „צים" און פון „שהם" האָט אונז באַגריסט צבי יחיאלי. ער האָט געזאָגט: „מיר האָבן אָנגעהויבן אונזער נאַוויגאַציע־אַרבעט אין דער לאַגע פון קאָנטראַבאַנדיסטן, פון ,שמוגלען' אידן קיין ארץ־ישראל. אָבער איצט איז דאָס אַ פאַרגאַנגענהייט. היינט האָבן מיר אַנדערע אויפגאַבן. און מיר קענען זיך ניט באַנוגענען מיט דעם וואָס מיר האָבן דערגרייכט — מיר מוזן האָבן אַ סך מער... מיר בויען שיפן, וועלכע זאָלן גיין אויף דעם אַטלאַנטישן ים און קומען פון אַמעריקע קיין ישראל אין אייניקע טעג. די שיפן דאַרפן זיין גרויסע און מיט די מאָדערנסטע באַקוועמ־לעכקייטן, אַז זיי זאָלן צופרידנשטעלן אַמעריקאַנער טוריסטן. דאָס איז איצט אונזער שטרעבן און אויפגאַבע. מיר ווילן, אַז אונזער מדינה זאָל זיין אומ־אָפּהענגיק און זאָל זיך קענען פאַרטיידיקן אין אַן עת־צרה..."

אַלס פּאָרזיצער פון דער דעלעגאַציע האָב איך אויסגעדריקט אונזער האַרציקן דאַנק פאַר דער חבר'שער אויפנאַמע און פיינעם מאָלצייט, און פאַר דער אויסערגעוויינלעכער געלעגנהייט וואָס איז אונז דאָ געגעבן געוואָרן זיך צו באַקענען מיט דער אַרבעט פון די שיפס־געזעלשאַפטן. צו זען די אידישע מאַנשאַפט ווי זי איז טיכטיק באַשעפטיקט אַלס מאַטראָסן, סטיואַרדס, קוכער, מעכאַניקער א. אַ. וו., איז געווען פאַר אונז אַ גרויס פאַרגעניגן. מען קען זיך ניט אָפּוואונדערן פון די ריזיקע דערגרייכונגען, ווייסנדיק אַז דאָס איז אָרגאַניזירט און טרענירט געוואָרן אין משך פון אַזאַ קורצער צייט — מיר זיינען אַלע דורכגעדרונגען געוואָרן מיט רעספּעקט און אָנערקענונג פאַר אָט־דעם פּיאָנערישן אויפטו. אויך די אידישע געשיכטע און די קומענדיקע אידישע דורות וועלן זיכער וויסן דעם ווערק אָפּצושאַצן.

ווען מיר זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט דער אויסערגעוויינלעך־פיינער און אינטערעסאַנטער אויפנאַמע, איז שוין געווען שפּעט נאָך מיטאָג. מיר האָבן זיך געזעגנט מיט דער מאַנשאַפט פון שיף און מיט די חברים אלמוגי און יחיאלי, און מיר זיינען אַראָפּ פון שיף כדי צו פאָרן קיין צפת אין גליל העליון.



# אויפן וועג פון חיפה קיין צפת

מיט זייער גערן האָט אונזער דעלעגאַציע פאַרלאָזן חיפה. די גאַסטפריינט־לעכקייט פון די חברים, די פאַרשידענע באַגעגענישן מיט חבר אבא חושי, דער מעיאָר פון חיפה, מיט יוסף אלמוגי, דוד הכהן און אַנדערע; דער באַזוך אין האַפן און די אויפנאַמע אויף דער שיף „ארצה" — האָבן זיך איינגעקריצט אין אונזערע מוחות, אַזוי אַז יעדער איינער פון אונז האָט זיך שטילערהייט געוואונטשן נאָך אַמאָל אין דער גאָר נאָענטער צוקונפט צו באַזוכן חיפה.

די שטרעקע פון חיפה קיין צפת איז ניט קיין גרויסע, סך הכל 47 מייל, און געוויינלעך, אַפילו לויט דעם ישראל׳דיקן מצב פון וועגן, וואָלט די רייזע ניט געדאַרפט געדויערן מער ווי אַ פּאָר שעה. דאָס איז אָבער גערעדט ווען מען פאָרט אויף גלייכע וועגן און ניט אויף די בערג, ספּעציעל אין די געדרייטע און געשלענגלטע בערג פון דעם אויבערשטן גליל. איבער די וועגן פון גליל מוז מען פאָרן מיט אַ קלענערן אימפּעט און פאָרזיכטיק, ווייל דער וועג איז אויף אַזוינע משופּע׳דיקע בערג, אַז עס דאַכט זיך, אַז אָט־אָט וועט זיך דער אויטאָבוס אָדער אויטאָמאָביל אין וועלכן איר פאָרט אַראָפּ־קייקלען ערגעץ אין די אָפּגרונטן...

דערפאַר אָבער איז די רייזע צווישן אַזאַ לאַנדשאַפט גוואַלדיק אינטע־רעסאַנט. דער לויטערער, בלויער הימל, די בערג אַרום מיט זייערע ציגל־ברוינלעכע קאָלירן זעטיקט דאָס אויג מיט אַ קאָמבינאַציע פון פאַרבן, וואָס איז אייגנאַרטיק, אַנדערש ווי וואָס איר האָט ווען געזען. איר קריגט דאָס געפיל, אַז איר זעט דעם אָנהויב פון נאַטור־באַשאַפונג, איר ערשטע מייסטער־ווערק, וואָס איז אפשר טויזנטער אָדער מיליאָנען יאָרן אַלט... אַ לאַנדשאַפט אַ פאַרגעסענע, אַ פאַרלאָזענע פון דורות. נאָר איצט זיינען געקומען מענטשן דאָס אָפּפרישן און זיך קוויקן מיט דער רייצנדיקער שיינקייט.

פאָרנדיק מיילנווייז בייט זיך די אומגעגנט און די פּאַנאָראַמע, אָנהויבנדיק פון דער מזרח׳דיקער זייט פון עמק־זבולון דורך רמת־יוחנן. דאָרט באַהעפט זיך דער וועג מיט דעם חיפה־שאָסעי, וואָס פירט קיין צפת, נעבן אַ נייעם מושב, וואָס באַשעפטיקט זיך הויפּטזעכלעך מיט באַאַרבעטן פאַרשידענע פרוכט־ביימער. דאָ שניידט דער הויפּט־וועג דורך די בערג פון גליל.

פוןביידע זייטן בערג זעען זיך דאָ אַ סך אַראַבישע דערפער, וועלכע

האָבן כמעט אַלע דעם זעלבן אויסזען. די אַראַבער לעבן פון זייערע סעדער, פון אָליווּ־ (איילבירטן)ביימער און ווייַנגערטנער, וואָס זיינען פאַרזייט פוןביידע זייטן פון די בערג. די מערסטע גליל'ער בערג זיינען שטיינערדיק; קרייד־שטיינער זיינען דאָ צעזייט און צעשפּרייט מיט דער פולער האַנט, און עס איז פאַראַן אַ גרויסער ספק צי אויף זיי קען עפּעס וואַקסן. אָבער דאָ און דאָרט געפינט מען אויך אַביסל מער פרוכטבאַרן באָדן, און אויף אַזאַ באָדן, דערציילן אונז די „גאַידס", וואַקסן אויסגעצייכנט אַלערליי פרוכטן.

די גליל'ער בערג קריגן מער רעגן דורך דעם יאָר ווי אַנדערע פּונקטן אין ישראל. איז אָבער די צרה, אַז דער רעגן טרייבט אַראָפּ די פלאַכן פון דער ערד, וואָס איז פרוכטבאַר און מאַכט די ערד אומפּעאיק פאַר אַגרי־קולטור. די אַראַבער פּרוּאוון צו לייזן דעם פּראָבלעם מיט דעם וואָס זיי מאַכן טעראַסן צו פאַרהאַלטן די פרוכטבאַרע ערד, זי זאָל ניט אַראָפּגעשאַרט ווערן פון רעגן. אויך די איילבירטן־בוימער מיט זייערע טיפע וואָרצלען זיינען אַ מיטל קעגן אַראָפּשווענקונג פון די ערד־פלאַכן.

פאָרנדיק אין די גליל'ער בערג און באַטראַכטנדיק די לאַנדשאַפט אַרום, וואַרפן זיך אין די אויגן אַ סך פאַרלאָזענע איילבירטן־סעדער, ביימער פאַר־טריקנטע, וואָס ווערן משמעות ניט אָפּגעהיט און גיבן שוין וואַרשיינלעך ניט קיין פרוכט. מעגלעך, אַז דאָס זיינען איילבירט־בוימער, וואָס האָבן גע־הערט צו אַראַבער, וועלכע זיינען אין צייט פון קריג אַנטלאָפן פון לאַנד. דאָס איז נאַטירלעך אַ גרויסער שאָדן פאַרן לאַנד. עס איז ווירקלעך אַ טראַגעדיע אַזוי פיל לאַנד זאָל פוסטעווען און מעגלעכקייטן פאַר פאַרמערריי אין גליל זאָלן פאַרנאַכלעסיקט ווערן; לאַנד אָן מענטשן, ספּעציעל דאָ, וואו די אַראַבער זיינען נאָך ביז היינט צו טאָג די מערהייט, פאַרנאַכלעסיקן די אידן זיך צו באַזעצן און באַפעלקערן דעם געגנט.

די איילבירטן־פּראָדוקציע היינט־צו־טאָג איז אַ סך קלענער ווי זי איז אַמאָל געווען, אָדער וואָס וואָלט געקענט זיין ווען אידישע ערד־אַרבעטער וואָלטן פאַרפלאַנצט און באַוואַסערט די איילבירטן־ביימער, וואָס דער קלימאַט איז אַזוי צוגעפּאַסט צו דעם.

איינער פון די גרויסע אַראַבישע דערפער, וואָס געפינט זיך אויף דעם וועג, רופט זיך „רמה" (ראַמאַ). דער דאָרף איז געווען און איז פאַרבליבן פריינטלעך צו די אידן בעת דעם קריג, און אַ סך פון זייערע מענער האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין פאַרטיידיקן די מדינה.

פון רמה זיינען מיר ווייטער געפאָרן. אונזערע אויטאָבוסן האָבן זיך געוואָרפן אַראָפּ און אַרויף איבער די געדרייטע וועגן פון די בערג צוקומענדיק קיין מירון, וואו עס געפינען זיך די הייליקע קברים פון רבי שמעון בן יוחאי און זיין זון רבי אלעזר. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט און אַריינגעגאַנגען אין די שטיבלעך פון דער שול, וואָס ווערט געשאַצט, אַז זי איז געבויט געוואָרן מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק.

עס ווערט אָנגעגעבן, אַז רבי שמעון בן יוחאי איז נפטר געוואָרן אין ל״ג בעומר, דעריבער קומען טויזנטער מענער, פרויען און קינדער אַלע ל״ג־בעומר קיין מירון צו טאַנצן און ערן זיין אָנדענק. ערב ל״ג־בעומר ציען זיך מאַסן אידן פון אַלע שטעט פון דער מדינה אין די גליל׳ער בערג צו זיין נעבן די הייליקע קברים. די סצענעס וואָס שפּילן זיך אָפּ אויף די וועגן אין די בערג אַרום ל״ג־בעומר צייט, איז שוין פיל מאָל באַשריבן געוואָרן אין דער אידישער פּרעסע.

דאָס איז ל״ג־בעומר. אָבער ווען מיר זיינען איצט געקומען אויף דעם פּלאַץ פון די הייליקע קברים, איז אַרום געווען שטיל און פּאַרלאָזן. אינעווייניק אין די שטיבלעך האָבן מיר געטראָפן אַ פּאָר שמשים, וועלכע זיינען גלייך שטאַרק באַשעפטיקט געוואָרן מיט צינדן ליכט און מאַכן „מי שברך׳ס״ פאַר אַ צאָל פון אונזערע דעלעגאַטן און דעלעגאַטקעס. משמעות, אַז פיל פון אונזער גרופּע האָבן ניט געקענט ביישטיין דעם נסיון פון זיין דאָ ביי אַזעלכע הייליקע קברים און ניט אָנצינדן אַ ליכטל, אַז די הייליקע נשמות זאָלן זיין גוטע בעטער פאַר זייער געזונט, פאַר זייער הצלחה.

נו, האָט קיינער ניט געהאַט דאַקעגן אַזוי לאַנג ווי זיי האָבן געפילט, אַז דאָס איז וואָס זיי ווילן טאָן. דערוויַיל האָבן די וואָס האָבן זיך ניט מתעסק געווען מיט שטעלן אָדער צינדן ליכט באַטראַכט דעם פּלאַץ, וועלכער געפינט זיך אויף אַ הויכן באַרג, פינף מייל ווייט פון דער הייליקער שטאָט צפת. עס איז שוין געווען שפּעט נאָכמיטאָג. מיר זיינען געווען דערשעפּט פון דעם גאַנצן טאָג אַרומפאָרן און אַרומגיין, האָבן מיר שטאַרק געוואָלט ענדיקן אונזער לאַנגע רייזע און קומען צו די האָטעלן וואָס זיינען פאַר אונז באַשטעלט געוואָרן פאַר די פּאָר טעג, וואָס מיר האָבן צו פאַרברענגען אין דעם געגנט. די מערסטע פון אונז זיינען איינגעשטאַנען אין די פּאַנסיאָנען אויף דעם הר־כנען, דער העכסטער באַרג אַרום דער הייליקער שטאָט צפת.

געווויינלעך פלעגן די פריערדיקע דעלעגאַציעס, ווען זיי האָבן באַזוכט

די גליל׳ס, איינשטיין אין טבריה און פון דאָרט אַרויספאָרן קיין צפת, כפר בלום און אַנדערע געגנטן. דאָס מאָל, אָבער, איז דאָס געווען אוממעגלעך צו טאָן צוליב די גרויסע היצן, וואָס האָבן געהערשט אין לאַנד.

ווי באַוואוסט, געפינט זיך טבריה גאַנץ נידעריק ביי דעם ברעג פון כנרת און ס׳איז געשמאַק וואַרעם אין די זומער־חדשים. כאָטש וואָס ס׳איז שייך האָטעלן קען עס טבריה בעסער באַזאָרגן ווי צפת. אָבער איך מוז צוגעבן, אַז וואָס אַנבאַלאַנגט קלימאַט איז דוכט זיך ניטאָ קיין איין פּונקט אין דער גאַנצער מדינה וואָס זאָל זיין אַזוי קיל, די לופט אַזוי געשמאַק און אַנגענעם. עס איז ווירקלעך פאַר אונז געווען אַ גרויסע רעוועלאַציע נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך געשמאָלצן אין דער אומדערטרעגלעכער היץ דורך דער צייט וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אין תל־אביב און ירושלים און אַפילו צייטנווייז אין חיפה, צו קריגן אַזאַ דערפרישונג דורך קילער באַרג־לופט. ניט אומזיסט האָט מען אונז געזאָגט אין אונזער פּאַנסיאָן, וואו מיר זיינען איינגעשטאַנען, אַז אין די הייסע טעג קומען אַ סך שטאָט־מענטשן צו זיי אויף דעם הר־כנען אויף וואַקאַציע, איינגעשלאָסן דעם פּרעמיער דוד בן־גוריון, יוסף שפּרינצאַק און אַנדערע.

עס איז שוין געווען טונקל ווען אַ טייל פון אונזער דעלעגאַציע האָט זיך איינגעאָרדנט אין דעם פּאַנסיאָן און די אַנדערע אין די דערבייאיקע האָטעלן, וואָס געפינען זיך אויף דעם באַרג אַרום צפת.

עס האָבן זיך דאָ אין דעם ניט־צו־גרויסן פּאַנסיאָן געפונען געשעפטסלייט פון חיפה און תל־אביב, וועלכע האָבן פאַרבראַכט עטלעכע טעג וואַקאַציע, און שוין צום ערשטן מאָלצייט איז צווישן אונז אָנגעצויגן געוואָרן געשפּרעכן וועגן אַמעריקע. אַמעריקאַנער פּאָליטיק לגבי ישראל, און ישראל׳דיקע פּראָבלעמען. וואָס ס׳איז ממש געווען פאַר אונז שאָקירנדיק צו הערן איז, וואָס אייניקע פון זיי האָבן געזאָגט, אַז אַמעריקע גייט פאַרקויפן ישראל צוליב אַראַבישן אויל און אַז דאָלעס און דער סטעיט־דעפּאַרטמענט נעמען אָן אַ פיינטלעכע פּאָליטיק לגבי דער אידישער מדינה. מיר האָבן געזוכט זיי צו באַרואיקן און פאַרזיכערן, אַז עס האַלט נאָך נישט אַזוי שלעכט.

נאָך אונזער אָוונטברויט האָבן מיר פאַר אַ שטיקל צייט פאַרבראַכט אויף דער וועראַנדע פון דעם פּאַנסיאָן. עס איז געווען אַ לבנה׳לאָזע נאַכט, טונקל, ערגעץ וואו האָט געוואַנדלט די ליכט פון אַן אויטאָמאָביל, וואָס איז געלאָפן און זיך געדרייט אין די בערג, אַקעגן אונזער פּאַנסיאָן. נידעריקער

אין טאָל זיינען געשטאַנען אַ רייע הייזקעס פרע־פאַבריצירטע, אַוועקגעשטעלט פאַר עולים. שוואַכע ליכט האָט זיך פון זיי געוויזן, ווייל קיין עלעקטריע איז נאָך אין זיי ניט אַריינגעצויגן. איך האָב געפרעגט פון וואָס ס'דערנערן זיך די עולים, ווייל קיין פעלדער אָדער גערטנער זיינען אַרום די הייזקעס ניטאָ. דער ענטפער איז געווען, אַז די עולים זוכן אַרבעט, וואָס זיי קענען געפינען אין צפת אָדער אין אַנדערע פלעצער. אַנדערע זיינען אינגאַנצן אָן אַרבעט, און דאָס איז טאַקע דאָס שווערע פראָבלעם מיט וועלכן די מדינה ראַנגלט זיך.



# אונזער באַזוך אין צפת אין דער מעברה „קרית שמונה״

דערפרישט פון אַ נאַכט רו און קילער, אַנגענעמער לופט, זיינען מיר אויפגעשטאַנען צו עסן פרישטיק און פאָרזעצן אונזער שפּאַציר אין און אַרום צפת.

אונזער פּראָגראַם האָט גערופן אינדערפרי צו באַזוכן אַלע היסטאָרישע און אינטערעסאַנטע פּלעצער אין צפת גופא און נאָכמיטאָג — אין די בערג צו דער מעברה „קרית שמונה״ און צו כפר בלום, און דאַן צוריק צום הר־כנען און שוין מאָרגן זיך אומקערן פון די גליל׳ער בערג קיין טבריה, דגניה און תל־אָביב.

אין צפת, פּונקט ווי אין אַנדערע אַלטע שטעט אין ישראל, זעט מען דאָס אַלטע און דאָס נייע צוזאַמען, דאָס היסטאָרישע, וואָס איז אַלט הונדערטער יאָרן און דאָס נייע, וואָס ווערט איצט געבויט און געשאַפן.

דאָס אַלטע צפת מיט די שמאָלע געסלעך און הינטער־געסלעך געפינט זיך נידעריק אַרומגערינגלט מיט בערג. מען דאַרף אַרונטערגיין צענדליקער טרעפּ ביז מען קומט צו דעם צענטער, וואו עס געפינט זיך די שול פון האר״י הקדוש (רבי יצחק לוריא) און דאָרטן, וואו עס האָבן דורות־לאַנג געלעבט אַ גרויסע צאָל אידן.

כאָטש עס ווערט אָנגעגעבן אַז צפת איז נאָך געגרינדעט געוואָרן אין צווייטן יאָרהונדערט, האָט מען אָבער פון דער שטאָט אין דעם אויבערשטן גליל ניט געהערט ביז דעם 12טן יאָרהונדערט. אַזוי ווערט אָנגעגעבן, אַז אין דעם יאָר 1229 האָט משה בן יהודה הכהן, דער הויפּט־רב פון צפת, מיט־גענומען אַן עדה אידן קיין טבריה צום רמב״מ׳ס קבר און דאָרטן אַריינגע־לייגט אין חרם די וואָס לייענען און ווילן לייענען דעם רמב״מ׳ס ווערק. אין 1491, ווערט דערציילט, האָט אין צפת געלעבט דער רב ר׳ פּרץ קאָלאָמבאָ. די אידישע באַפעלקערונג אין צפת איז געווען אַזוי אָרעם, אַז דער רב האָט געמוזט צוהאַנדלען מיט שפּייז, כדי צו קענען אויסשלאָגן זיין חיונה. אָבער אין די שפּעטערע יאָרן איז די קהילה אויפגעלעבט געוואָרן דורך דעם רב ר׳ יוסף סאַראַגאָסי, אַ שפּאַנישער אימיגראַנט. אין יאָר 1575 האָט דאָרט געלעבט און געווען רב רבי יוסף קאַרו, דער מחבר פון שולחן ערוך.

אין 16טן און 17טן יאָרהונדערט איז צפת געווען אַ שטאָט פון רבנים. רבי יצחק לוריא (האר״י הקדוש) און רבי חיים וויטאַל האָבן אויפגעלעבט די קבלה, און רבי יוסף קאַרו האָט זיך באַשעפטיקט מיט שרייבן דעם שולחן־ערוך. דאָס 18טע יאָרהונדערט אָבער איז פאַר צפת שוין גאָר ניט געווען מזל׳דיק. פריער אַ מגפה און דערנאָך אַן ערדציטערניש, וואו מער ווי 140 אידן זיינען אומגעקומען, האָט געצוואונגען די אַנדערע אידן אויסצואוואַנדערן פון צפת קיין דמשק און אַנדערע לענדער, אַזוי אַז פון אַ באַפעלקערונג פון 10,000 זיינען קוים פאַרבליבן זיבן משפחות.

אין 1776 איז צפת צוריק אויפגעלעבט געוואָרן דורך דעם, וואָס עס איז אַריינגעקומען און זיך דאָרט באַזעצט אַ גרופע אידן. פינף יאָר שפּעטער האָבן צוויי רבנים, רבי לייב סאַנטאָווער און רבי אורי פון ווילנע, אַריינגעבראַכט אידישע משפחות פון וואָלין, פּאָדאָליע און אוקראַינע. די קאָנסולאַטן פון עסטרייך און רוסלאַנד האָבן גענומען די אידן אונטער זייער פּראָטעקציע.

די געשיכטע פון צפת פאַר דעם אָנהויב פון 19טן יאָרהונדערט האָט בלויז צו דערציילן פון צרות און אומגליקן פאַר דער אידישער באַפעלקערונג. אַ מגפה וואָס האָט דאַן געבושעוועט אין יענער געגנט האָט אומגעבראַכט מער ווי אַ העלפט פון דער אידישער באַפעלקערונג. דאָס איז געווען אין יאָר 1812, און מיט זיבן יאָר שפּעטער האָט דער טערקישער גאָווערנאָר, עבדאָללאַ פּאַשאַ, אַריינגעזעצט אין תפיסה אַלע אידן און אַרויסגעלאָזט בלויז די, פאַר וועלכע מען האָט באַצאָלט אויסלייז־געלט. אַזוי איז געגאַנגען דורך די יאָרן. די אידישע באַפעלקערונג פון צפת האָט זיך געהויבן און געפאַלן לויט נאָך די אומשטענדן. צפת איז אָבער קיינמאָל ניט געווען אָן אידן, און מער מאָל געהאַט אַ סך אידישע רבנים, געלערנטע, וואָס האָבן באַרייכערט די רבנישע ליטעראַטור.

ווען עס האָט אויסגעבראָכן דער באַפרייאונגס־קריג, האָבן זיך אין צפת געפונען צוויי מאָל אַזויפיל אַראַבער ווי אידן. נאָך מער, די אַראַבער האָבן געהאַט דעם פאָרצוג, וואָס זיי זיינען געווען אין די בערג און די אידישע באַפעלקערונג האָט געוואוינט אין טאָל, מערסטנס אין די שמאָלע געסלעך און היגטערגעסלעך, מיט וועלכע דאָס אַלטע צפת איז אַזוי באַרימט.

די סאַגע, ווי אַזוי אַ קליינע צאָל אידן האָבן באַזיגט אַ גרויסע צאָל אַראַבער, וועלכע האָבן געהאַט אַזעלכע אויסגעצייכנט סטראַטעגישע פּאָזיציעס

אין די בערג, איז שוין אַ סך מאָל דערציילט געוואָרן. פרומע אידן זאָגן, אַז דאָס איז ניט אַנדערש ווי געוואָרן אַ נס, דער אויבערשטער האָט זיך אַריינ־געמישט און געמאַכט די אַראַבער צו אַנטלויפן. אָבער ווען איר שפּאַצירט אַרום צווישן די געסלעך אין צפת און איר זעט וויפיל הייזער און ווענט עס שטייען נאָך איצט צעשאָסן און צעלעכערט פון קוילן, קומט אייך אויפן געדאַנק, אַז דער כוח פון די אידישע גבורים האָט אויך עפּעס געהאַט צו טאָן מיט דעם זיג; אַז דאָ דאַרף מען געדענקען ניט נאָר די אומזעבאַרע האַנט פון דעם רבונו של עולם, נאָר טאַקע אויך די שטאַרקע האַנט פון די אידישע סאָלדאַטן.

עס ווערט אָנגעגעבן, אַז צפת האָט איצט אַ באַפעלקערונג פון 26 טויזנט נפשות. די שטאָט וואַקסט ניט נאָר אַלס צענטער פון די אַרומיקע אַגרי־קולטורעלע ישובים, נאָר אויך אַלס רעזאָרט־פּלאַץ. דער הר־כנען, וואו צפת ליגט צופוסנס, איז איצט אַ זייער פּאָפּולערער זומער־רעזאָרט און האָט אַ גאַנץ באַדייטנדיקע צאָל האָטעלן און פּאַנסיאָנען און סאַנאַטאָריומס. די לופט דאָ איז טרוקן און קיל און די לאַנדשאַפט אַרום איז פּראַכטפול. פון דאַנען קען מען זען דעם חרמון־באַרג און די וואַסערן פון כנרת.

גלייך נאָך פרישטיק האָבן די אויטאָבוסן אונז צוזאַמענגענומען פון די האָטעלן און פּאַנסיאָנען און אונז גענומען פון הר־כנען קיין צפת. אָבער אַרונטערפאָרן אין אַלטן צפת האָבן די אויטאָבוסן ניט געקענט, מחמת אין טאָל זיינען די געסלעך אַזוי שמאָל אַז נאָר מענטשן אָדער אַן אייזעלע קענען זיך קוים דורכשטופּן, ווער רעדט שוין פון אונזערע גרויסע אויטאָבוסן.

האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזן דורך די אומצייליקע טרעפּ און דורכגע־שפּאַצירט די יאָרהונדערטער אַלטע, האַלב־איינגעפאַלענע און צעשטערטע געסלעך. אָבער דאָך וואוינען אין זיי אידן, אַ צאָל איינגעזעסענע און נייע עולים, אידן מיט לאַנגע פּיאות און קאַפּאָטעס און קאַפּטאַנען וואָס קוקן אויס צו אונז אַמעריקאַנער אַביסל אויסטערליש, עפּעס ווי פון אַן אַנדער וועלט.

מיר זיינען צוגעקומען צו דעם האר״י הקדוש׳ס שול, וואו אַ צאָל אידן זיינען געזעסן און געלערנט, אָבער אין דרויסן זיינען די שמשים געווען באַ־שעפטיקט מיט קלאַפּן אין פושקעס און צונויפקלייבן אַזויפיל „פּיאַסטערס״ וויפיל זיי האָבן פון אונז געקענט אַרויסבאַקומען.

אייניקע פון אונז האָבן אַוועקגעשפּאַצירט אין דער קינסטלער־קאָלאָניע צו זען אויסשטעלונגען פון מאָלעריי און סקולפּטור. דאָ אין צפת געפינט

זיך אַ באַדייטנדיקע קאָלאָניע פון קינסטלער, ווייל די סביבה, די פאַרבן־רייכע לאַנדשאַפט, איז ווי אָנגעמאָסטן פאַר קינסטלער פון אַלערליי שאַטירונגען.

שפּאַצירנדיק צוריק צו אונזערע אויטאָבוסן האָבן מיר באַגעגנט דעם באַוואוסטן דיכטער זלמן שניאור. אונזערע חברים האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט פון דער באַגעגעניש פון אַזאַ באַרימטער פּערזענלעכקייט און האָבן געלאָזן זייערע פאָטאָ־אַפּאַראַטן אין פולן גאַנג...

דער אינטערעסאַנטער שפּאַציר אין היסטאָרישן צפת האָט זיך אָבער באַלד געדאַרפט ענדיקן. עס איז שוין געווען צייט צו עסן מיטאָג, און טאַקע באַלד נאָכמיטאָג האָבן מיר געדאַרפט מאַכן אַ לענגערע רייזע אין דער מעברה „קרית שמונה" און אין כפר בלום. זיינען מיר אַריינגעשטיגן אין די אויטאָבוסן אין זיך אומגעקערט צו די האָטעלן און פּאַנסיאָנען אויף דעם הר־כנען.



באַלד נאָך מיטאָג, די זון איז נאָך געשטאַנען הויך אין די בערג, דער הימל איז געווען בלוי און דורכזיכטיק, האָבן מיר נאָכאַמאָל פאַרנומען אונזערע פּלעצער אין די אויטאָבוסן, וועלכע זיינען שוין באַלד געוואָרן אונזער צווייטע היים, און זיך ווייטער געלאָזן אין די גליל׳ער בערג, דאָס מאָל אין דער געגנט פון כפר גלעדי און כפר בלום. אַראָפּקומענדיק נידעריקער האָבן מיר אָנגעהויבן פאַרבייפאָרן דעם גרויסן טאָל וואָס הייסט חולה — אָט די שטרעקע און אַזערע. וועלכע איז לעצטנס אַזוי שטאַרק באַרימט געוואָרן צוליב דעם סכסוך מיט סיריע וועגן דעם באַוואָסערונג־פּראָיעקט, וואָס האָט געמוזט אָפּגעשטעלט ווערן ביז דער פעסטשטעלונג פון דער יו־ען וועגן דעם רעכט פון ישראל פאָרצוזעצן די באַוואַסערונג.

פון אונזערע לויפנדיקע אויטאָבוסן האָבן מיר פונדעסטוועגן געקענט זען, אַז די חולה פאַרנעמט אַ גרויסע שטרעקע לאַנד, און טיילן פון דער שטרעקע זיינען פול מיט זומפּן און שטייענדיקע וואַסערן, אַנדערע טיילן — אויסגעטריקנט. די חולה לויפט פאַזע די גליל׳ער בערג פון איין זייט און פון דער אַנדערער זייט זעען זיך די בערג פון סיריע.

אין אַ סך פּלעצער פון דער חולה האָבן מיר באַמערקט גרויסע גראָב־מאַשינען, וואָס האָבן געאַרבעט ביי דעם פּראָיעקט פון געזונט מאַכן די גרויסע

שטרעקעס לאַנד, וואָס עקספּערטן זאָגן, אַז אין דער נאָענטער צוקונפט, ווען די זומפּן וועלן אויסגעטריקנט ווערן, וועט דאָ זיין זייער גוטער, פּרוכטבאַרער באָדן פאַר דער לאַנדווירטשאַפט.

אונזערע אַלעמענס אויגן זיינען דעריבער געווען אָנגעצויגן אויף דער שטרעקע לאַנד ווען מיר זיינען דורך געדרייטע וועגן אַרונטערגעקומען פון די בערג און זיך אָפּגעשטעלט ביי קרית־שמונה, איינע פון די גרעסטע מעברות אין גליל.

קרית־שמונה, די געוועזענע חלסה, איז עטאַבלירט געוואָרן אין 1947. דער נאָמען „שמונה" (אַכט) איז אויף צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון יוסף טרומפּעלדאָר מיט זיינע חברים, וועלכע זיינען אין דער געגנט אומגע־קומען אין אַ געראַנגל מיט אַראַבער. לויט דער דערקלערונג פון דר. לעוו, וועלכער האָט אויפגענומען אונזער דעלעגאַציע, געפינען זיך אין דער מעברה איבער פיר טויזנט נפשות. 50 פּראָצענט פון זיי זיינען קינדער. דאָ אין דער מעברה איז אַן אמת'ער קיבוץ גלויות. די עולים קומען פון רומעניע, פּוילן, קורדיסטאַן, תימן, און פון אַנדערע לענדער.

דר. לעוו האָט פאַר אונז געשילדערט די שוועריקייטן פון איינאָרדענען אָט־די עולים. צוערשט די שווערע אַרבעט זיי געזונט מאַכן און דערציען אַז זיי זאָלן קענען אינטעגרירט ווערן אין דעם לעבן פון ישראל. דאָס איז אַ קאָלאָסאַלע אויפגאַבע, וועלכע ווערט געטיילט פון דער סוכנות און פון דער הסתדרות. די מעדיצינישע הילף ווערט אַדמיניסטרירט פון קופּת־חולים.

די הסתדרות, ווי געזאָגט, האָט דעריבער צוויי וויכטיקע פונקציעס, וואָס זי פירט דורך אין דער מעברה קרית־שמונה ווי אין אַנדערע ענלעכע מעברות, וועלכע געפינען זיך אין לאַנד. אויסער קולטורעלע צענטערס און מעדיצינישע קליניקס האָט די הסתדרות דאָ עטאַבלירט אַ קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי, אַן אייז־פאַבריק, און טראַנספּאָרטאַציע־מעגלעכקייטן וואָס פאַרבינדן די שטעט און קיבוצים פון דעם גליל העליון.

די חברים רעזניק, דר. לואי סילווער און דר. ראובן שאַרענזאָן מאַכן אַ צאָל אָנפראַגן, אויף וועלכע דר. לעוו ענטפערט אויף אַ צופרידנשטעלנדיקן אופן. נאָך דעם ווי אונזער דעלעגאַציע האָט באַזוכט די באַזונדערע הייזער און באַראַקן וואו די עולים וואוינען, זעגענען מיר זיך מיט דער מעברה און מיר קלייבן זיך אין וועג פאַר דעם באַזוך אין כפר בלום.

# אונזער באַזוך אין כפר בלום

עס איז נאָך גאַנץ פריש אין אונזער זכרון, ווען ערשט מיט צען יאָר צוריק האָט מען דאָ, ביי אונז אין באָסטאָן, גערעדט וועגן דער גרינדונג פון אַ דאָרף אין ארץ־ישראל צו פאַראייביקן דעם נאָמען פון דעם גרויסן אידן פון פראַנקרייך, דעם שטאַטסמאַן און סאָציאַליסט, וואָס האָט דעמאָלט פאַרנומען דעם הויכן אַמט פון פרעמיער־מיניסטער, לעאָן בלום.

די יונגעלייט, וואָס האָבן דעם דאָרף געגרינדעט, זיינען געקומען קיין ארץ־ישראל מיט דריי יאָר פריער, און זיינען באַשטאַנען פון חלוצים פון פאַרשידענע לענדער. אַ טייל זיינען געקומען פון די באַלטישע לענדער, ווי עסטאָניע, לאַטוויע און ליטע, און אַ טייל זיינען געווען פון די ערשטע עלית־הבונים פון אַמעריקע, ענגלאַנד און דרום־אַפריקע. עס זיינען דערנאָך צו זיי אויך צוגעשטאַנען יונגע חלוצים פון דייטשלאַנד, עסטרייך און טשעכאָ־סלאָוואַקיע.

די ערשטע אָריגינעלע גרופּע איז טרענירט געוואָרן אין „בנימינה", וואו זיי האָבן געאַרבעט אין פּרדסים און זיינען געווען שומרים.

אין 1943, מיט צען יאָר צוריק, זיינען זיי אַליין אַרויפגעגאַנגען אויף 1,500 דונאַם באָדן, וואָס איז זיי צוגעטיילט געוואָרן פון נאַציאָנאַל־פאָנד אין דער צפון׳דיקער זייט פון דעם חולה־באַסיין אין דעם גליל. דער באָדן, זייענדיק אין דער חולה־געגנט, איז געווען זומפּיק און האָט פריער געמוזט אויסגעטריקנט ווערן איידער מען האָט אים געקענט נוצן פאַר אַגריקולטור.

די ערשטע חלוצים פון כפר בלום זיינען דעריבער געווען אויסגעשטעלט צו דער געפאַר פון מאַלאַריע, געלזוכט און אַנדערע קראַנקייטן, אַחוץ די שוועריקייטן פון זיין אַרומגערינגלט פון אַזויפיל פיינטלעכע אַראַבישע דערפער.

אָבער דער ווילן, די עקשנות און דער אידעאַליזם האָט אַלץ גובר געווען און פון דעם קליינעם און באַשיידענעם אָנהויב פון צען יאָר צוריק איז אויסגעוואַקסן איינער פון די גרויסע און פאַרצווייגטע קיבוצים, וואָס דינען ווי אַ מוסטער אין גאַנצן לאַנד.

אין 1949, באַלד נאָך דעם באַפרייאונגס־קריג, ווען די ערשטע הסתדרות־דעלעגאַציע האָט באַזוכט כפר בלום, האָבן נאָך דעמאָלט כמעט האַלב פון דער מיטגלידערשאַפט פון דאָרף געוואוינט אין ביידלעך (טענטס). זיי האָבן

נאָך ניט געהאַט קיין ריכטיקן עס־צימער און עס האָט זיי אויך געפעלט זייער אַ סך עלעמענטאַרע באַקוועמלעכקייטן. אָבער איצט איז די לאַגע אין כפר בלום אָן אַן ערך בעסער.

כפר בלום ציילט איצט איבער 700 נפשות, פון זיי 300 קינדער. פון די פריערדיקע זומפּן האָבן זיי געשאַפן בליענדיקע פעלדער און גערטנער, וואָס ברענגען אַריין טויזנטער פונטן פאַר די אַגראַר־פּראָדוקטן וואָס וואַקסן דאָרט.

זייערע קי ליפערן טויזנט ליטערס מילך צו דער „תנובה" טעגלעך און פון זייערע קינסטלעכע פיש־באַסיינען ציען זיי אַרויס 110 טאָן פיש פאַר דעם באַפעלקערונגס־געברויך. זייערע וויינטרויבן־ביימער גיבן אַרויס איבער 90 טאָן טיש־טרויבן, און פון זייערע עפּל־ביימער נעמען זיי אַראָפּ אַרום 150 טאָן עפּל פאַר דעם געברויך פון דער ישראל־באַפעלקערונג.

כפר בלום האָט אויך איינע פון די גרעסטע הינער־צוכטן אין דעם נאָענטן מזרח. 35 טויזנט הינער לייגן אייער פאַר דעם דאָרפס־געברויך און פאַר דעם מאַרק־פאַרקויף. אַחוץ דעם ווערן פּראָדוצירט פאַרשידענע גריני־צייגן, ווי טאָמעיטאָס, קאַרטאָפל, ספּינאַטש און אַנדערע.

אויסער דעם לאַנד, וואָס זיי האָבן אין כפר בלום, האָט מען זייער קיבוץ אויך איבערגעגעבן 600 דונאַם לאַנד אין נגב און אַ פּאָר הונדערט דונאַם לאַנד אין גליל צו באַאַרבעטן.

ווען מען באַטראַכט דעם גרויסן פּראָגרעס וואָס כפר בלום האָט געמאַכט אין דעם משך פון קורצע צען יאָר, פאַרגלייכנדיק מיט קיבוצים און מושבים וועלכע זיינען אַ סך עלטער פון כפר בלום, מוז מען קומען צום שלוס, אַז דער גרויסער פּראָגרעס איז מעגלעך געוואָרן אַדאַנק דער אַרבעט און ענערגיע וואָס די אַמעריקאַנער מיטגלידער פון כפר בלום האָבן בייגעטראָגן. זיי זיינען קיינמאָל ניט שטיין געבליבן אויף איין אָרט, נאָר האָבן אַלע מאָל געזוכט נייע אונטערנעמונגען און נייע קוואַלן פון אינוועסטירונגען. אויב זיי האָבן אַליין די קאַפּיטאַלן ניט געהאַט, האָבן זיי פּרובירט דעם קאַפּיטאַל צו באָרגן אויסער ארץ־ישראל, אין אַמעריקע, צווישן חברים און סימפּאַטיקער. און ניט נאָר האָבן זיי געקראָגן אַמעריקאַנער פּריינט וואו צו לייען געלט, נאָר האָבן אויך פאַראינטערעסירט אַ באַסטאָנער ליבעראַלן אידן, וועלכער בויט פאַר זיי איצט אין כפר בלום אַ קולטורעלן צענטער — אַ געביידע וואָס וועט קאָסטן געגניוע 50,000 דאָלאַר און וועט פאַרטיק ווערן אַרום פּסח־צייט.

צווישן די אַמעריקאַנער חברים פון כפר בלום איז באַסטאָן ניש־קשה׳דיק פאַרטראָטן. אַזוי געפינט זיך דאָרט עדי פּאַרסאָנס, חיים סענדער־סאָן, פיל באַראָן, אַלפּערין, שעכטער און אַנדערע, וועמענס נעמען עס איז מיר שווער צו געדענקען.

זיי, גלויב איך, זיינען דאָס די הייוון פון דעם קיבוץ. זיי האָבן זיכער אַ סך בייגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג און צום איצטיקן מצב פון כפר־בלום.

פון צייט צו צייט קריגן מיר בולעטינען, געשריבן פון עדי פּאַרסאָנס צו פריינט פון כפר בלום. פאַר מיר ליגט איצט איינער, דאַטירט אָקטאָבער דעם 26טן, 1953, און דער בולעטין הויבט זיך אָן מיט פּאָלגנדיקע ווערטער:

„דער היינטיקער סוכות יום־טוב איז פאַר אונז דער באַלוינטסטער פון אַלע פריערדיקע. מיר זיינען היינטיקס יאָר געבענטשט מיט אַ גוטן שניט און אַלץ איז איינגעזאַמלט אין צייט. קליינע סוכה׳לעך זיינען אויפגעשטעלט אומעטום ביי אונז, וואו אונזערע קינדער הענגען אויף פאַרשידענע פּראָדוקטן וואָס וואַקסן אויף אונזערע פעלדער. יעדער איינער איז אָנגעטאָן אין די פיינסטע קליידער וואָס ער פאַרמאָגט און אַ יום־טוב׳דיקע אַמטאָספערע הערשט איבעראַל. דאָס איז צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן וואָס איך אַליין פיל און קען אָפּשאַצן דעם טעם פון אַ ביבלישן חג האסיף״...

דער בולעטין דערציילט ווייטער וועגן די עקספּערימענטן וואָס זיי מאַכן מיט דעם פלאַנצן פון צוקער־בוראַקעס. שוין איצט האָבן זיי פאַרזייט 100 דונאַם לאַנד מיט די בוראַקעס, פון וועלכע מען קען פּראָדוצירן צוקער.

צוקער, ווי מיר ווייסן, איז זייער אַ וויכטיקער שפּייז־אַרטיקל, און ווייל מדינת ישראל דאַרף אַט־דעם וויכטיקן אַרטיקל אימפּאָרטירן פון אויסלאַנד און צאָלן מזומן, מוז זי זיין זייער שפּאָרעוודיק וועגן דעם. צוקער איז דעריבער נאָך אַלץ ראַציאָנירט אין ישראל און דער דורכשניטלעכער פאַרברויך אַ יאָר פאַר דעם בירגער אין מדינת ישראל איז ניט מער ווי 18 קילאָגראַם. בעת דער אַמעריקאַנער פאַרברויכט 47 קילאָגראַם און 53 קילאָגראַם ווערן פאַרברויכט פער פערזאָן אין דענמאַרק.

דעריבער זיינען אַלע עקספּערימענטן פאַר צוקער זייער און זייער וויכטיק, און דאָס וואָס כפר בלום האָט שוין 100 דונאַם פאַרזייטע צוקער־בוראַקעס איז אַ גרויסער שריט פאָרווערטס אין דעם הינזיכט.

נאַטירלעך, מיינט נאָך ניט בוראַקעס אַליין שוין צוקער — דערצו דאַרף מען נאָך האָבן צוקער־פאַבריקן (ראַפינעריעס). אָבער אָזוי לאַנג ווי עס וועט

זיין געגוג פון די צוקער־בוראַקעס, בין איך זיכער, אַז ס'וועלן מיט דער צייט אויך זיין די צוקער־„ראַפינעריעס״, און טאַקע אין כפר בלום.

מיר זיינען אָנגעקומען אין כפר בלום שפּעט מיטאָג־צייט. אַלע פון גרויסן דאָרף זיינען שוין געווען צוריק פון דער אַרבעט, אַזוי אַז מיר האָבן געקענט באַגעגענען אַלע חברים, באַסטאַנער, ווי אַנדערע, מיט וועלכע אייניקע פון אונז האָבן זיך געקענט פון אַ פריערדיקן באַזוך אין כפר בלום.

דער פּראָגרעס און דאָס וואַקסן פון דאָרף איז געגאַנגען מיט אַזאַ אימפּעט, אַז עס איז דעם דאָרף ווירקלעך שווער געווען צו דערקענען. דאָרטן וואו עס זיינען פריער געווען ביידלעך, שטייען איצט הייזער; פון די קליינע קינדער־לעך זיינען איצט אויסגעוואקסן היפּשע בחורים און מיידלעך, וועלכע זעען־אויס געזונט און גוט־געפּלעגט.

די פירנדיקע חברים פון כפר בלום האָבן אונז אַרומגעפירט און געוויזן כמעט אַלץ וואָס דער גרויסער קיבוץ פאַרמאָגט. מיר האָבן געזען די אַלע הייזער, וועלכע זיינען אויפגעבויט געוואָרן אויף די נעמען פון די אָרגאַ־ניזאַציעס, וועלכע האָבן דערצו בייגעשטייערט, און באַזונדערס זיינען מיר געווען צופרידן צו זען דעם גרונט־ברעכונג פאַר דעם קולטור־צענטער, וואָס וועט זיין באַוואוסט אַלס דער „פאָרד קולטור־צענטער״.

שווער איז אונז געווען זיך אָפּצורייסן פון אַזוי פיל באַקאַנטע פון כפר־בלום, באַסטאָנער חברים, אָבער עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן טונקל און מיר האָבן באַדאַרפט ציען צוריק צום הר־כנען פאַר אָוונטברויט און דערנאָך פאָרן צו אַן אויפנאַמע אין בית בוסל — אַ קאָנוועלעסענט־הויז פון קופּת־חולים. האָבן מיר זיך געזעגנט מיט אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט פאַר אַזאַ וואַרעמער, חברישער אויפנאַמע און אָנערקענונג פאַר דער געוואַלדיקער פּיאָנערישער אַרבעט, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן, צו פאַרוואַנדלען זומפּן אין בליענדיקע פעל־דער; אַ וויסטעניש, וואו שאַקאַלן האָבן געוואָיעט — אין סעדער פון עפּל, אָראַנדזשן און פּרוכטן.

מיט „שלום״ און אַ סך ברכות צו אונזערע כפר־בלום'ער חברים האָבן מיר באַזעצט די באָסעס און זיך אומגעקערט אויף דעם כנען־באַרג קיין צפת.



# אונזער באַזוך אין טבריה און דגניה

די צייט וואָס מיר האָבן באַדאַרפט, לויט אונזער פּראָגראַם, פאַרברענגען אין און אַרום צפת, האָט זיך געענדיקט. און דינסטיק אינדערפרי, דעם 4טן אויגוסט, האָבן מיר געדאַרפט זיך אומקערן קיין תל־אביב, בלויז אָפּ־שטעלנדיק זיך אויף דעם וועג אין טבריה און דגניה. האָבן מיר גלייך אינ־דערפרי, אַזוי גיך ווי מיר האָבן אָפּגעגעסן פרישטיק, זיך אַראָפּגעלאָזן פון די בערג, וועלכע, ווי מען גיט אָן, זיינען אַרום 850 מעטער איבער דעם ים־פלאַך, דורך ראש־פינה און זיינען געפאָרן אַלץ נידעריקער און נידעריקער, ביז מיר זיינען אָנגעקומען קיין טבריה, וועלכע ליגט אַרום 200 מעטער אונטער דעם ים־פלאַך.

אונזער „גאַיד", חבר דוב קדם, גיט אַן אינטערעסאַנטן היסטאָרישן איבערבליק איבער דער אַלטער שטאָט טבריה. ער דערציילט אונז פאָלגנדיקס:

טבריה איז דער נידעריקסטער פּלאַץ אין ישראל נאָך יריחו, וועלכע איז אונטער דער ממשלה פון די אַראַבער. דער קלימאַט איז אַ הייסער און רעגן פאַלט זייער ווייניק. לויט דער מסורה, זאָל די שטאָט טבריה זיין געבויט אויף דעם אָרט פון דער אַלטער שטאָט פון שבט נפתלי, רקת. אין יאָר 18, לויט דער נייער צייט־רעכענונג, האָט מען אויף די חורבות פון דער אַלטער שטאָט רקת געבויט אַ שטאָט לכבוד דעם קעניג טיבעריאָס און זי אַזוי אַ נאָמען געגעבן. אידן האָבן די שטאָט גערופן טבריה און זי האָט נאָך דעם חורבן פון ירושלים געשפּילט גאָר אַ גרויסע ראָלע. טבריה איז געוואָרן דער גייסטיקער צענטער פון אידישן פאָלק. ווען די רוימער האָבן אין 2טן יאָרהונדערט פאַרטריבן די סנהדרין פון ירושלים, האָבן זיי זיך באַזעצט אין טבריה. ר' יהודה הנשיא האָט פאַרענדיקט די משנה אין טבריה אין צווייטן יאָרהונדערט. דער תלמוד ירושלמי איז געשאַפן געוואָרן אין טבריה אין פערטן יאָרהונדערט.

אין טבריה האָבן געלעבט און געשאַפן די גרעסטע גייסטער פון אידנטום, די תנאים: רבי גמליאל, בן־עזאי, רבי מאיר בעל־הנס, רבי יוחנן; שפּעטער, דער רמב"ם, ר' חיים אבולעפיא, דערנאָך די תלמידים פון ר' ישראל בעל־שם־טוב: ר' יעקב שמשון פון שיפּעטאָווקע, ר' נחמן האָראָדענקער, ר' מנחם

מענדל פון וויטעבסק, דעם בעש״ט׳ס אייניקל ר׳ נחמן בראַצלאַווער און אַנדערע רביים.

אין משך פון איר עקזיסטענץ האָט די שטאָט טבריה אַ סך געליטן, פון איין זייט פון נאַטור־קאַטאַסטראָפעס און פון דער צווייטער זייט פון אָפטע מלחמות. צייטנווייז, אין גאַנג פון איר געשיכטע, איז טבריה אינגאַנצן חרוב געוואָרן. דאָס איז געווען אין 12טן יאָרהונדערט, ווען די מוסולמענער האָבן באַזיגט די קרייץ־טרעגער, און זי איז אַזוי געלעגן אונטער אירע חורבות, ביז די טערקן האָבן באַזעצט טבריה במשך פון 16טן יאָרהונדערט. דעמאָלט האָבן די טערקן איבערגעגעבן טבר״ה און אומגעגנט צום אידישן פירשט דן יוסף הנשיא, און ער האָט אָנגעהויבן צוריק אויפצובויען די חרוב־געוואָרענע שטאָט, וועלכע האָט שפּעטער ווייטער געליטן פון אַן ערד־ציטערניש, און פון יאָר 1837 האָבן אידן טבריה מער ניט פאַרלאָזן.

פאָרנדיק אויף די וועגן אין די גליל׳ער בערג, פילט זיך דער ים כנרת, וואָס ליגט ווי איינגעגאָסן אין אַ גרויסער, טיפער שיסל. אָט באַווייזט ער זיך, און אָט פאַרשווינדט ער, פאַרשטעלט פון די בערג. צייטנווייז זעט מען גאָר אַ קליינעם טייל פון אים, און אין אַנדערע פלעצער באַווייזט זיך מער פון דעם וואַסער. און ווען מען גייט אַראָפּ פון די בערג אין דעם טאָל, וואו עס ליגט די שטאָט טבריה, קען מען זען דעם גאַנצן וואַסער, וואָס מען רופט ים כנרת.

די עטלעכע מאָל, וואָס עס איז מיר אויסגעקומען צו זען דעם כנרת בעת מיינע באַזוכן אין ישראל, האָב איך קיין געוויסע טעטיקייט אויף דעם וואַסער ניט געזען. אין 1949, ווען מיר זיינען דאָרט געווען מיט דער ערשטער הסתדרות־דעלעגאַציע, האָבן אייניקע פון אונז געפּרואווט זיך באָדן ביים ברעג כנרת. איך זאָג געפּרואווט, ווייל קיין גרויס פאַרגעניגן, געדענק איך, האָבן מיר פון דעם באָדן זיך ניט געהאַט. דאָס וואַסער איז ממש געווען צו־וואַרעם, אָפּצוקילן אונזערע צעהיצטע קערפּערס. און צווייטנס, האָבן מיר ביי דעם ברעג וואו מיר האָבן זיך געבאָדן אָנגעטראָפן אַזוי פיל שטיינער, אַז מיר האָבן זיך פשוט ניט געקענט אַ ריר טאָן ניט צעקלאַפּנדיק די פיס.

אינטערעסאַנט איז דעמאָלט פאַר אונז געווען צו באַאָבאַכטן עטלעכע פישער־לייט אַרויסציענדיק אַ גרויסן „ביעוויד״, אין ענגליש הייסט דאָס אַ „פיש־נעט״. די פישערלייט האָבן געהאָרעוועט אַרויסצוציען דעם נעץ פון וואַסער. מיר האָבן געוואָלט זען דעם פיש, וואָס מען וועט פון דעם כנרת

אַרויסשלעפּן. דער „קעטש" איז אָבער פאַר אונז געווען אַ גרויסע אַנטוישונג. מער ווי עטלעכע קליינע פישעלעך איז אין דעם גרויסן „ניעווּיד" ניט געווען. אָבער אין יאָר 1951, ביי דער דריטער הסתדרות־דעלעגאַציע, האָבן מיר ווירקלעך געהאַט אַ זעלטענע דערפאַרונג אויף דעם ים כנרת. דאָס איז געווען אין אָוונט, נאָכדעם ווי דער מעיאָר פון שטאָט, חבר ווייס, האָט אונז אויפגענומען אין שטאָט־פּאַרק און גלייך נאָך דער אויפנאַמע האָט ער אונז גענומען אויף אַ מאָטאָר־שיפל און איבערגעשיפט די ברייט פון דעם כנרת צו דעם קיבוץ עין־גב, וואָס ליגט צופוסנס פון די בערג, וואָס גרענעצן זיך מיט סיריע.

איבערצושניידן די ברייט פון דעם הייליקן וואַסער מיטן מאָטאָר־שיפל נעמט בלויז אַ האַלבע שעה. אָבער די דערפאַרונג פאַר אונזערן אַ אידן וואָס מאַכט אַזאַ רייזע איז אַ געוואַלדיקע איבערלעבונג און איז אויך זייער פאַנטאַסטיש. אונזער אויסגעאַרבעטע פּראָגראַם האָט היינטיקן מאָל ניט גערופן פאַר אַ וויזיט אין עין־גב, און פאָלגלעך האָבן די דעלעגאַטן ניט געקענט מאַכן די רייזע אויף דעם כנרת. אָנשטאָט דעם איז אונזער דעלעגאַציע צוגעפאָרן קיין טבריה און באַזוכט דגניה. די דעלעגאַציע האָט באַזוכט קודם־כל די זיך־בויענדיקע פאַבריק, וועלכע הייסט ספּן. די פאַבריק ווערט געבויט פון די חברים פון אפיקים און פון די פאָלגנדיקע קיבוצים: דגניה, כנרת און אשדת, צוזאַמען מיטן „אַמפּאַל", וועלכער אינוועסטירט אין הסתדרות קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען.

די דעלעגאַציע איז אין דער פאַבריק אויפגענומען געוואָרן פון חבר מיטיא, וועלכער האָט דערקלערט ווי אַזוי דער קאָאָפּעראַטיוו איז אָרגאַניזירט געוואָרן פינאַנסיעל און וואָס פאַר אַ פּראָדוקטן עס ווערן דאָרט אויסגעאַרבעט און ווען די פאַבריק וועט אָנהויבן צו אַרבעטן און פּראָדוצירן.

האָבנדיק די דערפאַרונג פון די ענלעכע פּראָדוקטן און מאַטעריאַלן וואָס ווערן אויסגעאַרבעט אין אפיקים, וואָס איז אגב אַ זייער דערפאָלגרייכע אונטערנעמונג, איז די גרויסע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג זיכער אין דערפאָלג. מען דאַרף אויך ניט פאַרגעסן, אַז אין דער ספּן־אונטערנעמונג באַטייליקן זיך פינף סאָלידע קיבוצים, וועלכע איך האָב אויבן אויסגערעכנט, ספּעציעל אפיקים, וואָס האָט אָנגעהויבן אויסצואַרבעטן די הילצערנע קעסטלעך און די וועניר־האָלץ שוין לאַנג צוריק, נאָך איידער זייערע אַנדערע אַגראַר־אונטערנעמונגען זיינען געווען אויף אַ סאָלידן באַזיס. דער פאַקט איז, אַז די פאַבריקאַציע פון האָלץ־פּראָדוקטן האָט אַ סך געהאָלפן אפיקים צו ווערן

עקאָנאָמיש שטאַרק, און אין דער זעלבער צייט געשפּאָרט דער מלוכה־קאַסע צענדליקער טויזנטער דאָלאַרן, וואָס זי וואָלט געדאַרפט אויסגעבן אויף אַריינ־צוברענגען די פּראָדוקטן מחוץ לארץ.

עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז עס איז שוין לאַנג די טענדענץ פון אַ סך אַגראַר־אונטערנעמונגען אין ישראל אויך צו האָבן פאַבריקאַציעס, וועלכע גיבן באַשעפטיקונג צו אַלע פון דעם באַטרעפנדיקן קיבוץ אָדער מושב און אין דער זעלבער צייט צו שטאַרקן זייערע ישובים עקאָנאָמיש. אויף וויפיל די טענ־דענץ וועט פאַרווירקלעכט ווערן און וואָס פאַר אַ דערפאָלג דאָס וועט ברענגען, בלייבט צו זען אין דער נאָענטער צוקונפט.

אונזער דעלעגאַציע ווערט אויפגענומען אין דגניה פון די חברים יוסף און מרים באַראַץ, ביי געדעקטע טישן, אין דעם גרויסן בית־האכל. יוסף באַראַץ האָט דערביי געגעבן אַ קורצן היסטאָרישן איבערבליק איבער דגניה.

„איר האָט געוויס באַמערקט — האָט באַראַץ געזאָגט — אַז דגניה געפינט זיך אויף דער אַנדערער זייט פון ירדן, נאָענט פון דעם אַרויסגאַנג פון דעם ים כנרת. דגניה איז געווען די ערשטע קבוצה אין לאַנד און דער ערשטער אידישער פונקט פון יענער זייט ירדן. אונזער באָדן באַלאַנגט צום קרן קימת.

„אָנגעהויבן האָבן מיר מיט אַ קליינער גרופּע חברים, אַפילו ניט מיט קיין מנין — 9 חברים און 2 חברות — צוריק מיט 42 יאָר. דאָס לעבן איז געווען זייער שווער. עס איז ניט געווען קיין וועג, קיין בריק איבער דעם ירדן, קיין בוים, קיין גרעזעלע. אַלץ אַרום איז געווען פּוסט, אַן אמת׳ער מדבר. דאָס ערגסטע זיינען אָבער געווען די אָפטע אָנפאַלן פון די בעדואינער, און אויב עס האָט שוין יאָ עפּעס אַרויסגעשפּראָצט, האָבן זיי דאָס פאַרניכטעט. און דאָך, ניט קוקנדיק אויף אַלע געוואַלדיקע פיזישע שוועריקייטן, האָבן מיר געליטן און געבויט. היינטיקן טאָג פאַרמאָגט דגניה העכער טויזנט נפשות. מיר האָבן שוין אַ דגניה „ב״. מיר האָבן אַנטוויקלט אַ ווירטשאַפט. מיר האָבן זיך ניט וואָס צו באַקלאָגן. דגניה האָט שוין אירע אייגענע דערוואַקסענע קינדער און אייניקלעך. פון דעם אַמאָליקן צווייפל, שפּאָס און אומצוטרוי, אַז אויך אַזאַ פאָרמע פון לעבן קען געדויערן און עקזיסטירן, האָט זיך אויס־געקריסטאַליזירט אַ רעאַלע ווירקלעכקייט, אַ לעבן וואָס שאַפט, בויט פאַר זיך אַ געזונטן לעבן און אַן עקאָנאָמיע פאַרן לאַנד״.

די דעלעגאַציע מאַכט אַ שפּאַציר איבער דעם משק, קוקט און באַוואונדערט די שיינע ביימער־אַלייען, וועלכע פירן צו פאַרשידענע הייזער פון דער קבוצה,

און באַזוכן, אונטער דער פירערשאַפט פון יוסף באַראַץ, דעם בית גאָרדאָן. חבר יוסף באַראַץ איז ווירקלעך, און מיט רעכט, זייער שטאָלץ מיט דעם מוזעאום, וואָס פאַראייביקט דעם נאָמען פון דעם אידעאָלאָג און חלוץ פון קבוצה־לעבן — א. ד. גאָרדאָן.

אָט־דער מוזעאום איז שוין דורך די יאָרן פון זיין עקזיסטענץ געוואָרן אַ שם דבר און ווערט באַוואונדערט פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג און פון טוריסטן, אידן און קריסטן צוגלייך. עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז אין אַזאַ קליינער געמיינדע, וואָס אַפילו איצט באַשטייט זי ניט מער פון אַ טויזנט נפשות, זאָל מעגלעך זיין און עקזיסטירן אַזאַ פיינער מוזעי, וואָס וואָלט זיכער געווען אַ שטאָלץ פאַר אַ שטאָט מיט אַ באַפעלקערונג פון הונדערט מאָל גרעסער. די אַרבעט פון בויען דאָס הויז, און איבערהויפּט די מי און קענטעניש פון צונויפזאַמלען אָט־די אַלע מינים חיות, פייגלען און שרצים, וואָס לעבן אין דער ערד און אונטער די הימלען פון ארץ ישראל, איז אַן אַרבעט פון מענטשן מיט אַ פיינעם געשמאַק און אינטעלעקט, און גיט אַ רמז אויף דעם גייסטיקן ניוואָ פון די מיטגלידער פון קיבוץ דגניה.

אונזער גרופּע האָט אויך באַזוכט דעם באַרימטן טאַנק, וואָס ליגט ביי דעם אַריינגאַנג פון דגניה, ווי אַ זכר פון דעם העראָאישן קאַמף, וואָס דגניה האָט אָנגעפירט אין דעם באַפרייאונגס־קריג.

הגם עס איז געווען געשמאַק וואַרעם, איינע פון יענע שטאַרקע היצן, וואָס נעצן דורך דעם קערפּער מיט שווייס, האָט זיך פונדעסטוועגן קיינעם ניט געגלוסט צו שיידן מיטן אָנגענעמען באַזוך אין דגניה, די מוטער פון די קבוצה׳ס, און פון דעם ליבן באַגלייטער, אונזער חבר יוסף באַראַץ און זיין פרוי מרים. אָבער די פּראָגראַם האָט גערופן צו באַזוכן טבריה און אין צייט קומען קיין תל־אָביב, האָבן מיר זיך געזעגנט, געזאָגט שלום צו די חברים פון דגניה און געפאָרן ווייטער.



# אונזער באַזוך אין באר־שבע

פֿון דגניה, וואו די דעלעגאַציע האָט געקראָגן אַזאַ וואַרעמע אויפנאַמע פון די חברים, ספּעציעל פון יוסף באַראַץ, איז אונזער גרופּע אַרייַנגעפאָרן קיין טבריה צו עסן מיטאָג.

אין האָטעל „גובערמאַן", וואו אַלץ איז פריער באַשטעלט און צוגעגרייט געוואָרן, האָט די דעלעגאַציע באַגעגנט חבר ווייס, דער מעיאָר פון שטאָט. ווייס, דער ראש העיריה פון טבריה, איז זייער אַן אָנגעזעענער חבר אין דער הסתדרות און איז אַ באַקאַנטע פיגור ביי די געסט און חברים וועלכע באַזוכן די שטאָט טבריה.

ער באַגריסט די חברים אין נאָמען פון דער שטאָט, און אין נאָמען פון דער הסתדרות פון טבריה, און גיט איבער פאַקטן פון טבריה אַמאָל און היינט: אין צייט פון בריטישן מאַנדאַט, דערציילט ער, האָט טבריה געהאַט אַרום 2,500 אידישע נפשות; היינט פאַרמאָגט די שטאָט 18 טויזנט אידן. דער גרעסטער טייל פון זיי, זאָגט ער, זיינען ווי־עס־איז איינגעאָרדנט. די שוועריקייטן זיינען אָבער ניט אַזוי עקאָנאָמישע, ווי קולטורעלע. אַ סך פון די עולים קומען פון די אַראַבישע צוריקגעשטאַנענע לענדער. זיי דאַרף מען לערנען, דערציען, כדי זיי זאָלן קענען אינטעגרירט ווערן ווי פרייע ישראל־בירגער. דאָס איז אַ קאָלאָסאַלע אַרבעט. מיט דעם גיבן זיך אָפּ די חברים פון דער הסתדרות, און זיי האָבן טיילווייז דערפאָלג.

אַמאָל, האָט ער פאַרגעזעצט, איז דער שטאָט־בודזשעט געווען 25 טויזנט פונט; דער היינטיקער בודזשעט דערגרייכט שוין אַ מיליאָן פונט. אַמאָל זיינען געווען בלויז 900 קינדער אין די שולן, היינט ציילן זיי איבער 4,000. פון דעם אַליין, האָט ער געזאָגט, קען מען זען ווי די שטאָט וואַקסט און ברייטערט זיך אויס. אַרום טבריה געפינט זיך אָבער נאָך אַלץ איינע פון די גרעסטע מעברות אין לאַנד מיט טויזנטער עולים, פאַר וועלכע עס איז נאָך אַלץ ניטאָ קיין פערמאַנענטע היימען און זיי זיינען נאָך אַלץ אָנגעוויזן מיט זייער חיונה פון דרויסן. דאָס איז פאַר אונז איינע פון די שווערסטע פּראָבלעמען, וואָס לאָזט אונז ניט רוען ביז עס וועט זיין אַ לייזונג פאַר דעם.

אָבער פונדעסטוועגן, ניט קוקנדיק אויף אַלע שוועריקייטן און האַרבע פּראָבלעמען וואַקסט און בויט זיך די שטאָט. טבריה ווערט אַן אַרבעטס־

שטאָט, און וועט אויך אין דער נאָענטער צוקונפט ווערן איינע פון די בעסטע קור־ערטער פון מיטל־מזרח. עס איז אַוודאי ניט אויסגעשלאָסן, אַז די מאָדערנע טבריה, מיט אירע הייסע מינעראַלע קוואַלן, פיינע האָטעלן און וואַרעמען וואַסער, זאָל ווערן אַנציִענדיק צו טוריסטן פון אייראָפּע און אַמעריקע.

מיר, די פאַרוואַלטער פון שטאָט, טוען אַלץ וואָס מעגלעך אַז אונזערע חמי־טבריה — די וואַסער־קוואַלן, וועלכע זיינען געוויס ניט ערגער פון אַזעלכע קוואַלן אין קאַרלסבאַד אָדער מאַריענבאַד, און אַפילו די מינעראַל־קוואַלן אין סאַראַטאָגאַ ספּרינגס אין אַמעריקע זאָלן באַוואוסט ווערן צו די אידן פון אַמע־ריקע און אַנדערע לענדער, וועלכע באַזוכן קור־ערטער. צוליב דעם אינוועס־טירט די מוניציפּאַליטעט פון טבריה גרויסע קאַפּיטאַלן צו פאַרגרעסערן און פאַרשענערן די שטאָט. אין נאָמען פון שטאָט דאַנק איך אייך פאַר אייער באַזוך און מיר האָפן, אַז אין דער נאָענטער צוקונפט וועלן וואָס מער חברים בפרט, און אַמעריקאַנער אידן בכלל, צו אונז קומען און פאַרברענגען די ווינטער־מאָנאַטן אין דער וואַרעמער טבריה.

פאַר דער דעלעגאַציע האָט געענטפערט חבר טאַלפען. ער האָט אין נאָמען פון אַלע אויסגעדריקט אַ האַרציקן דאַנק צו דעם מעיאָר פון טבריה, חבר ווייס, פאַר זיין פריינטלעכקייט און אים צוגעזאָגט צו מאַכן פּאָפּולער צווישן אַמעריקאַנער אידן די פיינע, היסטאָרישע שטאָט און קור־אָרט — טבריה.

פון דעם „גובערמאַן"־האָטעל איז די דעלעגאַציע געפאָרן צו באַטראַכטן די שטאָט, דעם ים כנרת, דעם קבר פון בערל קאַצענעלסאָן, וואו יוסף באַראַץ האָט אין אַ קורצער רעדע דערציילט וועגן דעם לעבן און ווירקן פון דעם טעאָרעטיקער פון חלוציזם — בערל קאַצענעלסאָן.

עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן טונקל און עס איז ניט געבליבן מערער צייט צו פאַרברענגען אין די געגנטן. אויך איז דער עולם פון דער דעלעגאַציע געווען שטאַרק דערשעפּט פון אַזאַ אָנשטרענגענדיקן טאָג אַרומפאָרן, זיינען דעריבער די אויטאָבוסן געאָרדנט געוואָרן צו פאָרן גלייך קיין תל־אָביב, אויסלאָזנדיק אַ סך אינטערעסאַנטע פּלעצער וואָס איז פריער געווען באַשטימט צו באַזוכן.



אויף דאָנערשטיק, דעם 6טן אויגוסט, איז באַשטימט געוואָרן צו באַזוכן דעם נגב. ווען איך זאָג דעם נגב, מוז איך באַלד מאַכן איין קוואַליפיקאַציע,

און דאָס איז, אַז עס איז בלויז אַ טייל פון נגב. כדי צו באַזוכן דעם גאַנצן נגב דאַרף מען פאָרן ביז אילת — אַ שטרעקע וואָס וואָלט בשום אופן ניט מעגלעך געווען צו מאַכן אין איין טאָג און אויך ניט אין די טורינג־באָסעס, אין וועלכע מיר זיינען אַרומגעפירט געוואָרן. אונזער דעלעגאַציע האָט בלויז באַזוכט די פאָדערשטע טייל פון דעם נגב, ביז באר שבע.

אָבער אַפילו אַ רייזע איבער אַ טייל פון נגב, בלויז ביז באר שבע, איז אויך אַ גאַנץ שווערער עסק. ווייל עס געדויערט היפּשע עטלעכע שעה. מ׳דאַרף פאָרן אויף וועגן, וואָס כאָטש זיי זיינען שוין אַן ערך בעסער ווי מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, איז די רייזע דאָך אַ שווערע. ספּעציעל אין די הייסע טעג, ווען עס קומט אויס צו פאָרן דורך פאַרטריקנטע שטרעקעס אָן גראָז און אָן ביימער, וועלכע זאָלן אַביסל פאַרשטעלן די ברענענדיקע זון — אַ געגנט, וואו מען געפינט קוים ערגעץ־וואו זיך אָפּשטעלן און לעשן דעם דורשט פון די צעהיצטע קערפּערס.

און דאָך וואָלט אַ טוריסט גאָר אַ סך פאַרלוירן, ווען זייענדיק אין ישראל זאָל ער פאַרפעלן אָנצוקוקן די געוואַלדיק־גרויסע שטחים לאַנד — לאַנד, אמת, נאָך פאַרטריקנטע, ניט־באַארבעטע, אָבער דאָס וואָס דאָס לאַנד קען זיין אין דער פּאָטענץ, ווען — ווען עס וועלן רעאַליזירט ווערן אַלע פּלענער און פּראָיעקטן וואָס עס ווערן צוגעגרייט דאָס לאַנד פּרוכטבאַר צו מאַכן.

נאָך אַלע שוועריקייטן פון זיך אַהין צו דערלאַנגען, איז אָבער ווערט צו כאַפּן אַ בליק אויף דעם גאַנצן נגב, דעם טייל פון ישראל, וואָס ווערט מיט רעכט אָנגערופן די האָפענונג און צוקונפט פון ישראל, וואָרים 60 פּראָ־צענט פון די אַכט טויזנט „סקווער־מייל״ פון דער גאַנצער ישראל־טעריטאָריע ליגט אין נגב.

הגם די שטרעקעס פון נגב האָבן הונדערטער יאָרן געפּוסטעוועט און אַפילו ביז 1943 געאָגראַפיש ניט געצייכנט געוואָרן, האָבן די חלוצים מיט אַן אויג פאַר דער צוקונפט, אָנגעהויבן צו עטאַבלירן ישובים אפילו נאָך פאַר דער גרינדונג פון דער מדינה.

אַגראַר־עקספּערטן ווייזן אָן, אַז דער נגב איז ניט קיין מדבר, און איז אַפילו ניט קיין לאַנד־איינהייט, נאָר באַשטייט אין ערטער פון ים־ברעגן, בערגיקע געגנטן א. אַ. וו. בלויז אַ קליינער טייל פון דעם גרויסן שטח איז מדבר, וואו עס איז גאָרניט געוואַקסן. די איבעריקע געגנט, ספּעציעל דער טייל פון דרום צו באר־שבע, איז אַמאָל געווען אַ בליענדיקער צענטער און אַ

פונקט פאַרן וועלט־האַנדל. נאָר ווען די אַראַבער האָבן איינגענומען די געגנט אין דעם זיבעטן יאָרהונדערט, האָבן זיי פאַר׳חתמ׳עט דעם שיקזאַל פון דעם נגב מיט דעם, וואָס זיי האָבן אויפגעהערט צו שיקן קאַראַוואַנען, אַזוי אַז די באַפעלקערונג וועלכע האָט דאָרט געוואוינט האָט דעם געגנט געמוזט פאַרלאָזן.

פון יענער צייט אָן איז דער נגב בלויז געוואָרן די היים פון אַ פּאָר טויזנט וואַנדערנדיקע בעדואינער.

אין 1943, ערשט מיט 10 יאָר צוריק, איז דער גאַנצער נגב בלויז געווען באַוואוינט פון אַ פּאָר טויזנט אַראַבער אין באר־שבע און אייניקע בעדואינער־שבטים. בלויז די עקספּערימענטאַלע אידישע ישובים זיינען אין דעם יאָר געגרינדעט געוואָרן.

אָבער אין 1946 האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַ גרעסערע אידישע קאָלאָניזאַציע אין נגב. גאַנצע 11 ישובים זיינען געגרינדעט געוואָרן. און זינט דער עטאַבלירונג פון דער מדינה איז דער פּראָצעס פון גרינדן קיבוצים און ישובים אַ שטענדיקער און גייט־אָן אומאונטערבראָכן.

די אַגראַר־עקספּערטן באַהויפּטן, אַז דאָס לאַנד אין נגב איז פּרוכטבאַר ווען מען באַוואַסערט דעם באָדן, און קען געבן פּרנסה צו די, וועלכע וועלן דעם באָדן טיכטיק באַאַרבעטן.

אין צפון פון באר־שבע, צום ביישפּיל, געפינט זיך דער קיבוץ „אורים", וואו אַ סך פון די אַמעריקאַנער „הבונים" געפינען זיך. און אין דרום פון באר־שבע געפינען זיך די קיבוצים רומה, דורות, נירים און יד־מרדכי.

די הויפּט־פּראָבלעם צו באַזעצן דעם נגב איז, נאַטירלעך, וואַסער. ביז וואַנען עס וועט ניט אָנהויבן צו פליסן קיין מים חיים, וועט דער פּראָצעס זיין לאַנגזאַם און שווער.

כדי צו ברענגען וואַסער אין נגב, דאַרף מען קודם־כל האָבן רערן (פּייפּס) און צו פירן אַזוי פיל שווערע רערן פון אַמעריקע אָדער פון אייראָפּע איז אַ שווערער און קאָסטבאַרער ענין. האָט מען דעריבער געגרינדעט אַ גרויסע רערן־פאַבריק אין מגדל־גד, אָדער ווי זיי רופן דאָס, מגדל אשקלון, וואו עס ווערן איצט פּראָדוצירט, אונטער דער אויפזיכט פון אַמעריקאַנער אינזשינערן, די גרויסע 8־פוסיקע אין דיאַמעטער רערן, וואָס ווערן געלייגט אין דער ערד צו פירן וואַסער פאַר איריגאַציע אין די ווייטסטע געגנטן פון נגב. פון וואַנען די וואַסער וועט קומען און די פּראָיעקטן וואָס מען בויט דערפאַר, ווייסן שוין

אַלע פון דעם סכסוך וואָס פירט זיך איצט אין די יונאַיטעד נעישאָנס מיט סיריע.

אין דער רערן־פאַבריק אין מגדל־גד אַרבעטן שוין איצט איבער 100 אַרבעטער, מערסטע ניי־אָנגעקומענע, וועלכע זיינען דאָרט טרענירט געוואָרן. אידן פון פאַרשידענע לענדער, וועלכע האָבן פריער קיינמאָל קיין פאַבריק אין זייערע אויגן ניט געזען, זיינען איצט באַשעפטיקט אין אַ זייער נוצלעכער פּראָדוקציע, וואָס גיט זיי חיונה און זיי העלפן אין דער זעלבער צייט אין דער בויאונג פון לאַנד. דאָס שטעטל מגדל־גד בויט זיך, כדי צו קענען הויזן די באַפעלקערונג וואָס אַרבעט אין דער פאַבריק פון רערן, און וועט מיט דער צייט אויסוואַקסן אין אַ שיין גאָרטן־שטעטעלע ווי נתניה.

עס איז אויך דאָ אַ מעגלעכקייט, האָט מען אונז דערציילט, אַז געוויסע ערטער פון נגב זאָל מען קענען באַאַרבעטן אַפילו אָן קינסטלעכער באַוואַסע־רונג. די עקספּערטן זאָגן, אַז ווייץ און גרייפּלעך (בארלי) זאָל קענען וואַקסן אין פּלעצער וואו עס פאַלט אַ קליינע מאָס רעגן אין פאַרלויף פון יאָר.

אין 1951, למשל, האָט מען פאַרזייט צענדליקער־טויזנטער דונאַם לאַנד אין אַזעלכע ניט־באַוואַסערטע געגנטן. געטאָן האָבן עס פאַרשידענע קיבוצים אין לאַנד, און די רעזולטאַטן זיינען געווען זייער גוטע. אַ יאָר שפּעטער, אין 1952, האָט מען געטאָן דאָס זעלבע, אָבער עס איז שוין דעם יאָר אַפילו קיין טראָפּן רעגן ניט געפאַלן און אַלץ איז פאַרלוירן געגאַנגען.

אָט־די אַלע פאַקטן איז גוט צו וויסן פאַר די, וועלכע אונטערנעמען אַ רייזע און אַ באַזוך אין נגב. די טוריסטן וועלן דאַן פאַרשטיין די וויכטיקייט פון דער טייל פון דער מדינה, און פאַרוואָס מען פירט זיי אַזאַ לאַנגע רייזע אָנצוקוקן שטרעקעס פאַרטריקנטע שטחים, אָן גראָז און אָןביימער. אָבער וואו ניט וואו, אין דער ווייטקייט, ווען מ׳פאָרט אַריבער דעם קיבוץ „נגבה“, באַגעגנט מען איינעם אָדער צוויי ישובים וואָס קוקן פון דער ווייטנס אויס טאַקע נאָר ווי עפּעס אַן אָאַזיס אין דער מדבר.

און אַזוי דורך אַזאַ לאַנדשאַפט, אָבער שוין אויף אַ געשניטענעם און געפלאַסטערטן וועג, פאָרט מען לאַנגע שטרעקעס ביז מען קומט אָן אין באר־שבע.

איך פערזענלעך געדענק מיין ערשטן וויזיט אין באר־שבע אין 1949, ווען די באַפעלקערונג איז געווען אַ פּאָר טויזנט. איצט איז די שטאָט ניט צו דערקענען. מען האָט דורך דער צייט אויסגעבויט הונדערטער שיינע צוויי־

שטאָקיקע הייזער, אין וועלכע עס וואוינען עולים פון פאַרשידענע לענדער און די שטאָט האָט שוין איצט אַ באַפעלקערונג פון איבער 20 טויזנט איינוואוינער. און דאָס איז, לויט ווי ס׳זאָגן די חברים, פאַרוואַלטערס פון דער שטאָט, בלויז אַן אָנהויב. וואָרום זיי האָבן די וויזיע, ווי אַזוי די שטאָט וועט זיך דאַרפן פאַרגרעסערן ווען עס וועט טיפער אין נגב אָנהויבן צו פליסן די גרויסע קוואַנטומס פון די נאַטירלעכע אוצרות וואָס ליגן דאָרט באַגראָבן אין דער ערד, ווי: אייזן, קופּער, פּאָטאַש און אַ סך אַנדערע מינעראַלן, וואָס מיר ווייסן ניט זייערע נעמען. אָט־די אַלע אוצרות וועלן דאַרפן באַאַרבעט ווערן אַזוי, אַז די אַלטע באר־שבע, וואָס יעדער אידישער אינגעלע באַגעגנט ווי נאָר ער הויבט אָן לערנען חומש, וועט, לויט זייער מיינונג, אויסוואַקסן צו אַ גרויסער מעטראָפּאָליע, צו אַ צענטער פון קאָמערץ און אַרבעט, אַ שטאָלץ פאַר דער אידישער מדינה און אידישן פאָלק. און ווען איינער וואָס איז דאָ געווען מיט אַ דריי־פיר יאָר צוריק זעט וואָס עס איז דורך די פאָר יאָר געטאָן געוואָרן, קען ער ניט צווייפלען אין דעם וואָס די באר־שבע׳ער דער־ציילן אייך. אַלץ וואָס איר דאַרפט טאָן, ווען איר הערט דאָס, איז זאָגן: אָמן ואָמן.



# די אויפנאַמע אין דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע

שפּעט אין אָוונט האָט זיך אונזער דעלעגאַציע אומגעקערט פון דער רייזע אין נגב. רייכער אין דערפאַרונג פון דעם וואָס זיי האָבן אין דעם טייל נגב געזען, אָבער דערשעפּט פון דער היץ און אָנשטרענגונג וואָס אַזאַ נסיעה נעמט אין די זומער־הייסע טעג.

זיינען אַלע דעריבער ווירקלעך געווען צופרידן וואָס דאָס איז געווען די לעצטע גרויסע רייזע, און דאָס וואָס זיי קערן זיך אום צוריק אין די האָטעלן פאַר אַ פּאָר טעג רו איידער מען מאַכט דעם גרויסן שפּרונג צוריק אַהיים קיין אַמעריקע.

די פּאָר טעג רו, וואָס מען האָט אונזער דעלעגאַציע צוגעטיילט אין תּל־אביב, האָבן זיי גערן געוואָלט כּדי צו זען פריינט און באַקאַנטע, און די הויפּט־זאַך אָבער — איינצוהאַנדלען מתּנות און סואווענירס צו ברענגען אַהיים פון ישראל.

עס זיינען נאָך אָבער געווען פאַרבליבן אַ פּאָר אָפיציעלע אויפנאַמעס אויף דער פּראָגראַם פאַר דער גאַנצער גרופּע, און אַ פּאָר באַגעגענישן מיט חברים פאַר קלענערע גרופּן, וועגן וועלכע איך וועל דאָ דערציילן איידער איך ענדיק מיינע איינדרוקן פון דער נסיעה פון דער פינפטער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע אין ישראל.

די חברים פון ישראל, וועלכע האָבן געהאַט די אויפזיכט איבער אונזער שפּאַציר אין ישראל, האָבן געוואָלט אַז אונזער גרויסע גרופּע אַמעריקאַנער טוריסטן, פריינט פון דער הסתדרות, זאָלן באַגעגענען דעם אַמעריקאַנער אַמ־באַסאַדאָר, מאָנעט דייוויס, פּונקט ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן אין 1951 מיט דער צווייטער דעלעגאַציע. דער איצט־פאַרשטאָרבענער אַמבאַסאַדאָר דייוויס איז אָבער דעמאָלט ניט געווען אין ישראל, האָבן זיי דעריבער איינגעאָרדנט אַ באַזוך פאַר אונז ביי דעם „שאַרזש דע אַפעיר", טשאַרלס באָסעל, אין זיין וואוינונג אין רמת־גן.

דאָס איז געווען מיטוואָך, דעם 5טן אויגוסט, שפּעט נאָכמיטאָג, ווען די פייערדיקע ארץ־ישראל זון האָט זיך שוין געהאַט אַראָפּגעלאָזן אַביסל נידע־ריקער און אירע הייסע שטראַלן זיינען שוין ניט געווען אַזוי ברענענדיק. האָבן מיר זיך אַלע פאַרזאַמלט אויף דער וועראַנדע פון דעם ירקון־האָטעל,

אויסגעפוצט אין אונזערע בעסטע זומערדיקע קליידער, אונזערע העמדער באַצירט מיט שניפּסן, ווייל עס איז דאָך ניט שיין צו קומען צווישן אַזאַ הויכער דיפּלאָמאַטישער געזעלשאַפט מיט צעכראַסטעטע העלזער.

מיט אונז אין די אויטאָבוסן זיינען מיטגעפאָרן אונזערע גאידס, פאַר־טרעטער פון דער הסתדרות, און פּאָבליק רילעישאָנס לייט, אונז צו באַקענען און פאָרשטעלן פאַר די אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַטן.

עס איז ווירקלעך ביי אַלעמען פון אונז געווען אַ גרויסער יום־טוב — אַ זעלטענע דערפאַרונג צו פאָרן באַגעגענען אונזער אייגענעם אַמבאַסאַדאָר, וואָס פאַרטרעט די אינטערעסן פון אַמעריקע דאָ אין מדינת ישראל.

עס האָט בלויז גענומען 15 מינוט ביז מיר זיינען צוגעפאָרן צו דעם הויז וואו עס געפינט זיך די וואוינונג פון „שאַרזש דע אַפעיר״, באַסעל. די שטילע און באַבלימטע גאַס אין רמת־גן, וואו באַסעל וואוינט, איז פּלוצלונג באַלעבט געוואָרן מיט צוויי גרויסע אויטאָבוסן, פון וועלכע עס זיינען אַראָפּ־געגאַנגען אַזאַ גרויסע גרופּע מענער און פרויען. פאַרלעכטוויז האָבן מיר אַריינגעשפּאַצירט אין אַ שיינעם גאָרטן וואו באַסעל, פאַרטרעטנדיק מאָנעט דייוויס׳ן, איז געשטאַנען — אַ הויכער, שלאַנקער אַמעריקאַנער, און זיין פרוי, מרס. באַסעל, אויך שלאַנק און הויך געוואַקסן. זיי האָבן יעדן פון אונז אויפגענומען מיט אַ דריק פון האַנט און ווילקאָמען און מיר האָבן בשעת מעשה געזאָגט אונזערע נעמען און פון וואָס פאַר אַ שטעט מיר קומען.

שוין וואַרטנדיק אויף אונז אין גאָרטן, צוזאַמען מיט די באַסעלס, האָבן מיר געפונען וואָלטער איתן, פון דעם אויסלענדישן דיפּלאָמאַטישן דעפּאַרט־מענט פון דער ישראל־רעגירונג, און נתן בר־יעקב, פון דער הסתדרות.

דער שיינער גאָרטן, האָבן מיר באַלד באַמערקט, איז ניט נאָר געווען אָנגעפילט מיט ביימער, בלומען און מענטשן, נאָר אַז עס זיינען אויך געווען אויסגעשטעלט טישן, און אויף די טישן האָבן זיך געפונען אַלערליי משקאות און עסנוואַרג צו פאַרבייסן, אָנגעגרייט פאַר אונז זיך אונטערצוהאַלטן.

עס איז איבעריק, גלויב איך, פאַר מיר צו דערציילן, אַז די שרי־המשקים (באַרטענדערס) זיינען באַלד שטאַרק באַשעפטיקט געוואָרן מיט סערווירן די פאַרשידענע געטראַנקען, ליקערן און „סקאָטש־וויסקיס״, וועלכע זיינען שטאַרק פּאָפּולער אין אַמעריקע. כמעט אַלע, אַפילו אונזערע פרויען וואָס זיינען געוויינלעך ניט פון די גרויסע טרינקער, האָבן געפּרואווט צו פאַרזוכן פון די משקאות און „אָדערווס״ וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף טישן.

צו אונזער אייגענער גרופּע גאַידס און באַגלייטער זיינען באַלד צוגע־קומען אַ היפּשע צאָל אַמעריקאַנער מענער און פרויען, וועלכע אַרבעטן אין דער אַמבאַסאַדע. צווישן זיי זיינען אויך געווען הויכע באַאַמטע, געשיקט אַהער פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג אַכטונג צו געבן און צו פאַרוואַלטן די „גרענט אין עיד" פון פּונקט 4 פאַר דעם מיטעלן מזרח.

דער עולם האָט זיך אונטערהאַלטן מיט דער משקה און צובייסן און האָבן בשעת מעשה געשמועסט מיט די מענער און פרויען, וועלכע געפינען זיך דאָ אין ישראל אויף פּאָסטנס פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג.

דער שמועס, נאַטירלעך, איז געווען פּריוואַט, „אָף דהי רעקאָרד", ווי מען זאָגט ביי אונז אין אַמעריקע. מיר האָבן פון זיי געוואָלט וויסן וואָס זיי דענקען וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע אין לאַנד און וועגן די באַציאונגען מצד די אַראַבישע שכנים, וואָס האָבן גראָד אין די טעג פון אונזער זיין אין ישראל פון זיך שטאַרק געלאָזט הערן טעגלעך מיט אַריינדרינגען איבער די גרענעצן, גנבות און מערדערייען.

אָבער ניט אַלע האָבן געוואָלט זאָגן עפּעס פּאָזיטיווס, נאָר האָבן זיך אין די שמועסן געהאַלטן פריינטלעך־דיפּלאָמאַטיש, לויבנדיק די בוי־אַרבעט און די געוואַלדיקע אָנשטרענגונג וואָס דאָס לאַנד מאַכט זיך צו שטעלן עקאָנאָמיש אויף אַ בעסערן באַזיס.

אַ פאַרטרעטער פון דעם אַמעריקאַנער אַגריקולטור־דעפּאַרטמענט, מיט וועמען מיר איז אויסגעקומען צו ריידן — ווען איך האָב אים געפרעגט וואָס ער דענקט וועגן די מעטאָדן פון פאַרמעריי, וואָס ווערן אין לאַנד אָנגעווענדעט, האָט ער געענטפערט, אַז דערווייל שטודירט ער אַלץ וואָס דאָ ווערט געטאָן. זיינע מיינונגען און אפשר רעקאָמענדאַציעס וועט ער זאָגן שפּעטער.

און אַזוי איז אַוועק אַ היפּשע צייט מיט זופּן געטראַנקען און מיט שמועסן. די פאָטאָגראַפּערס, אונזערע אייגענע דעלעגאַטן און די פּראָפעסיאָנעלע, וועלכע זיינען ספּעציעל געקומען, האָבן דערווייל גענומען בילדער פון די פאַרשידענע גרופּקעלעך, וועלכע זיינען געווען צעוואָרפן אין גאָרטן. יעדע קליינע גרופּע האָט אַרומגערינגלט אַ דיפּלאָמאַט און גערעדט מיט אים וועגן אַמעריקאַנער אין דעם מיטל־מזרח.

וואָלטער איתן, פאַרטרעטער פון ישראל'ס אויסלענדישן דעפּאַרטמענט, האָט אין אַ קורצער רעדע דערציילט דעם „שאַרזש דע אַפעיר" באַסעל און אַלע אַמעריקאַנער רעגירונגס־מענטשן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין גאָרטן

ביי דער אויפנאַמע, אַז מיר זיינען אַ גרופּע אַמעריקאַנער בירגער, פּריינט פון דער הסתדרות און פון מדינת ישראל; אַז מיר זיינען שוין די פינפטע יערלעכע דעלעגאַציע אַזעלכע, וועלכע קומען אַהער יעדן זומער באַזוכן דאָס לאַנד און באַטראַכטן וואָס עס ווערט געטאָן, כדי ווייטער צו קענען אָנפירן די הילפס־אַרבעט, וואָס איז אין אַמעריקע אונטערגענומען געוואָרן נאָך מיט 33 יאָר צוריק.

נאָך וואָלטער איתן האָט גערעדט טשאַרלס באַסעל אַליין. ער האָט אויס־געדריקט זיין צופרידנקייט צו זען אַזאַ גרויסע גרופּע אַמעריקאַנער בירגער זיך צו אינטערעסירן מיט דער בוי־אַרבעט און פּראָגרעס פון מדינת ישראל. ער האָט אונז באַגריסט און געזאָגט, אַז מיר זיינען ווילקאָמען דאָ אין דער אַמבאַסאַדע, וואָס רעכנט זיך פאַר אַמעריקאַנער טעריטאָריע. ער האָפט, אַז די פריינטלעכע באַציאונגען, וועלכע אַמעריקע האָט אָנגעקניפּט באַלד ביי דער אַנטשטייאונג און אָנערקענונג פון ישראל, וועט לאַנג דויערן, און אַז עס וועט זיין שלום און פרידן אין דעם מיטעלן מזרח, אַזוי אַז די יונגע רעפּובליק זאָל קענען אין פרידן ווייטער בויען און אַנטוויקלען דאָס לאַנד אויף אַ דעמאָקראַטישן און פּראָגרעסיוון אופן.

איך, אַלס פּאָרזיצער פון דער דעלעגאַציע, און אהרן בראָנשטיין, אַ מיטגליד פון אונזער גרופּע, האָבן אויסגעדריקט אונזער האַרציקן דאַנק צו דעם „שאַרזש דע אַפעיר" באַסעל, וואָס עס איז דורך אים אונז געגעבן געוואָרן די געלעגנהייט צו ברענגען אַהער די גרויסע דעלעגאַציע, אַזוי אַרום אויס־צודריקן אונזער רעספּעקט צו די פאַרטרעטער פון אונזער רעגירונג דאָ אין מדינת ישראל, ווינטשנדיק, אַז די פריינטשאַפט פון דער גרויסער, דעמאָקראַ־טישער רעפּובליק אַמעריקע זאָל קיינמאָל ניט פאַרמינערט ווערן און אַז די קעגנזייטיקע הילף, וואָס אַמעריקע האָט ביז אַהער אַזוי ברייטהאַרציק געגעבן צו מדינת ישראל, וועט פאַרגרעסערט ווערן — אַ הילף אָנערקענט און געשעצט פון יעדן פּראָגרעסיוון מענטשן.

און מיט דעם האָבן מיר זיך געזעגנט מיט אונזערע פריינטלעכע מיט־בירגער, אַרויסגעשפּאַצירט פונעם גאָרטן צו אונזערע וואַרטנדיקע באָסעס כדי אומקערן זיך צוריק קיין תל־אביב.

פאָרנדיק צוריק פון דער פיינער אויפנאַמע פון אונזערע רעגירונגס־פאַרטרעטער דאָ אין לאַנד, איז שוין געווען כמעט טונקל. דער ברייט־געפלאַסטערטער וועג, וואָס פירט פון רמת־גן קיין תל־אָביב, איז געווען

באַלעבט מיט אַ סך לאַסט־וועגענער, אויטאָמאָבילן און וועלאָסיפּעדן (באַי־סיקלס) פון אַן עולם וואָס קערן זיך אום צוריק פון זייער אַרבעט. איך האָב אַרויסגעקוקט דורך דעם פענסטער פון אונזער לויפנדיקן אויטאָבוס, אָבער מיינע געדאַנקען זיינען נאָך אַלץ געווען געווענדעט צו דעם וואָס ס'איז נאָר־וואָס פאָרגעקומען אין גאָרטן פון אַמעריקאַנער „שאַרזש דע אַפעיר" באסעל אין רמת־גן. איך האָב געטראַכט: צי האָט מען זיך אַזוי געקענט פאָרשטעלן ערשט מיט וועלכע זיבן־אַכט יאָר צוריק — אַן אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע אין אַ פול־אָנערקענטער אידישער מדינה, נעמט־אויף אַ גרויסע גרופּע אידיש־אַמעריקאַנער בירגער, וועלכע זיינען געקומען אין דער אידישער מדינה צו זען און זיך פרייען מיט איר פּראָגרעס! יאָ, אַזעלכעס וואָלט דעמאָלט אַוודאי געקלונגען פאַנטאַסטיש, אָבער איצט איז דאָס אַ פאַקט. עס איז געוואָרן אַ נאַטירלעכע דערשיינונג, צו וועלכער מלוכה־לייט באַציען זיך נאָרמאַל, פונקט ווי צו יעדער אַנדער מדינה.

די אַמעריקאַנער מענער און פרויען וואָס מיר האָבן באַגעגנט אין טשאַרלס באסעל'ס גאָרטן, אויסער אונזערע, זיינען בלויז אַ טייל פון אַ פּערסאָנאַל פון 140 פּערזאָן, וועלכע געפינען זיך אין ישראל, אַרבעטנדיק אין פאַרשידענע „מישאָנס", באַשטימט פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג.

עס איז זיכער געווען צום גליק פון דער יונגער מדינה, וואָס באַלד אין אָנהויב פון איר עקזיסטענץ איז אַמעריקע דאָ געווען פאַרטראָטן פון אַזעלכע צוויי פריינטלעכע אַמבאַסאַדאָרן, ווי מעקדאָנאַלד און מאָנעט דייוויס. די צוויי דיפּלאָמאַטן האָבן זיכער אָפּגעשפּיגלט די פריינטשאַפט פון פּרעזי־דענט טרומאַן, זיין סימפּאַטיע צו דעם ווידערגעבורט פון אידישער זעלבסט־שטענדיקייט.

אונזערע חברים און חברות, פאָרנדיק צוריק אין די האָטעלן, זיינען געווען פריילעך און גוט אויפגעלייגט.

# דער צאתכם־לשלום באַנקעט פאַר דער דעלעגאַציע אין תל־אביב

די צייט זיך אומצוקערן צוריק קיין אַמעריקע האָט זיך דערנענטערט. מער ווי אַ העלפט פון אונזער גרופע פון זעכציק האָט לויט דעם פּראָגראַם געדאַרפט אָפּפליען זונטיק אָוונט, דעם 9טן אויגוסט. פון די אַנדערע זיינען אַ טייל פאַרבליבן אין ישראל גופא פאַר אַ לענגערער צייט, און אַ טייל זיינען געפאָרן באַזוכן איטאַליע און די שווייץ, איידער זיי האָבן זיך אומגעקערט אַהיים קיין אַמעריקע.

זיך צו געזעגענען מיט אונז האָבן די פריינט־חברים פון דער הסתדרות איינגעאָרדנט אַ צאתכם־לשלום פאַרזאַמלונג אויף פרייטיק נאָכמיטאָג, דעם 7טן אויגוסט, צוויי טעג פאַר אונזער אָפּפליען פון לוד קיין ניו־יאָרק.

די פאַרזאַמלונג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין דעם בית־ספר פון דער הסתדרות — אַ שולע וואו בהורים און מיידלעך, וועלכע קומען מערסטנס פון די דערפער, קיבוצים און מושבים, ווערן טרעניִרט אין זינגען, שפּילן, טאַנצן און דראַמאַטיקס. דאָס איז אַ זייער פיינע און נוצלעכע אינסטיטוציע, אין וועלכער מען לערנט אָט־די אויסגערעכנטע קונסטן די יונגע מענטשן, אַז זיי אַליין זאָלן זיין לערער און אָנפירער אין די ווייט־צעוואָרפענע דערפער איבערן לאַנד, וואו דער לעבן איז שווער און מאָנאָטאָן. און איבערהויפּט ווערט מיט דעם געצילט, אַז דאָס לעבן אין די דערפער, אויף דעם לאַנד זאָל זיין אינהאַלטס־רייכער און זאָל בכלל שטיין אויף אַ העכערער קולטור־ניוואָ...

אייניקע פון אונז, די וועלכע זיינען געווען אין ישראל מיט דער ערשטער דעלעגאַציע אין יאָר 1949, איז די אינסטיטוציע גוט באַקאַנט, ווייל מיר זיינען אין דעם בית־ספר געווען איינגעקוואַרטירט אָנשטאָט אין אַ האָטעל, דורך דער גאַנצער צייט וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אין תל־אָביב. מיר האָבן דעמאָלט באַגעגנט די יונגע בחורים און מיידלעך, און געזען און געהערט ווי אַזוי זיי פלעגן טרעניִרט ווערן. די גאַנצע גרויסע געביידע איז געווען אָנגעפילט מיט כאָר־געזאַנגען, טענץ און מוזיק. אַ באַגאַבטער מוזיקער, אַן עולה פון רומעניע, האָט אָנגעפירט מיט די געזאַנגען, מיט די טענץ און דראַמאַטיקס.

איך ווייס איצט ניט גענוי וויפיל יונגעלייט האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין דער שולע, אָבער עס האָבן זיך לייכט געוואָרפן אין די אויגן די פאַרשי־דענע טיפּן, וועלכע זיינען מן־הסתם געקומען פון פאַרשידענע לענדער, איינ־געשלאָסן טונקעלע געזיכטער פון תימן און אַנדערע אַראַבישע לענדער.

דער בית־ספר געפינט זיך טאַקע ניט ווייט פון דער גרויסער הסתדרות־געביידע, וועלכע איז ניט לאַנג צוריק דערעפנט געוואָרן און וועגן וועלכער עס איז אין דער צייט פון דער דערעפענונג אָנגעגאַנגען אַזאַ הייסע דעבאַטע, צי אַזאַ געביידע האָט איצט געדאַרפט געבויט ווערן.

דער געגנט, וואו עס געפינט זיך דער בית־ספר, איז אין 1949 ניט געווען פאַרבויט, דעריבער האָט עס צו אונז דעמאָלט אויסגעזען איזאָלירט, הינטער דער שטאָט. איצט אָבער איז ניט נאָר דער געגנט אָנגעפילט מיט געביידעס און וואוינונגס־הייזער נאָר צום בית־ספר זיינען צוגעקומען די גרויסע הסתדרות אָפיס־געביידע, די אברהם ליעסין־הויז, אַ פּראָיעקט פון דעם אידישן אַרבע־טער־קאָמיטעט, און בשעת אונזער זיין אין תל־אביב האָט מען דאָרט געלייגט דעם פונדאַמענט פונעם אייזיק העמלין צענטער — אַ פּראָיעקט פון דעם אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד.

אַזוי איז אָט־דער פריער־פאַרוואָרפענער געגנט־לאַנד, וואָס די הס־תדרות האָט וואַרשיינלעך געהאַט די וויזיע צו קויפן זייער ביליק, געוואָרן אַ הסתדרות־צענטער פון אָפיסעס און קולטור־הייזער.

דער בית־ספר אַליין איז דורך דער צייט וואָס מיר זיינען דאָרט געווען, אין 1949, פאַרגרעסערט געוואָרן. נאָך אַן עטאַזש איז אַרויפגעצויגן געוואָרן און מ׳קען איצט אַריינגעמען אַ סך מער תלמידים ווי פריער.

האָבן מיר זיך אַלע פאַרזאַמלט אין דעם אודיטאָריום פון אָט־דער גע־ביידע פאַר אונזער אָפּשייד.

מיט אונז זיך געזעגענען און זאָגן אונז „צאתכם לשלום” זיינען געקומען: מרדכי נמיר, גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער הסתדרות; יוסף שפּרינצאַק, פאָרזיצער („ספּיקער”) פון כנסת; ישראל מרום (מערעמינסקי), דירעקטאָר פון אַלע הסתדרות פאַך־שולן (טרעיד־סקולס) אין לאַנד און אַ צאָל אַנדערע אָנגעזעענע חברים פון דער הסתדרות.

דער פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען מרדכי נמיר. ער האָט אין אַ קורצער, זאַכלעכער רעדע, אָן אָראַטאָרישע פליטערלעך, אונז געזאָגט וויפיל די גרויסע הסתדרות־אָרגאַניזאַציע שאַצט־אָפּ די מאָראַלישע און

פינאַנסיעלע הילף וואָס די אַמעריקאַנער אידישע פאָלקס־מאַסן און פראָגרע־סיווע אָרגאַניזאַציעס און יחידים האָבן איר געגעבן זינט דער עטאַבלירונג פון דעם געווערקשאַפטן־קאַמפּעין. „אָט־די חברישע באַציאונג, הילף און סימפּאַטיע איז געווען אַ מעכטיקע שטיצע פאַר אונז, די הסתדרות, פאַר דעם ישוב און פאַר דער מדינה.

„פון קאָלאָסאַלער וויכטיקייט איז געווען, און איז איצט אויך, די באַציאונג צו אונז פון די גרויסע, מעכטיקע טרעיד־יוניאָנס, די סי. אַי. אָ. און די אַמע־ריקען פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר. די פריינטשאַפט פון וואָלטער רוטער און דזשאָרדזש מיני צו אונזער אַרבעט און אינספּיראַציעס, ווערן פון אונז גע־שעצט און מיר האָפן, אַז די פריינטשאַפט און קעגנזייטיקע פאַרשטענדעניש וועט אָנגעהאַלטן ווערן פאַר אַ לאַנגער, לאַנגער צייט.

„און דאָ, האָט ער געזאָגט, איז אונזער אַרבעט אַ קאָלאָסאַל־שווערע און אירע פּראָבלעמען ריזיקע; ווייל אונזער קאַמף איז ניט נאָר אַן עקאָנאָמישער טרעיד־יוניאָן קאַמף, נאָר אויך אַ נאַציאָנאַלער. מיר זיינען קודם־כל פאַר־אינטערעסירט אין בויען די מדינה. אונזער גאַנצער אויפטו, די אַרבעט און דערפאָלגן פון אויפבויען די מעכטיקע אָרגאַניזאַציע, און אַלץ וואָס מיר האָבן דורך דער צייט דערגרייכט, איז באַזירט אויף דער עקזיסטענץ פון לאַנד, פון דער מדינה. זאָל, חלילה, עפּעס טרעפן צו אונזער זעלבסטשטענדיקייט, מיינט אונזער גאַנצע אַרבעט פאַר די לעצטע 10 יאָר גאָרניט.

„מיר — האָט ער פאַרגעזעצט — האָבן דעריבער אַ צווייענדיקע ריזיקע אויפגאַבע: צו בויען און פאַרטיידיקן די מדינה, און אין דער זעלבער צייט זאָרגן פאַר דעם געזונט און וואוילזיין פון אונזער גרויסער מיטגלידערשאַפט".

נאָך דער דערפענונגס־רעדע פון נמיר, האָט גערעדט דער געוועזענער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער הסתדרות און דער איצטיקער דירעקטאָר פון די פאַך־שולן, ישראל מרום.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט הויפּטזעכלעך אויף דער קריטיק וועגן דעם הסתדרות־הויז און אויף די טענות און אַרגומענטן פון די אַלע, וועמען די הסתדרות איז גלאַט גרויס אין די אויגן. ער האָט אָנגעוויזן, אַז גראָד די, וועלכע האָבן באַצאָלט פאַר דעם הויז — די גרויסע מיטגלידערשאַפט וואָס האָט דאָס הויז געבויט — זיי האָבן ווייניק־וואָס געהאַט אויסצוזעצן וועגן די קאָסטן פון דער געביידע. די געביידע — האָט ער געזאָגט — איז געווען אַ בויטווענדיקייט צו קענען טראַנזאַקטירן אַלע געשעפטן פון די הסתדרות־

אונטערנעמונגען, וועלכע זיינען ביז איצט געווען צעוואָרפן אין הייזער ווייט אַוועק פון הויפּט־אָפיס. דאָס וואָס אַלע הסתדרות־צווייגן זיינען איצט צענטראַליזירט, וועט שפּאָרן ענערגיע און געלט, און די אַרבעט וועט זיין אַ סך מער שפּאָרעוודיק.

ער האָט אויך גערעדט וועגן דעם הסתדרות־קאַמפּעין אין אַמעריקע און וועגן די חברים, וועלכע ער קען אַזוי גוט פון זיינע אָפטע רייזעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ער איז געווען זייער צופרידן פון די יערלעכע וויזיטן פון פריינט פון הסתדרות און פריינט פון דער מדינה. ער האָט אונז געוואונטשן אַ בשלומ׳דיקע רייזע אַהיים און קומען באַזוכן מדינת ישראל וואָס אָפטער...

דער לעצטער רעדנער איז געווען יוסף שפּרינצאַק, אָט־דער ליבלעכער, הומאָרפולער וועטעראַן, ציוניסט און בויער, געוועזענער פירער פון דער הסתדרות. ער האָט נאָך קיינמאָל ניט פאַרפעלט, ווי פאַרנומען ער זאָל ניט זיין, צו קומען רעדן און באַגריסן דעלעגאַציעס אָדער גרופּן פון אַמעריקע. ספּעציעל איז אים צום האַרצן אַזעלכע דעלעגאַציעס וואָס ווערן געשיקט פון דער הסתדרות אין אַמעריקע.

דאָ מיט אונז איז ער שוין צום צווייטן מאָל. דאָס ערשטע מאָל איז ער געקומען קיין ירושלים אונז צו באַגעגענען, און אַהער אין בית־ספר איז ער געקומען מיט אונז זיך געזעגענען.

צו הערן זיינע אַ רעדע איז סתם אַ גרויס פאַרגעניגן, ווייל זיינע רעדעס זיינען אַלעמאָל דורכגעפלאָכטן מיט אַזוי פיל חן און הומאָר, אַפילו ווען ער רעדט וועגן די שווערסטע פּראָבלעמען, און פּראָבלעמען זיינען, דאַנקען גאָט, דאָ גענוג און שווערע. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז אַחוץ די אַלגעמיינע זאָרג וואָס ער האָט אַלס פירער און רעגירונגס־מענטש, איז ער אויך דער פּרעזידענט פון אַ אידישן פּאַרלאַמענט, די כנסת, וואו די 120 אידישע דעפּוטאַטן זיינען צעטיילט אין אַזוי פיל פּאַרטייען, פון עקסטרעמע רעליגיעזע רעכטע ביז מפ״ם און קאָמוניסטן לינקע. ער איז דאָס דער, וואָס דאַרף לאַווירן, אויסגלייכן, אַרויסווייזן אומפּאַרטייאישקייט — וואָס איז אַן עסק וואָס קיינער דאַרף אים אויף דערויף ניט מקנא־זיין... אָט־דער מענטש און ליבער חבר, וואָס איז באַלאָדן מיט זאָרג פון דער מדינה, פון כל ישראל און ר׳ ישראל, ער האָט געפונען צייט צו קומען צו אונז, ריידן מיט אונז און זיך מיט אונז געזעגענען. ער איז געקומען אונז דאַנקען פאַר דעם וואָס

מיר האָבן געטאָן ביז איצט און פאַרלאַנגט פאָרצוזעצן די אַרבעט ווייטער, אויף אַ גרעסערן פאָרמאַט אָנהאַלטן די פאַרבינדונג און חבר׳שאַפט.

אָבער וואָס עס גליטשט זיך ממש אַראָפּ פון זײַנע און אַנדערע ישראל־חברים׳ס ליפּן איז דער פאַקט, וואָס צוויי גרויסע ימ׳ען טיילן־אָפּ די חברים פון אַמעריקע און די חברים אין ישראל. מען קען ניט לייקענען, אַז פון זייערע רייד הערט זיך אַן אַנטוישונג, וואָס ביז אַהער זײַנען געקומען אַזוי ווייניק זיך צו באַזעצן אין מאַכן מדינת ישראל פאַר זייער היים. פאַר אַזעלכע אידעאַליסטן איז עס שווער צו פאַרשטיין; זיי אַליין האָבן זייער לעבן געווידמעט פאַר דעם צוועק, זיי אַליין פּראַקטיצירן דאָס וואָס זיי האָבן געפּרעדיקט, איז לויט זייער פאַרשטאַנד, וואָלטן כאָטש אַ טייל אַמעריקאַנער ציוניסטן דאָס באַדאַרפט טאָן. זיי וואָלטן וועלן, אַז אַמווייניקסטנס אַ קליינער טייל פון אַמעריקאַנער אידן, די וועלכע פאַרשטייען די מאָדערנע טעכניק פון אַרבעט, אינדוסטריע און קאָמערץ, זאָלן קומען און צולייגן אַ האַנט צו דעם ווערק — די אידישע מדינה וואָס ווערט געבויט אין ישראל.

אין דעם זין האָט ער גערעדט פול מיט האָפענונג, אַז אַזאַ פאַרבינדונג און בריק צווישן די אידן אין אַמעריקע און מדינת ישראל וועט געבויט ווערן און פאַרשטאַרקט ווערן.

די פאַרזאַמלונג האָט זיך געזעגנט נאָכדעם ווי צוויי באַגאַבטע אַרטיסטן האָבן געזונגען און געשפּילט, און נאָך דעם ווי אונזער גרופּע האָט זיך דער־פרישט מיט אַ קאַלטן טרונק, וואָס איז יעדן סערווירט געוואָרן.

אונזער דעלעגאַציע האָט זיך אומגעקערט צו די האָטעלן, צו דער פרייטיק־צו־נאַכט סעודה. אָבער איך און מיין פרוי, צוזאַמען מיט חבר ישראל מרום, זײַנען מיר צוגעפאָרן צו זען אַ נייע געביידע פאַר אַ טעכנישער שולע וואָס ווערט געבויט, און וואו אונזער באַקאַנטער חבר און חברה סטירמאַן וועלן אויסשטאַטן אַן עלעקטרישע אָפּטיילונג — אַן אָפּטיילונג, וואו יונגע־לייט וועלן געלערנט און טרענירט ווערן אַלס עלעקטרישענס, אַ פאַך פון וועלכן עס איז דאָ אַזוי ווייניק אין דער מדינה. די שולע דאַרף דערעפנט ווערן אין קורצן, און לויט ווי עס ווערט געפּלאַנט, וועלן די סטירמאַנס זיין ביי דער דערעפענונג פון דער אָפּטיילונג, וואָס ווערט אויסגעשטאַט אויף זייער נאָמען.

# מיר פליען צוריק קיין אַמעריקע

שבת, דעם 8טן אויגוסט, אַ טאָג פאַר אונזער אָפּפליען, האָבן די מערסטע פון אונז אויסגענוצט פאַר באַזוכן קרובים און פריינט. אייניקע זיינען געגאַנגען באַטראַכטן די תל־אָביב׳ער שולן און אַ קלענערע גרופּע פון אונז, מיט אונזער סעקרעטאַר יצחק פייגענבוים בראש, האָבן באַזוכט חבר יוסף שפּרינצאַק אין זיין וואוינונג אין תל־אָביב.

אַ גאַנצע וואָך איז שפּרינצאַק פאַרנומען מיט זיין אַרבעט אין דער כנסת אין ירושלים, אָבער אויף שבת, ווען די כנסת איז פאַרמאַכט, קערט ער זיך אום צו זיין פאַמיליע, אין תל־אָביב. ווען ער האָט זיך מיט אונזער דעלעגאַציע אָפיציעל געזעגנט פרייטיק פאַרנאַכט, האָט ער אויסגעדריקט אַ פאַרלאַנג זיך צו באַגעגענען מיט אַ קלענערער, אינטימער גרופּע שבת נאָך מיטאָג ביי אים אין הויז.

מיר האָבן מיט פאַרגעניגן אָנגענומען זיין פאַרלאַנג, ווייל עס איז אַלע־מאָל אינטערעסאַנט צו הערן וואָס ער האָט צו זאָגן, ספּעציעל ווען דער גע־שפּרעך האָט באַדאַרפט זיין אינטים און ווי מען זאָגט, „אָף דהי רעקאָרד“.

זיינען מיר אַ קליינע, געציילטע גרופּע, אפשר ניט מער ווי אַ האַלבער מנין חברים פון דער דעלעגאַציע, געקומען צו די שפּרינצאַקס אין הויז און זיינען געוועזן זייערע געסט ביי אַ גלעזל טיי און שבת־אויבס, און האָבן בשעת מעשה אָנגעפירט אַ געשפּרעך וועגן פראַגן וואָס אינטערעסירן די ישראל׳דיקע, ווען זיי באַגעגענען זיך מיט אַן אַמעריקאַנער אידן, און געוויס פראַגן, וועלכע אַמעריקאַנער אידן פרעגן ווען זיי באַגעגענען זיך מיט אַ פירנדיקן חבר פון דער ישראל־מדינה.

שפּרינצאַק האָט גערעדט וועגן אַמעריקאַנער אידישע טוריסטן, אַזעלכע וועלכע קומען פאַר עטלעכע טעג און וואָס געפינען בלויז חסרונות. זיי געפעלט ניט דער קלימאַט, דאָס עסן, די האָטעלן, די וואוינונגען, כאָטש גיי און גיב די מדינה אָפּ צו אַראַבער און פטור אַן עסק... מיט אַזעלכע איז ניט שייך צו ריידן און מיר שטעלן זיך פאַר, האָט ער געזאָגט, אַז אַזעלכע גרוסן און מיינונגען גיבן זיי אָפּ ווען זיי קומען צוריק קיין אַמעריקע.

אָבער, זיי זיינען בלויז אַ קלייַנער טייל פון די טוריסטן וואָס באַזוכן דאָס לאַנד. עס קומען אַ סך וואָס אויף זיי מאַכט אַ גרויסן איינדרוק דאָס

וואָס עס איז אין דער קורצער צייט פון דער עקזיסטענץ פון דער מדינה אויפגעטאָן געוואָרן און די גרויסע ריזיקע בוי־אַרבעט וואָס עס באַדאַרף ערשט געטאָן ווערן.

עס קומען צו אונז די לעצטע צייט אויך זייער סימפּאַטישע שריפטשטע־לער, אַפילו לאַנגיאָריקע קעגנער אונזערע — בונדיסטן. זאָלן זיי זען מיט זייערע אייגענע אויגן ווי די מדינה ווערט געבויט. טוריסטיק איז אַ גרויסער איינקונפט אין יעדן לאַנד און אונזער יונגע מדינה דאַרף דאָס אַוודאי האָבן.

דער שמועס איז באַלד אַריבער צו דער אומפאַרמיידלעכער טעמע — וועגן דער אַמעריקאַנער אידישער יוגנט, זייער באַציאונג צו מדינת־ישראל און פאַרוואָס קומען אַזוי ווייניק פון זיי זיך דאָ צו באַזעצן. אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער דעבאַטע האָט גענומען מרס. שפּרינצאַק. פאַר איר איז שווער צו פאַרשטיין די נעגאַטיווע באַציאונג מצד די אַמעריקאַנער אידן צו קומען זיך באַזעצן אין ישראל אַפילו פון די וואָס זיינען זייער איבערגעגעבן צום עצם געדאַנק פון ציוניזם און צו דער אידישער מדינה.

בין איך זיך מודה, אַז פאַר אונז איז אַוודאי געווען שווער צו פאַר־ענטפערן אָט־די האַרבע קשיא, וואָס איז איצט אַזוי שאַרף און פאַרשאַפט מיינונגס־פאַרשידנהייטן און אַפילו רייבונגען צווישן אַמעריקאַנער ציוניסטן און ישראל־פירער. ספּעציעל ווערן די אַרגומענטן שוואַך, די וואַרומס און דאַרומס, פאַרוואָס אַמעריקאַנער אידן אימיגרירן ניט קיין ישראל, ווען מען דאַרף זיי געבן צו גרויסע אידעאַליסטן, פּיאָנערן, וועלכע האָבן זייער לעבן געאָפּפערט פאַר דעם אידעאַל פון אַ היים — אַ מדינה פאַר דעם היימלאָזן פאָלק ישראל. זיינען מיר דעריבער געווען צופרידן ווען אונזער שמועס איז אַריבערגעגאַנגען צו אַן אַנדער טעמע. חבר שפּרינצאַק האָט געפרעגט: נו, און וואָס האָט איר געזען דורך דער צייט וואָס איר האָט אַרומשפּאַצירט אין לאַנד? וועלכן איינדרוק האָט איר געקראָגן? איך האָב געענטפערט:

חבר שפּרינצאַק, איך גלויב, אַז איצט קענען מיר שוין מאַכן אַ שטיקל רעזומע, אַ סך־הכל פון דעם וואָס מיר האָבן דורך די געניטע דריי וואָכן צייט דאָ געזען.

אַוודאי איז 19 צי 20 טעג זייער אַ קורצער טערמין צו קענען באַזוכן און זען אַלץ און זיך געניי באַקענען מיט דעם קאָכיקן לעבן פון דער מדינה׳ס שטעט און דערפער. דערצו דאַרף מען האָבן מער צייט און אפשר אויך אַ קילערן קלימאַט.

אָבער דאָס וואָס מיר האָבן יאָ געזען אויף אונזער שפּאַציר פּילט־אָן אונזערע הערצער מיט פרייד און באַגייסטערונג.

מיר דוכט זיך, אַז עס איז ניטאָ קיין לאַנד אויף דער וועלט, איינשליסנדיק די גרויסע און רייכע אַמעריקע, וועמענס אַנטוויקלונג איז געגאַנגען מיט אַזאַ טעמפּאָ, וואו שטעט און דערפער זיינען אויסגעוואַקסן ממש איבער נאַכט.

עס איז ווירקלעך צו באַוואונדערן ווי אַזוי גאַנצע קוואַרטאַלן, גאַסן און הייזער, קלענערע און גרעסערע געביידעס זיינען אויפגעקומען פּונקט ווי שוואָמען נאָך אַ גרויסן רעגן; וואו פאַבריקן פון שווערער אינדוסטריע זיינען אויפגעבויט געוואָרן אין אַזאַ קורצער צייט.

און דאָס אַלץ אונטער אַזעלכע שווערע אומשטענדן, אונטער מאַנגל פון קאַפּיטאַל, מאַנגל אין רוי־מאַטעריאַלן, און אַפילו מאַנגל אין טעכניקער און געשולטע אַרבעטער.

פיל פון אונז, וועלכע זיינען שוין דאָ אין לאַנד געווען פריער, האָבן זיך פּשוט ניט געקענט זאַט אָנקוקן פון די לאַנגע שטרעקעס באַאַרבעטע פעלדער, נייע פּאַרזייטע אָראַנזשן־סעדער (פּרדסים), באַנאַנע־און טרויבן־גערטנער, וואָס ליגן צעוואָרפן אין עמק, אין די גליל׳ס און אין דער חולה־געגנט.

דאָס האָט אונז געוויס אימפּאָנירט און פאַרשאַפט נחת, פּונקט ווי מיר זיינען אַנטציקט געוואָרן פון דעם גרויסן וואוקס פון דער הסתדרות מיט אירע אַלע פאַרצווייגטע אינסטיטוציעס, איר מעדיצינישע אָפּטיילונג, קופּת חולים מיט אירע קליניקס, דערהאָלונגס־פּלעצער; די האָספּיטעלער: ביילינסאָן און אליעזר קאַפּלאַן, און ניט צו פאַרגעסן אַלע קולטורעלע אַנשטאַלטן, טעכנישע שולן. עס איז אונז אויך געלונגען צו כאַפּן אַ בליק אויף די פאַרטיידיקונגס־קרעפטן, די אַרמיי און אויף דעם גרויסן האַפן אין חיפה — דער שטאָלץ פון מיטל־מזרח.

דאָס אַלץ איז אַ ריזיקע שטיק אַרבעט, נעמענדיק אין באַטראַכט אונטער וועלכע שווערע אומשטענדן די אַנטוויקלונג איז געמאַכט געוואָרן. פאַר דעם דאַרפט איר קריגן די לויב, דעם דאַנק פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק.

וואָלטן מיר, די חברים און חברות פון דער פינפטער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע, דעריבער געוואָלט זיין די שליחים — צו קענען דערציילן די אַמעריקאַנער אידן פון אָט־די אַלע דערגרייכונגען. מיר וואָלטן וועלן זיי איבערגעבן אין ווערטער, אַז עס זאָל ניט זיין קיין ספק, אַז זיי פאַרשטייען און פילן דאָס וואָס מיר פילן היינט־צו־טאָג ביי אונזער אַוועקפאָרן.

אין דער זעלבער צייט וואָלטן מיר געוואָלט זיך מיט זיי טיילן מיט אונזער זאָרג פאַר די שוועריקייטן וואָס די מדינה באַגעגנט, שוועריקייטן פאַר זיכער־קייט, עקאָנאָמישע שוועריקייטן און קאָלאָסאַלע פאַראַנטוואָרטלעכקייטן וואָס איר פון דער מדינה האָט אויף זיך גענומען.

אַז מיר ווען דאָס פּרובירן טאָן ביי אונזער אַהיימקומען, בין איך זיכער. אייך, ליבע חברים, זיינען מיר דאַנקבאַר פאַר מעגלעך מאַכן אָט־דעם זייער אינטערעסאַנטן און באַלערנדיקן שפּאַציר איבער דער מדינה. מיר שאַצן־אָפּ אייער אָנשטרענגונג פאַר אונזער באַקוועמלעכקייט און פאַר דער אמת׳ער חברישער אויפנאַמע וואָס מיר האָבן געקראָגן פון אייך, חבר שפּרינצאַק, און פון די חברים פון אַלע שטעט און דערפער פון דער מדינה. זייט געגריסט, האָט הצלחה, שלום וברכה.

⁂

זונטיק, דעם 9טן אויגוסט, שפּעט אין אָוונט, זיינען מיר אָפּגעפלויגן פון לוד׳ער לופט־פעלד, ישראל, אויף אַן „אל־על" קאָנסטעלעישאָן־עראָפּלאַן אַהיים קיין אַמעריקע.

ווי איך האָב שוין דערציילט פריער, זיינען ניט אַלע פון אונזער גרויסער דעלעגאַציע מיט אונז געפלויגן — בלויז 30 פון אונז זיינען געווען אויף דעם עראָפּלאַן. די איבעריקע פּלעצער פון גרויסן עראָפּלאַן זיינען דעריבער געווען באַזעצט פון אַנדערע פּאַסאַזשירן, וועלכע זיינען געפאָרן קיין אייראָפּע און אַמעריקע.

הגם מיר זיינען געווען מיד און אויסגעמאַטערט פון דער היץ און פון די הכנות און טאַראַראַם אויף דעם לופט־פעלד, און די קאָנטראָל וואָס הויבט זיך אָן אַ היפּש־ביסל פריער איידער מען זעצט זיך אַריין אין עראָפּלאַן, איז פונדעסטוועגן געווען שווער איינצושלאָפן, ווען דער גרויסער עראָפּלאַן האָט שוין געשוועבט הויך אונטער דעם הימל, נאָכדעם ווי די ליכטער פון ישראל זיינען שוין פאַרשוואונדן. עס איז איבערהויפּט שווער צו שלאָפן אויף אַ פליענדיקן עראָפּלאַן. איך האָב דאָס בכלל קיינמאָל ניט געקענט, אויף אַלע מיינע נסיעות.

און ווען מען איז וואַך טראַכט מען און עס אַרבעטן די געדאַנקען. מען טראַכט וועגן דער היים, וועגן דער פאַמיליע וואָס מען האָט שוין איבער פיר וואָכן ניט געזען, וועגן געשעפטן א. אַז. וו.

מיינע געדאַנקען אָבער זיינען מערסטנס געווען פאַרנומען מיט דעם, וואָס איך האָב דאָס מאָל געזען און געהערט אין ישראל — געהערט פון פּריוואַטע בירגער, פון הסתדרות־פירער און פון רעגירונגס־מענטשן.

קודם־כל, די אויסערלעכע פּאָליטישע לאַגע: ווי פילן די מענטשן וואָס לעבן און אַרבעטן אין דער מדינה, די וואָס די מדינה איז זייער היים, די וואָס זיצן ניט אויף דער פור פאַרטיק צו אַנטלויפן. ווי פילן זיי וועגן דער זיכערקייט פון לאַנד אין אָנבליק פון אַזוי פיל טעגלעכע אָנפאַלן, פון רויב און מאָרד מצד די אַראַבישע שכנים. וואָס פאַר אַ ווירקונג האָט אויף זיי די אָפטע סטראַשונקעס פון די אַראַבישע פּאָליטישנס, וואָס קענען ניט פאַרגעסן זייער מפּלה. דער ענטפער איז, אַז מיט די וואָס איר רעדט וועגן דעם — זיי גיבן־צו אַז די לאַגע איז אַן ערנסטע, און אַז עס איז זייער ניט אָנגענעם אַרומצוגיין מיט אַ ביקס אין האַנט, אָבער מען איז גרייט און מען האָט בטחון, אַז די באַוואָפנטע כוחות פון לאַנד זיינען צו יעדער מינוט גרייט אָפּצושלאָגן די אַטאַקעס, פון וועלכער זייט זיי זאָלן ניט קומען.

ערגער, זאָגן זיי, איז די געענדערטע פּאָליטיק פון וואַשינגטאָן צום מיטל־מזרח. דאָס וואָס דער אַמעריקאַנער סטעיט־דעפּאַרטמענט האָט אָנגעהויבן צו גלעטן און „אַפּיזן" די וואָס זיי וואָלטן איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַדאַרפט רופן, אַז זיי זאָלן אויפהערן צו פּאָכען מיט דער שווערד און מאַכן שלום.

אָבער דאָס, זאָגן זיי, איז ניט אין אונזערע הענט. דאָס האָט צו טאָן מיט אַמעריקע, און אַמעריקאַנער אידן קענען אין דעם אַ סך העלפן, ווען זיי וועלן שטיין אויף דער וואַך און אויסנוצן זייערע רעכט ווי בירגער, אַז ישראל זאָל ניט געאַפּפערט ווערן כדי צופרידנצושטעלן די אַראַבער.

אין אַלגעמיין, לויט מיין אייגענער אָבסערוואַציע, ניט קוקנדיק אויף אַלע שוועריקייטן פון אויסווייניק און אינעווייניק, אין דער מדינה גופא, ווערט דאָס לאַנד געבויט, נייע אינדוסטריען ווערן טעגלעך אויפגעשטעלט — אינ־דוסטריען, וואָס ווען זיי וועלן אָנהויבן צו אַרבעטן, וועט דער עקאָנאָמישער דרוק אויף דער מדינה גרינגער ווערן.

נאַטירלעך זיינען נאָך דאָ גענוג שאָטנדיקע זייטן: די שוואַכע עקאָנאָ־מישע לאַגע ברענגט אַרבעטסלאָזיקייט, די טויזנטער עולים, וועלכע זיצן נאָך אין די מעברות וואַרטנדיק אויף אַ דירה א. אַז. וו. אָבער אין אָנגעזיכט פון דעם וואָס איז ביז אַהער דערגרייכט געוואָרן, איז דאָ אַ האָפענונג, אַז די לאַגע וועט זיך גראַדנוויז בייטן צום בעסערן.

*
**

מיט דעם קאַפּיטל ענדיק איך מיינע איינדרוקן פון אונזער באַזוך אין ישראל. איך האָב פּרובירט ווי ווייט עס איז פאַר מיר געווען מעגלעך איבער־געבן דאָס וואָס מיר האָבן געזען; אַלץ וואָס מיר האָבן אויף אונזער שפּאַציר געזען אין ישראל. איך וויל דאָ ביי דער געלעגנהייט אויסדריקן אַ האַרציקן דאַנק צו אַלע חברים און חברות פון דער פינפטער דעלעגאַציע פאַר דעם כבוד וואָס זיי האָבן מיר צוגעטיילט צו זיין פאָרזיצער פון אַזאַ פיינער גרופּע, וואו עס האָבן זיך געפונען אַקטיווע און אָנגעזעענע חברים פון דער הסתדרות־באַוועגונג אין אַמעריקע.



# באַמערקונגען

די רייזע־באַשרייבונגען פון דער פינפטער הסתדרות־דעלעגאַציע אין לאָנדאָן, פּאַריז און מדינת ישראל, וואָס דער לייענער געפינט דאָ אין דעם בוך, זיינען שוין באַלד 5 יאָר אַלט, און זיינען בשעתו געדרוקט געוואָרן ווי וועכענטלעכע אַרטיקלען אין דער ניו־ענגלענדער אויסגאַבע פון „פאָרווערטס״. דעריבער האָבן בלויז די מיטגלידער פון דער ניו־ענגלענדער דעלעגאַציע און פריינט און אָנהענגער פון דער הסתדרות אין די ניו־ענגלאַנד שטאַטן געהאַט אַ געלעגנהייט צו לייענען די איינדרוקן און איבערלעבונגען פון אַזאַ — מען קען אָנרופן — היסטאָרישער נסיעה.

איך ווייס, אַז פאַר אַ סך מיטגלידער וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין דער גרופּע איז דער באַזוך אין ישראל געווען אַ גרויסע איבערלעבונג, און איז אפילו נאָך איצט דאָס טייערסטע וואָס עס האָט פּאַסירט אין זייער לעבן. איך דרינג דאָס פון די חברים פון ניו־ענגלאַנד, וועלכע האָבן געלייענט די באַשרייבונג און האָבן מיר דאָס געלאָזט וויסן. אָבער די גרויסע גרופּע פון די אַנדערע שטאַטן האָבן די דאָזיקע געלעגנהייט ניט געהאַט. דעריבער האָבן די חברים יצחק פּייגענבוים, אייזיק העמלין און ישראל סטאָלאַרסקי חבריש פאַרלאַנגט פון מיר, אַז די באַשרייבונג מיט אַלע וויכטיקע בילדער, וועלכע זיינען דעמאָלט גענומען געוואָרן, זאָלן פאַרעפנטלעכט ווערן אין אַ בוך ווי אַ היסטאָרישער דאָקומענט וועגן די באַציאונגען אין די ערשטע יאָרן צווישן די אַמעריקאַנער חברים און פריינט פון דער הסתדרות אין ישראל.

אַלע מיינע אַרגומענטן, אַז עבר זמן איז בטל קרבנות האָבן ניט געהאָלפן. און דאָס בוך ליגט איצט פאַר אייך — די באַשרייבונגען ווי זיי זיינען געדרוקט געווען אין „פאָרווערטס״.

איין זאַך וואָלט איך וועלן בעטן און וואָרענען די לייענער, אַז זיי זאָלן חלילה ניט מיינען אַז דאָס וואָס איך האָב געזען און באַשריבן מיט 5 יאָר צוריק איז דער אויסזען און צושטאַנד פון די דערפער, שטעטלעך און שטעט פון דער היינטיקער מדינת ישראל. עס האָט זיך פאַר דער צייט אַ סך געענדערט. איך אַליין בין שוין נאָכדעם געווען אין ישראל 3 מאָל און געזען די ענדערונג מיט מיינע אייגענע אויגן. עס האָט זיך אין די עטלעכע יאָר

ראַדיקאַל געענדערט דער אויסזען פון מדינת ישראל, אַזוי אַז אַ סך גאַסן, שטעט און שטעטלעך איז שווער צו דערקענען.

איך וויל אויך ביי דער געלעגנהייט אויסדריקן אַ האַרציקן דאַנק צו חבר יצחק פייגענבוים פאַר זיין אָנפירונג מיט די דעלעגאַציעס און פאַר צו־זאַמענעמען און אָפּהיטן אַלע בילדער וואָס זיינען אַריין אין דער איצטיקער אויסגאַבע, און אויך פאַר העלפן מיר אַרויסגעבן דאָס בוך. דער גרויסער גרופּע חברים, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער פינפטער הסתדרות־דעלע־גאַציע, וויל איך אויסדריקן אַ האַרציקן דאַנק פאַר צוטיילן מיר דעם כבוד צו זיין דער פאָרזיצער פון אַזאַ חשובער גרופּע חברים פון אַזוי פיל שטעט אין אַמעריקע.



# דער אייגנאַרטיקער כאַראַקטער פון א. שאַפּיראָ׳ס איינדרוקן פון מדינת ישראל

פון


## דר. שלמה שטיין

נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון הסתדרות קאַמפּיין


חבר אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ איז אונז מזכה מיט דריי ביכער וועגן זיינע באַזוכן אין ישראל. דאָס ערשטע בוך „אַ חודש אין ישראל״, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 1950, האָט פאַרצייכנט איינדרוקן פון זיין נסיעה מיט דער ערשטער הסתדרות־פאָלקס־דעלעגאַציע קיין ישראל אין יולי־אויגוסט 1949. עס האָט אויפגעהיט דעם ציטער פון זיין ערשטער באַגעגעניש מיט דער ערשט־געשאַפענער מדינת ישראל.

„אַ פאָלק ווערט באַנייט״, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 1952, באַשרייבט זיינע איינדרוקן פון דער סטאַביליזירטער מדינה, אינטערוויוס מיט רעגירונגס־פירער, באַגעגענישן מיט אַראַבער, און דעם פּראָצעס פון ישראל׳ס אַנטוויקלונג, דער עיקר ווי עס איז אָפּגעשפּיגלט אין הסתדרות־טעטיקייטן.

דאָס דריטע בוך, וואָס דערשיינט איצט, האָט נאָך אַלץ דעם ציטער פון אייביקער פאַרוואָרצלונג, די יוגנטלעכע באַגייסטערונג וואָס כאַראַקטעריזירט דעם מענטש אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ אין אַלע זיינע באַציאונגען און דער עיקר פון זיין איבערגעבנקייט צו דער הסתדרות און צו מדינת ישראל. דער נאָמען פון בוך איז כאַראַקטעריסטיש: „ישראל — דער אייביקער חידוש״.

אַ סך מענטשן פאַרלירן די פייאיקייט פון באַגייסטערט ווערן, דעם פיבער פון ענטוזיאַזם, אַפילו ווען זיי זיינען נאָך גאָר יונג. אָט־דער ענטוזיאַזם איז דער קוואַל פון יעדער מין שעפערישקייט אין מענטשן. חבר שאַפּיראָ׳ס ענטוזיאַסטישע ביכער ווייזן, אַז ער האָט ביז היינט אויפגעהיט אין זיך יענע גרויסע, יוגנטלעכע מידה, וואָס איז דער גרעסטער געשאַנק פון גאָט.

מיר, אין געווערקשאַפטן קאַמפּיין, און הסתדרות בכלל, זיינען גליקלעך

וואָס ער האָט פון די סאַמע ערשטע טעג פון קאַמפּיין אָפּגעגעבן אַזויפיל פון זיין באַגייסטערונג פאַר אונזער אַרבעט.

און לאָמיר דאָ זאָגן אַ וואָרט פון יענער ערשטער נסיעה מיט דער הסתדרות־פאָלקס־דעלעגאַציע, וואָס ער באַשרייבט אין זיין ערשטן בוך „אַ חודש אין ישראל". דאָס איז געווען אַ פּיאָנערישע רייזע. „...מיר זיינען געווען די ערשטע איינצופירן די טורס קיין ישראל. דער וואָפן־שטילשטאַנד האָט געהאַט זיך ערשט איינגעשטעלט אויף ישראל'ס גרענעצן, ווען אַלעק־סאַנדער שאַפּיראָ איז געפאָרן קיין ישראל ווי דער פאָרזיצער פון אונזער ערשטן טור. עס איז געווען ווייט פון אַ באַקוועמער רייזע. ישראל איז געווען צו פיל פאַרנומען מיט די אַנגסטן פון דער ערשט־געשלאָסענער מלחמה. די וואונדן זיינען אומעטום געווען פריש. די וועגן זיינען געווען ריזיקאַליש. מען האָט באַדאַרפט פאָרן אין דער באַגלייטונג פון מיליטערישע דזשיפּס. די דעלעגאַציע האָט געטאָגט און גענעכטיקט אין קיבוצים. ס'איז נישט געווען קיין סימן פון היינט־טאָגיקן לוקסוס, אָבער א. שאַפּיראָ, פול מיט ליבשאַפט פאַר מדינת ישראל און דער הסתדרות, איז געפאָרן מיט יענער דעלעגאַציע. ער האָט נישט אויסגעפעלט אין קיין איין אָרט, קיין איין טאָג, אָנגעשפּאַרט אין יעדן ווינקל פון לאַנד, אַפילו ווען אינגערע מענטשן פון אים האָבן זיך אָפּ־געררוט אין תל־אביב איידער צו וואַנדערן צו די גרענעצן וועלכע מען האָט נאָר געקענט דערגרייכן דורך ריזיקאַלישע נסיעות.

עס זיינען אָנגעשריבן געוואָרן הונדערטער ביכער אין צענדליקער שפּראַכן וועגן מדינת ישראל. צווישן די חברים זיינען דאָ שרייבער פון גרויסן פאַרנעם. חבר שפּיראָ פּרעטענדירט ניט צו זיין אַ פּראָפעסיאָנאַלער שרייבער, אָבער זיינע ביכער זיינען דער רעקאָרד פון אַ פאָלקס־מענטשן און אין דעם זין זיינען זיי זייער אייגנאַרטיק. דאָס זיינען ביכער פון וועלכע עס שטראַלט אַרויס אהבת ישראל, און זייער דערשיינונג איז דעריבער ווערט באַגריסט צו ווערן.



# אַ באַשיידענע בלום צו די ראשונים
# פון אַ פּיאָנערישער טאַט

פון

## יצחק פייגענבוים

דירעקטאָר פון דעם הסתדרות טוריסטן־דעפּאַרטמענט „תיור וטיול"
אין אַמעריקע, אָנפירער פון די ישראל הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציעס

ס׳איז היינט מער פאַרשטענדלעכער דער זכור ואל תשכח, אויך אויפן געביט פון דער טוריסטיק — אַ פּיאָנערישע טאַט — וואָס איצט איז עס שוין אַ נאָרמאַלע זאַך.

קרוב צו אַ פּאָר הונדערט טויזנט טוריסטן וועלן הייַנטיקס יאָר באַזוכן ישראל. אידן און ניט־אידן פון פאַרשיידענע וועלט־טיילן, אָרעם און רייך, אָן אונטערשייד — ס׳קומען טוריסטן הנאה האָבן פון אַ נייער מדינה, אַ ניי לאַנד. ס׳קומען אויך פאָרשטייער פון פעלקער לערנען, מ׳איז זיי מדריך ווי אַזוי אָנצוהויבן פון בראשית. אַלע, אַלע פאָרן אַוועק באַגייסטערטע, צופרידן. וואָס אַ יאָר וויַיטער, ווערן די באַדינגונגען אַלץ בעסער און בעסער.

די הסתדרות און דער הסתדרות־קאַמפּיין אין אַמעריקע זיינען אויך אויף דעם געביט געווען דער פּיאָנער, דער חלוץ, דער פאָראויסגייער, דער עמוד האש און דער עמוד הענן.

מ׳האָט ווירקלעך אין די ערשטע יאָרן נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה געדאַרפט האָבן אַ סך, אַ סך אמונה, אַ רצון כביר, ליב האָבן, אַרויס־ווייזן אַ סך, גאָר אַ סך אהבת ישראל, אונטערצונעמען צו אָרגאַניזירן קאָ־לעקטיווע טורס. די הסתדרות־פאָלקס־דעלעגאַציעס זיינען דאַן, אין די ערשטע יאָרן געווען אַ זייער וויכטיקער אויפטו, אַ התחלה, אַ צוגרייטונג, ווי אויף אַ סך אַנדערע געביטן. און — דאַן זיינען געקומען אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, גרויסע מאַסן יחידים און די טוריסטיק איז און ווערט פאַרגרעסערט און געשטאַרקט.

* * *

ביים אָפּשליסן דעם דריטן בוך מיט די איינדרוקן פון די הסתדרות־פאָלקס־דעלעגאַציעס פון אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ — אַפילו, אַז עס איז דער־



ביים לייגן אַ קראַנץ בלומען אויף הערצל׳ס קבר אויפן הר־הרצל. צוזאַמען מיט די מיטגלידער פון דער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע זיינען: חיים גרינבערג, גרשון לעווינסאָן ע״ה, יהודית גינזבורג, אליהו דאָבקין, משה בר־עם, דער מעיאָר פון ירושלים ש. איש שלום און פאָרשטייער פון דער מועצת פועלי ירושלים

Placing a Wreath of Flowers at Herzl's Grave on Mount Herzl. Together with the Members of the Histadrut Folk-Delegation are: Haim Greenberg, Gershon Levinson, Yehudith Ginsburg, Eliahu Dobkin, Moshe Bar-Am, S. Ish-Shalom, Mayor of Jerusalem and Representatives of the Moetzet Poalei Jerusalem

שינען מיט אַ פֿאַרשפּעטיקונג — איז עס אַלץ אַ זייער וויכטיקער מאַטעריאַל, וואָס לייענט זיך זייער לעבעדיק, געשמאַק. אַלע פֿאַקטן און איבערלעבונגען און דעם געראַנגל פֿון די ערשטע יאָרן בעת די רייזעס איז ווערט צו גערעדענקען. יעדע קלייניקייט איז אָנגעקומען מיט גרויסע, גרויסע שוועריקייטן.

כ׳קען ניט פֿאַרגעסן אַן עפּיזאָד אין 1949 מיט חברה ב. — אַ מיט־גלידערין פֿון דער ערשטער הסתדרות־פֿאָלקס־דעלעגאַציע — וואָס האָט געליטן פֿון „אָלסערס". בכדי צו קריגן פֿאַר איר מילך אין „תנובה" האָט מען דאַן געמוזט באַקומען אַן אישור — אַ באַשטעטיקונג פֿון דער רעגירונג... און נאָך אַזעלכע און ענלעכע עפּיזאָדן.

ווידער האָט אונז אויך דאָס מאָל צוגעשפּילט דאָס מזל וואָס עס איז געווען צוגעגרייט פֿאַר אונז דער „בית־ספר לפעילי ההסתדרות" אין תל־אביב. דאָס איז געווען אונזער האָטעל, אונזער רעסטאָראַן. דאָרטן זיינען פֿאָרגעקומען אונזערע מסיבות, דאָרטן האָבן מיר געלערנט תורת־ההסתדרות אין ישראל. דאָרט איז געקומען מיט אונז זיך צו געזעגענען פֿאַר אונזער צוריקפֿאָרן דער פּרעמיער־מיניסטער פֿון ישראל, חבר דוד בן־גוריון, און אַ גרעסערע צאָל פֿון אונזערע מיניסטאָרן, פֿירער פֿון דער הסתדרות, פֿון דער קיבוצישער באַוועגונג און דער תנועת המושבים — ווער איז דאָרט ניט געווען צווישן זיי? אָנהויבנדיק פֿון דוד בן־גוריון, גאָלדע מאיר, פּנחס לבון, מ. נמיר, א. בעקער, ראובן ברקת, י. מרום, עקיבא גוברין, יוסף באַראַץ, יצחק כאַסקין, יצחק קאָרן, יוסף בורשטיין, י. ריטאָוו, בצלאל שחר, א. שעכטער, חיים שורער, דוד זכאי, זרובבל, מ. באַנקאָווער, בערל רעפּערטור, מ. גורן, פּנחס רשיש, זשאַבע אַראַנאָוויטש (זלמן ארן), בערל פּרימער, עזריאל ברושי, אפרים יוציס, נחמן תמיר, פישל וויילער, שלמה סלע, מאַשאַ ראַבינאָוויטש, און אַנדערע. און אַ צאָל פֿירנדיקע חברים, וואָס זיינען שוין אויפֿן עולם־האמת, צוו. אַנד.: יוסף שפּרינצאַק, דוד רמז, אברהם לעווינסאָן, גרשון לעווינסאָן, מלך נוי (נוישטאַט), דן פּינעס, דר. קאָפּל שוואַרץ און נאָך אַ גרעסערע צאָל פֿירנדיקע חברים, וואָס עס וואָלט געווען צו קליין דער פּלאַץ אַלעמען זיי דאָ אויסצורעכענען.

לאָמיר אויך דערמאָנען מער ווי לשבח די ח"ח אייזיק העמלין, יוסף שלאָסבערג, י. סטאָלאַרסקי און אונזערע דירעקטאָרן אין אַמעריקע און קאַנאַדע, וואָס האָבן זייער, זייער שטאַרק מיטגעהאָלפֿן אין דעם חלוצישן אויפֿטו.

צאתכם לשלום! ביים פייערלעכן געזעגענונגס־אָוונט פאַר דער ערשטער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע אין בית־ספר לפעילי ההסתדרות, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט די פּראָמינענטסטע פאָרשטייער פון דער רעגירונג און דער הסתדרות מיט פרעמיער דוד בן־גוריון בראש

Farewell Party for the First Histadrut Folk-Delegation in the Workers College. The Leading Representatives of the Government headed by Premier David Ben-Gurion Participated in the Affair

אַ בכבודיקן פלאַץ אין די ישראל הסתדרות־פאָלקס־דעלעגאַציעס האָבן אַלעמאָל פאַרנומען באָסטאָן און די ניו־ענגלאַנד סטייטס. אַ דאַנק אייב העמלין און קאַרל קאָהען, ע״ה, וואָס האָבן מיט אַ סך ליבשאַפט, איבער־געגעבנקייט אַלץ געטאָן אַז די עסקנים פון די ניו־ענגלאַנד סטייטס זאָלן זיין וואָס שענער און וואָס מערער רעפּרעזענטירט.

אָבער טראָץ אַלעמען, טראָץ דעם מאַנגל —דאָן, אין די ערשטע יאָרן — אין אַלץ וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן „אַן אַלף״, איז מען געקומען צוריק מיט התלהבות, באַגייסטערונג, געשטאַרקט און נאָך מיט מער ענערגיע זיך אַריינגעוואָרפן דאָ אין דער אַרבעט לטובת דער מדינה, לטובת דער הסתדרות, צו העלפן מיט וואָס נאָר מ׳קען שטאַרקן די קעמפער, שטאַרקן די בויער, די פאַרטיידיקער.

צו די אַלע ראשונים־פּיאָנערן, אָרגאַניזירער פון די ערשטע ישראל הסתדרות־פאָלקס־דעלעגאַציעס — אַ יישר כוח!

איר דאַרפט זיין שטאָלץ מיט אייער אויפטו — מיט אייער ביישפּיל, ווייל ס׳איז דאָ אַ המשך, טויזנטער, צענדליקער טויזנטער פאָלגן אייך נאָך און וועלן עס פאָרזעצן, ביז ס׳וועט מקויים ווערן פולשטענדיק דער מאמר: „כל קטן שיכול לאחוז בידו של אביו ולעלות מירושלים להר הבית — אָביו חייב להעלותו ולהראות בו, כדי לחנכו במצוות״... יעדע אידישע משפּחה דאַרף קודם־כל ברענגען אירע קינדער זען ישראל. גאים אנו על מצעדי ראשית עד הלום. מיר גרויסן זיך מיט דעם גוטן אָנפאַנג ביז אַהער. ונוסיף להטות שכם לקידומם של הביקורים והטיולים לארצנו מכל התפוצות באשר הם שם. „מיר וועלן פאָרזעצן מיטצוהעלפן צו דער פאַרשטאַרקונג און צו דער פאַרגרעסערונג פון דער טוריסטיק פון אידן אין דער גאַנצער וועלט וואו זיי געפינען זיך״.

דערווייל אָבער זיינען מיר שטאָלץ צוצוטראָגן אַ באַשיידענע בלום פון אָנערקענונג צו די ראשונים פון אַ פּיאָנערישער טאָט.



# צום צענטן יאָרצייט פון מיין פאַרשטאָרבענעם ברודער משה (מאָריס) ב״ר שלמה שאַפּירא ע״ה



די בילד פון מיין אינגערן פאַרשטאָרבענעם ברודער מאָריס איז גע־נומען געוואָרן מיט גאָלדע מאיר ווען זי איז געווען אין באָסטאָן אין די אינטערעסן פון ישראל באָנדס.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע יאָר פון דער ישראל באָנד אויסגאַבע, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפאָדערט אַ גרויסע אָנשטרענגונג די באָנדס צו פאַרקויפן. ניט נאָר האָט מיין ברודער, וואָס איז געווען דער טרעזשורער פון דער „טריימאָנט קלאָדינג״ פירמע, זיך פאַרפליכטעט צו קויפן פאַר 100 טויזנט דאָלאַר באָנדס, נאָר האָט אויך, מיט זיין איינפלוס געהאָלפן אַנדערע באָסטאָנער צו קויפן די ישראל ווערט־פּאַפּירן. אַגב איז ער געווען אין דער גרופּע געשעפטס־לייט אין ישראל, ווען די באָנד אויסגאַבע איז באַשלאָסן געוואָרן און עס איז געווען זיין פאָרשלאַג וואָס איז פון דער גרופּע אָנגענומען געוואָרן.

עס ווערט סעפּטעמבער, יום־טובים־צייט, צען יאָר זינט זיין פריצייטיקן טויט. זאָלן די דאָזיקע באַשיידענע פאָר ווערטער זיין אַ דערמאָנונג צו זיין ליכטיקן אָנדענק!

חבל על דאבדין ודלא משתכחין!

# פאָטאָגראַפישע בילדער

פון דער

# 5טער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע

(יולי־אויגוסט, 1953)

אויך אַ געקליבענע צאָל בילדער פון די פריערדיקע פאָלקס־דעלעגאַציעס

•

# Pictures of the Fifth Histadrut Folk Delegation

**July-August, 1953**

**TAKEN FROM THE PREVIOUS FOLK DELEGATIONS AND A NUMBER OF PHOTOGRAPHS**



אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ
Alexander Shapiro



מרס. פּאַולאַ שאַפּיראָ
Mrs. Pauline Shapiro




„שלום“ צו דער פינפטער הסתדרות פֿאָלקס־דעלעגאַציע

***Bon Voyage* Reception for the Fifth Histadrut Folk Delegation**




דער נשיא זלמן שזר ביים געזעגענען זיך מיט דער פינפטער הסתדרות פֿאָלקס־דעלעגאַציע אין קאָמאָדאָר האָטעל




ביים איבערנעמען אַ צאָל חיות פון בראָנקסער זו פאַר דעם היסטאָרישן זו אין ירושלים

**Transferring a Number of Animals from the Bronx Zoo to the Jerusalem Biblical Zoo**

The fifth annual Histadrut folk-delegation to Israel carried a gift of 18 animals, birds and reptiles from the City of New York and the Bronx Zoo for the Jerusalem Biblical Zoo. *Left to right:* Israel Stolarsky, Assistant National Secretary of the National Committee for Labor Israel; Alexander Shapiro of Boston, leader of the Histadrut delegation; Charles Horowitz, Deputy Mayor of New York, holding a gift alligator; and Dr. Leonard J. Goss, Assistant Director of the Bronx Zoo.

ABE STARK
PRESIDENT



THE CITY OF NEW YORK
OFFICE OF
THE PRESIDENT OF THE COUNCIL
NEW YORK 7, N.Y.

July 9, 1954

The Honorable Itshak Kariv,
The Mayor of Jerusalem,
Jerusalem, Israel.

Dear Mayor Kariv:

I wish to extend greetings to you from the Mayor of the City of New York, the Honorable Robert F. Wagner, and my personal felicitations on this occasion.

The tradition of exchanging gifts among good friends is indicative of the cordiality which permeates this ceremony of presenting animals from the City of New York and the Bronx Zoo to the City of Jerusalem and the Jerusalem Biblical Zoo, with the Histadrut Folk Delegation of the National Committee for Labor Israel as intermediary.

This exchange of good will in these troubled times could well be a lesson for other nations to emulate and, in so doing, achieve a more rational concept of peace and well-being on this earth.

With all good wishes to you and to the residents of your city, I am,

Sincerely yours,

Abe Stark



לאָנדאָן: די הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע קריגט אַ פייערלעכע אויפנאַמע אין ענגלישן פאַרלאַמענט

London: Reception for the Histadrut Folk Delegation in the English Parliament



די פּאַרלאַמענט־געביידעס און דער לאַמבערט בריק אין לאָנדאָן, ענגלאַנד

The Parliament Buildings in London



ביי אַ ספּעציעלער מסיבה אין קאָמאָדאָר האָטעל לכבוד דעם דערשיינען פון ענגלישן בוך פון חבר אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ „א פּיפּל ריבאָרן"

At a Special Gathering in Commodore Hotel in Honor of the Publication of Chaver Alexander Shapiro's English Book, *A People Reborn*





RECEPTION AT THE U.S. EMBASSY
IN PARIS WITH AMBASSADOR DAVID BRUCE
1951



E HOUSE OF COMMONS
ALICE BACON, M.P.
952



RECEPTION AT THE HOUSE OF COMMONS IN
LONDON WITH FOREIGN SECRETARY HERBERT MORR
1951



RECEPTION AT THE U.S. EMBASSY IN
PARIS BY AMBASSADOR JAMES C. DUNN
1952



RECEPTION AT THE ISRAELI EMBASSY
IN LONDON BY AMBASSADOR ELIAHU ELATH
1951



RECEPTION AT THE AMERICAN EMBASSY
IN TEL AVIV BY JAMES G. MCDONALD
AMBASSADOR TO ISRAEL- 1950



RECEPTION AT THE AMERICAN EMBASSY
BY AMBASSADOR JAMES G. MCDONALD

RECEPT
IN LO



RECEPTION AT THE AMERICAN EMBASSY
IN ISRAEL BY AMBASSADOR MONETT DAVIS -1951





די אַרבעטס־מיניסטאָרין גאָלדע מאיר אַד־
רעסירט די מיטגלידער פון דער הסתדרות
פאָלקס־דעלעגאַציע

Minister of Labor Golda Meir
addresses the delegates in Jerusalem



אַמבאַסאַדאָר אליהו אילת

Ambassador Eliahu Eilath



ביי אַן אויפנאַמע אין ישראל׳ס אַרבעטס־מיניסטעריום

The Delegates crowd into the Ministry of Labor



אויפן דאַך פון ועד־הפועל פון דער הסתדרות:ביים קבלת־פּנים פאַר דער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע צו זייער אָנקומען קיין מדינת ישראל

The Reception on the Roof-top of the Vaad Hapoel of the Histadrut



ביי אַן אויפנאַמע אין בית ספר לפעילי ההסתדרות — אַלעקסאַנדער שאַפּירא באַגריסט
At the Reception in the Workers College. Alexander Shapiro offers Greetings



ביים קבלת־פּנים אין ועד־הפּועל פון דער הסתדרות: אַלעקסאַנדער שאַפּירא
ענטפערט אויף די באַגריסונגען

At the Histadrut Executive. Alexander Shapiro speaks on behalf of the Delegation. Seated at the table are Beba Idelson, Berl Repetur, Louis Segal, Itzhak Haskin and Isaac Hamlin



ביים קבלת־פּנים אין ועד הפּועל פון דער הסתדרות

At the Reception Tendered by the Vaad Hapoel of Histadrut



ביי אַן אויפנאַמע מיטן געוו. אַרבעטס־מיניסטער, איצטיקן מעיאָר פון תל־אביב
מרדכי נמיר

At a Reception with Mordecai Namir, former Minister of Labor,
now Mayor of Tel-Aviv



דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר מ. דייוויסביים אויפנעמען די מיטגלידער פון דער הסתדרות
פאָלקס־דעלעגאַציע

American Ambassador M. Davis Greets the Members of the Folk-Delegation



אַמבאַסאַדאָר מ. דייוויס באַגריסט מרס. פּאַולאַ שאַפּיראָ
ביי איר אָנקומען אין דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע

American Ambassador Davis
Greets Mrs. Pauline Shapiro



בעת דעם קבלת־פנים אין ועד־הפועל פון דער הסתדרות
During the Reception at the Vaad Hapoel of the Histadrut





א. שאַפּירא ביים פרעזענטירן דעם צווייטן בוך „אַ פאָלק ווערט באַנייט“.
Alexander Shapiro presents a copy of his Yiddish book,
*"A Folk Vert Baneit"*

**לזכר עולם**

אין אָנדענק פון אַ צאָל נפטרים: די ח״ח יוסף שפּרינצאַק, גרשון לעווינסאָן, דר. ב. זאַלצמאַן (לאָס אַנגעלעס), פּנחס גינגאָלד (ניו־יאָרק), וועלכע זיינען געווען מיט אונז ביים קבלת־פּנים אין דער ערשטער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע, פאַרעפנטלעכן מיר דאָס דאָזיקע בילד



ביים אַריינגאַנג אין דעם פּרעזידענטס פּאַלאַץ אין הקיריה מיט דעם עקטינג־פּרעזידענט פון ישראל, יוסף שפּרינצאַק און זיין פרוי, און די שוועסטער פון פּרעזידענט חיים ווייצמאַן, חיה ליכטענשטיין

**Acting President of Israel, Yosef Sprinzak, with the Delegation**



תל־אביב: יוסף שפּרינצאַק באַגריסט די מיטגלידער פון דער פינפטער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע. ס׳זיצן פון לינקס: אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ, ישראל מירום, מרדכי נמיר, יצחק פייגענבוים, דר. יוסף בורשטיין און עזריאל ברושי

*Tel-Aviv*: Yosef Sprinzak Welcomes the Fifth Folks Delegation *Seated from left to right*: Alexander Shapiro, Israel Merom, Mordecai Namir, Isaac Faigenbaum-Taina, Dr. Yosef Burstein and Azriel Broshi



בעת דעם באַזוך אין „בית ברל“ אין כפר־סבא: חבר אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ דערציילט צו די מיטגלידער פון דער פאָלקס־דעלעגאַציע וועגן די גרויסע אויפטוען פון דעם בערל קאַצענעלסאָן סעמינאַר

*Bet Berl*: Alexander Shapiro recalls the life and contributions of the late Berl Katznelson, after whom the Social Science Institute was named



אויף אַ שפּאַציר מיט דער שיף הגלילה אין חיפה'ער פּאָרט, אונטער דער אָנפירונג פון יוסף אלמוגי, דאַן סעקרעטאַר פון מועצת פועלי־חיפה, געוו. סעקרעטאַר פון מפא״י און איצט מיניסטער אין דער ישראל־רעגירונג

Cruise headed by Joseph Almogi, then Secretary of Moetzet Poalei-Haifa, former Secretary of Mapai, and now Minister of the Israeli Government, on the boat *Haglilah* in the Haifa Port



**ביי דער פייערלעכער אויפנאַמע פון דער עיריה אין חיפה**
**חבר אַלעקסאַנדער שאַפּירא ענטפערט אויף די באַגריסונגען**

עס זיצן פון רעכטס צו לינקס: **יצחק קאגאן ע"ה, מאַקס אַפּעל, חברה חנה חושי, מעיאָר אבא חושי, פּאולאַ שאַפּירא, י. פייגענבוים**; אין פראָנט: **סאַול קיס, איצטיקער וויצ-פּרעזידענט פון פאַרבאַנד**

**At the Festive Reception in the Municipality of Haifa**
**Chaver Alexander Shapiro Responds to the Greetings**
*Seated from right to left*: **Yitzchak Kogan, Max Appel, Chavera Chana Hushi, Mayor Abba Hushi, Paula Shapiro, I. Faigenbaum**; *in front*: **Sol Kies, present Vice-President of Farband**



**ביי אַ באַזוך אין חולון מיטן מעיאָר פּנחס אילון**
**A Visit with the Mayor of Holon, Pinchas Elan**



ביים געזעגענען זיך מיט פּרעמיער דוד בן־גוריון אין זיין קאַבינעט אין ירושלים

**The Delegation Bids Farewell to Premier David Ben-Gurion in His Office in Jerusalem**



יוסף שפּרינצאַק ע"ה, דער פּרעזידענט פון דער כנסת, באַגריסט די מיטגלידער פון דער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע אין דער כנסת (אין פּאַרלאַמענט)

The Late Joseph Sprinzak, President of the Knesset,



בעת דער פייערלעכער רעגירונגס־אויפנאַמע לכבוד דער פאָלקס־דעלעגאַציע
אין גן־שושנים אין ירושלים מיט חבר און חברה זלמן שזר, אייזיק העמלין,
י. פייגענבוים און אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ

During the Government's Reception in Honor of the Folk-Delegation in Gan-Shoshanim in Jerusalem with Chaver and Chavera Zalman Shazar, Isaac Hamlin, I. Faigenbaum and Alexander Shapiro





פינאַנץ־מיניסטער לוי אשכול גיט איבער וויכטיקע אינפאָרמאַציע ביי אַן
אויפנאַמע אין זיין אָפיס פאַר דער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע

Former Finance-Minister Levi Eshkol imparts important information to the Histadrut Folk-Delegation at a Reception in his Office



בעת אַן אויפנאַמע אין קינג דייוויד האָטעל, צוהערנדיק זיך צו מיניסטער משה שרת
Listening to Minister Moshe Sharett During a Reception in King David Hotel



ביי אַן אויפנאַמע אין האָטעל המלך דוד (קינג דייוויד) געגעבן פון מעיאָר גרשון אגראָן
Mayor Gershon Agron Welcomes the Delegation
at a Reception in King David Hotel



ביים טראָגן אַ קראַנץ בלומען צו הרצל׳ס קבר אויפן הר־הרצל

Carrying a Wreath of Flowers to Herzl's Grave on Mount Herzl





ביים איבערגעבן די מתנה פון בראָנקס־„זו" צו דעם ירושלימער „זו":
דר. שולאָוו, דער דירעקטאָר פון דעם היסטאָרישן „זו" אין ירושלים, האַלט אַ בייבי־אַליגייטאָר

*Gift*: The baby alligator donated by the Bronx Zoo to the Jerusalem Biblical Zoo is delivered by the Folks Delegation. Dr. Shulov, Zoo Director, is shown holding the alligator above the specially-built pond



חברה פאולין שאַפּיראָ באַגריסט זיך מיט מרס. עלענאָר רוזוועלט ביי אַ ספּעציעלער אויפנאַמע לכבוד איר אין באָסטאָן

Chavera Pauline Shapiro Extends Greetings to Mrs. Eleanor Roosevelt at a Reception Tendered in Her Honor in Boston



ביים לייגן אַ קראַנץ בלומען אויפן קבר פון דעם ערשטן פּרעזידענט פון מדינת ישראל, דר. חיים ווייצמאַן ז״ל

Tribute to Israel's First President
The Group Visits the Grave of Dr. Chaim Weizmann



ביי דער אויפנאַמע אין סאַראַפאַנד

At a Reception in Sarafand





סאַראַפאַנד: קבלת־פּנים אין דעם אָפיצערן־קלוב

Sarafand: Reception in the Officers Club



אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ מיטן קאָמענדאַנט פון סאַראַפאַנד
Alexander Shapiro with the Commander of Sarafand



ביים צוקוקן זיך ווי די עראָפּלאַנען גייען אַרויף און אַראָפּ...
Observing the take-off and landing of aircraft at Sarafand



ביי דער פייערלעכער דערעפענונג פון דעם אליעזר קאַפּלאַן שפּיטאָל
אין רחובות

At the Dedication Ceremony of the
Eliezer Kaplan Hospital in Rehovot





אין כפר בלום, וואו סעדיה געלב גיט אינפאָרמאַציע
Sadia Gelb Briefs the Delegation in Kfar Blum

ביים אַריינגאַנג אין מעדיקל צענטער אויפן נאָמען פון חבר און חברה אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ
אין באר־שבע

The Entrance to the Medical Center Bearing the Names of Chaver and Chavera Alexander Shapiro in Beersheba



ס׳ווערט אויסגעהערט אַ באַריכט וואָס דער שאַפּיראָ מעדיקל צענטער אין באר־שבע טוט

Progress Report rendered on the Shapiro Medical Center in Beersheba

די מצבה אויפן בית־עולם אין תל־חי פאַר יוסף טרומפּעלדאָר און די אַנדערע געפאַלענע העלדן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה

Monument at Tel-Hai Honoring Joseph Trumpeldor and His Fallen Comrades



די מצבה פון דעם באַליבטן ציוניסטישן אַרבעטער־פירער בערל קאַצענעלסאָן ע״ה

The Tombstone of the Beloved Zionist Labor Leader Berl Katzenelson



ביים קבר פון רמב"ם אין טבריה מיטן מעיאָר פון טבריה ש. צחר

At the Grave of Rambam in Tiberias with S. Zachar, Mayor of Tiberias




מעדיקל קליניק אין כפר ירוחם אויפגעבויט מיט דער הילף פון מרס. פאולין שאַפּיראָ פון באָסטאָן
**Medical Clinic in Kfar Yerucham Built with the Help of Mrs. Pauline Shapiro**





אין אַ קלאַס־צימער פון „עמל" פּאַכשול אין ירושלים
**A Typical "Amal" Classroom in Jerusalem**

# המשלחת העממית בבקוריה



Fifth Histadrut Folks-Delegation as seen by the Noted Israeli Cartoonist, Ros



ביי דער אויפנאַמע פון „בנק הפועלים" און „אַמפּאַל" אין קלוב „וויצא" אין תל־אביב: פון לינקס צו רעכטס: אַלעקסאַנדער שאַפּירא (שטייענדיק), דר. ה. סיידעל, א. זאַבאַרסקי, אברהם דיקענשטיין, דר. נ. זאַלצמאַן, ישראל מערע־מינסקי און יצחק פייגענבוים

Reception by the "Bank Hapoalim" and "Ampal" at the "*WIZO*" Club, Tel-Aviv



חיפה׳ער הסתדרות־פירער, מיט חנה און אבא חושי און יוסף אלמוגי בראש,
צו־גאַסט ביי די מיטגלידער פון דער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע אין
תל־אביב

Haifaites Yosef Almogi and Mayor Abba Hushi
Welcome the Delegates at Yarkon Hotel, Tel-Aviv





אַן אויפנאַמע ביי די דרוזן אויפן הר־הכרמל אין עוסיפיה מיט אבא חושי
און יוסף אלמוגי

Druzes on top of Mount Carmel welcome the American tourists. At left are Haifa's Mayor Abba Hushi and Yosef Almogi, Secretary of the Haifa Labor Council

# אינהאַלט

# EL AL
## ISRAEL AIRLINES LTD.



ADMINISTRATION OFFICES: 29 WEST 57th STREET, NEW YORK 19, N. Y.
TRAFFIC AND RESERVATIONS: 37 WEST 57th STREET, NEW YORK 19, N. Y.
PLaza 9-8610 CABLES: ELISRAEL

NEW YORK
LONDON
PARIS
ROME
ZURICH
VIENNA
ATHENS
NICOSIA
ISTANBUL
NAIROBI
JOHANNESBURG
TEL AVIV



ו' תמוז, תשי"ג
19.6.53

לכבוד
מר י. פיגנבוים
מזכיר המשלחת העממית של עסקני
ההסתדרות לישראל
ניו יורק

מר פיגנבוים היקר,

עם צאת משלחתכם החמישית לבקור בישראל
וסיור בארצות אירופה, שלוחה לכם ברכתנו הלבבית
לדרך צלחה.

כבוד מיוחד הוא לנו להסיע את משלחתכם
הנכבדה והננו אסירי תודה לכם על הזדמנות זו לשרתכם.

היו בטוחים כי נעשה כמיטב יכלתינו
להבטיח לכם טיסה נעימה.

צאתכם לשלום ובואכם לשלום.

בברכה,

יהודה קופל

יהודה קופל
מנהל אל-על באמריקה

LUXURY CONSTELLATIONS . . . AMERICA . . . EUROPE . . . ISRAEL . . . AFRICA



# National Committee for Labor Israel

AFFILIATED WITH
HISTADRUT HAOVDIM IN ISRAEL

נאציאנאלער קאמיטעט פאר דער הסתדרות אין ישראל

EAST 67th STREET • REgent 4-6010 • NEW YORK 21, N. Y.



## מיט דער פינפטער פאָלקס דעלעגאַציע באַגריסונג

יעדע אידייע דאַרף האָבן אירע פּיאָנערן און עקשנותדיקע פאַרווירקלעכער. גלייך נאָך דער אנטשטייאונג פון דער אידישער מדינה, ווען עס איז נאָך ניט פאַר אַלעמען געווען קלאָר וואָס פאַר אַ ראָל וועט טוריסטיק בכלל און אָרגאַניזירטע טוריסטיק בפרט שפּילן אין דער עקאָנאָמיק פון מדינת ישראל. האָט חבר י. פײַגענבוים, דער דירעקטאָר פון דער ציוניסטישער אַרבעטער דיוויזיע אין ניו יאָרק, פאָרגעשלאָגן די אידייע פון אָרגאַניזירן טורס קיין ישראל. דער טור זאָל באַשטיין פון וויכטיקע הסתדרות קאַמפּיין טוער, איבער דער לענג און דער ברייט פון די אַמעריקעס און וואָס האָבן יאָרן לאַנג געגאַרט צו זען דאָס לאַנד פון זייערע חלומות.

חבר י. פײַגענבוים איז פון דער נאַטור אַ חלוץ און האָט אויך די טבע זיך פאַר'עקשנען אין דורכפירן אידייען, ווען אַפילו זיי ווערן באַגעגנט מיט פּעסימיזם און אָפּטמאָל מיט שפּאָט. די אָנפירונג פון הסתדרות קאַמפּיין האָט חבר פײַגענבוים'ס פאָרשלאַג אַקצעפּטירט און אַזוי אַרום איז מיט 5 יאָר צוריק אָרגאַניזירט געוואָרן די ערשטע הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע קיין ישראל און אַזוי פלעגן יאָר איין און יאָר אויס אָרגאַניזירט ווערן טורס פון הסתדרות טוער און פרײַנט וואָס פאָרן ניט ווי מרגלים, בלויז אויפבאַפן די שאָטן זײַטן נאָר ווי פרײַנט און חברים וואָס האָבן יאָרן לאַנג געגאַרט צו זען די פּרוכט פון זייער אַרבעט.

די הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציעס איז שוין געוואָרן אַ שם דבר. זיי ווערן אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס פון אַלע רעגירונגס אַנשטאַלטן און רעגירונגס פאָרשטייער אין ישראל. בעת דער אויפנאַמע פון דער 4טער פאָלקס דעלעגאַציע, ביים פּרעמיער דוד בן־גוריון, האָט דער פּרעמיער זייער שטאַרק געלויבט די דאָזיקע אָרגאַניזירטע טורס פון הסתדרות קאַמפּיין, און האָט זיך זייער אויפמערקזאַם צוגעהערט צו די נײַע פּלענער און אידייען וואָס חבר פײַגענבוים האָט פאַר אים פאָרגעבראַכט בעת דעם דאָזיקן שמועס. די ישראל פּרעסע, די הסתדרות אַנשטאַלטן גיבן אַ סך אויפמערקזאַמקייט אונזער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציעס, זיי ווערן אויפן וועג אויך זייער וואַרעם אויפגענומען, מצד דער לייבאָר פּאַרטיי אין ענגלאַנד, מצד די ישראל און די אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָרן אין ענגלאַנד און אין פראַנקרייך, די חברים און חברות וועלכע זענען געפאָרן מיט די פאָלקס דעלעגאַציעס האָבן געהאַט אַ גײַסטיקן נחת־רוח און אויך די מעגלעכקייט אין גאַנצע 100 פּראָצענט צו באַזוכן און זען אַלעס וואָס עס איז ווערט צו זען אין מדינת ישראל.

די איצטיקע 5טע פאָלקס דעלעגאַציע וואָס פאָרט אונטער דעם פאָרזיץ פון דעם זייער איבערגעבענעם חבר און באַוואוסטן עסקן, אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ, איז געווידמעט 40 יאָר עקזיסטענץ פון אידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, די אינסטיטוציע וועלכע איז געווען איינע פון די מיטגרינדער פון געווערקשאַפטן קאַמפּיין אין אַמעריקע. דאָס גיט דער 5טער פאָלקס דעלעגאַציע צו אַ באַזונדער חשיבות. מיר זײַנען זיכער, אַז זיי וועלן זייער האַרציק און וואַרעם אויפגענומען ווערן סײַ אין די אייראָפּײאישע הויפּט שטעט און סײַ אין מדינת ישראל. מיר ווינטשן דער גאַנצער פאָלקס־דעלעגאַציע, איר פאָרזיצער אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ און דעם אונדערמידלעכן פּיאָנער חבר י. פײַגענבוים, אַ גליקלעכע רייזע און אַ דערפאָלגרייכן טור.

ישראל סטאָלאַרסקי
נאַציאָנאַלער געהילפס־סעקרעטאַר

*"As a citizen of Israel, I am proud that we have such a Histadrut."*—David Ben Gurion

• **ABE STEIN,** Philadelphia. Born in Rumania. Member of the Executive Board of the International Ladies Garment Workers Union and a Vice-President of the Boslover Ahavas Achim Belzer Association. He is also a friend and co-worker of the Histadrut Campaign.



• **אייב שטיין,** פילאַדעלפיא. געבוירן אין רומעניע. מיטגליד אין עקזעקוטיוו באָארד פון אינטערנעשאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואוירקערס יוניאָן און וויס־פּרעזידענט פון דער באָסלאָווער בעלזער אסאָסיאיישאָן. איז אַ פריינט און אַקטיווער מיטאַרבעטער אין הסתדרות קאַמפּיין.

## VIRGINIA

• **CYPRA SHUFFMAN,** Richmond. Born in Russia. A Hebrew teacher by profession. Chavera Shuffman was a halutza in Israel for many years and came to the United States in 1936. Chavera Shuffman is a very active, prominent worker for the Histadrut as well as in other fund-raising organizations for Israel. Chaver Shuffman is also an outstanding devoted worker in the Labor Zionist movement for many years.



## ווירדזשיניא

• **צפּורה שאפּמאַן,** ריטשמאָנד. געבוירן אין רוסלאַנד. פון פאַך אַ העברעאישע לערערין. פאַר אַ לאַנגער צייט געווען אַ חלוצה אין ישראל און אין 1936 געקומען קיין אַמעריקע און פאַר אַלע יאָרן אַקטיוו אין דער וויכטיקער אַרבעט פאַר דער הסתדרות, ווי בכלל אין די פאָנדן פאַר ישראל. צוזאַמען מיט איר איז אויך זייער אַקטיוו איר מאַן, פיליפּ שאַפּמאַן, וועלכער איז אַ לאַנג־יעריקער אַקטיווער טוער אין דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג.

## WISCONSIN

• **JACK and MINNIE FUTTERMAN,** Milwaukee. Born in Poland. Very active in the Labor Zionist movement for many years, and in every drive that takes place in the community such as the Jewish Welfare Fund, Jewish National Fund, Bonds, etc. Chaver Futterman is a very outstanding worker in all Jewish communal activities in Milwaukee. Chavera Futterman was Chairman of Pioneer Women's Club 1 for many years. Chaver and Chavera Futterman have both worked very diligently in helping carry out various projects successfully in Israel.



## וויסקאַנסין

• **דזשעק און מיני פוטערמאַן,** מילוואָקי. געבוירן אין פוילן. פאַר לאַנגע יאָרן אַקטיוו אין דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג ווי בכלל אין דער וויכטיקער אַרבעט פאַר די וועלפער פאָנדן, נאַציאָנאַל פאָנד, און באָנדס. חבר פוטערמאַן איז זייער אָנגעזען אין דעם עפנטלעכן אידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין מילוואָקי. מיני פוטערמאַן איז פאַר אַ סך יאָרן געווען די פּאָרזיצערין פון קלוב איינס, פּיאָנערן פרויען, ווי אויך די פאָרזיצערן פון דע ספּעציעלן נאַציאָנאַל פאָנד פּראָיעקט. די פוטערמאַנס האָבן אַ סך פאַרדינסטן אין מיטהעלפן זייער דערפאָלגרייך, באַזונדערס אין אַ צאָל פּראָיעקטן פאַר דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג און פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע אין ישראל.



• **SHIFRA FLEEKOP,** Philadelphia. Born in Russia. Active worker in various Folk Organizations and a devoted Zionist for many years. She is one of the best workers in the Histadrut Campaign.



• **שפרה פליקאפ,** פילאדעלפיא. געבוירן אין רוסלאנד. א לאנג-יעריקע איבערגעגעבענע טוערין פאר דער ציוניסטישער ארבעט צווישן די פאלקס ארגאניזאציעס. איינע פון די אקטיווסטע מיטארבעטערינס פארן הסתדרות קאמפיין.

• **NETTIE KOSTINER,** Pottstown. Born in Rumania. For many years, Nettie Kostiner has been active in social organizations, especially in Women's Organizations. She is a member in the L.Z.O.A.—Kensington group, Philadelphia, and also active in other organizations which support and work for the benefit of our people in Israel.



• **נעטי קאסטינער,** פאטסטאון. געבוירן אין רומעניע. א לאנג יעריקע חברה אין דער פועלי ציון פארטיי פון דער קענסינגטאן גרופע. זייער אקטיוו און איבערגעגעבן אין דער ארבעט צווישן די פרויען ארגאניזאציעס, באזונדערס פאר די אקטיווע טעטיקייטן פאר ישראל.

• **MAX SEGAL,** Philadelphia. Born in Russia. Manager of the Dress Presser's International Ladies Garment Workers Union, Vice-President of the Jewish Labor Committee and one of the leaders of our Trade Union Division for the of the Trade Union Division for the Histadrut. He is also a very active, hard worker in soliciting funds for the Histadrut Campaign and is one of the first canvassers for Histadrut. For many years, he has been a friend of Labor Zionism.



• **מאקס סיגאל,** פילאדעלפיא. געבוירן אין רוסלאנד. מענעדזשער פון דרעס פרעסערס אינטערנעשאנאל לײדיס גארמענט װאורקערס יוניאן. װיצע-פרעזידענט פון אידישן ארבעטער קאמיטעט און אײנער פון די הױפּט פירער אין דער טרײד יוניאן דיוויזיע פאר דער הסתדרות. מאקס סיגאל איז אײנער פון די ענערגישסטע זאמלער פאר דעם הסתדרות קאמפיין און פאר לאנגע יארן א פריינט פון ארבעטער ציוניזם.

• **BEN and BESSIE SILVER,** Philadelphia. Born in Rumania. Chaver B. Silver is Chairman of the City Committee of Farband-Labor Zionist Order; Chairman of the Labor Zionist Division of the Histadrut Campaign and Chairman of the local Labor Zionist Committee for Israel Bonds. He is also very active in the Poale Zion Organization, National Fund and other national, cultural activities in Jewish communal life. Bessie Silver, who is accompanying Chaver Silver, helps him in every conceivable way, in his arduous work. Chaver and Chavera Silver have dreamed for many years of visiting Israel, and now their opportunity has finally come.



• **בען און בעסי סילווער,** פילאדעלפיא. געבוירן אין רומעניע. חבר ב. סילווער איז פארזיצער פון שטאט קאמיטעט פון אידיש-נאציאנאלן ארבעטער פארבאנד; פארזיצער פון דער ציוניסטישער ארבעטער דיוויזיע ביי דעם הסתדרות קאמפיין און פארזיצער פון לאקאלן ציוניסטישן ארבעטער קאמיטעט פאר ישראל באנדס. ער איז טעטיק אין דער פועלי ציון פארטיי, אין נאציאנאל פאנד און אויף אנדערע געביטן אין שייכות מיט דער נאציאנאלער און קולטורעלער טעטיקייט אין אידישן געזעלשאפטלעכן לעבן. אין אט די אלע ארבעטן העלפט אים ארויס מיט ראט און טאט זיין לעבנס-באגלייטערן, חברה בעסי סילווער, וועלכע פארט מיט אים צוזאמען קיין ישראל. חבר און חברה סילווער האבן יארן לאנג געחלומט צו באזוכן מדינת ישראל און ענדלעך ווערט זייער חלום פארווירקלעכט.

